דר. חיים זשיטלאָווסקי

# געזאמעלטע שריפטען

פיערטער באנד

יובילעאום אויסגאבע
ניו יאָרק.

# אינהאַלט:

# נאַציאָנאַליטעט און פּראָגרעס*)

זינט פריעדריך ענגעלס איז געשטאָרבען האָט די מארקסיסטישע ליטעראַטור אין דייטשלאַנד ניט בעקומען אזא רייכען צואוואקס, ווי דורך דאָס בוך „די נאַציאָנאַליטעטענפראַגע און די סאָציאַלדעמאָקראַטיע" פון אָטטאָ בויער. **)

אָטטאָ בויער געהערט צו יענער גרופּע פון יונגע מארקסיסטישע פאָרשער, וואָס האָבען אין זייער יוגענד איבערגעלעבט דעם קריטישען שטורם־אָנפאַל פון בערנשטיין און זיינע חברים און האָבען איבערגעארבייט די גרונד־פּרינציפּען פון דעם מארקסיסטישען סאָציאַליזם לויט די פאָדערונגען פון דעם פילאָסאָפישען פּראָגרעס פון דער איצטיגער צייט. א סך „הייליגע" יסודות פון דעם אַלטען מארקסיזם האָבען זיי געמוזט ארויסוואַרפען איבערן באָרט. במעט די גאַנצע מאַטעריאַליסטישע נאַטור־פילאָסאָפיע פון מארקס און ענגעלס איז דערביי פערלאָרען געגאַנגען. די אַלטע געדאַנקען וועגען די גרונד־פּרינציפּען פון דער מענשליכער ערקענטניס זיינען שטארק פערענדערט געוואָרען. געבליבען איז דער הויפּט־רעיון פון דער מארקסיסטישער מעטהאָדע, אז אַלץ, וואָס קומט פאָר אין דער מענשליכער וועלט, מוז, סוף כל סוף, צוריקגעפיהרט ווערען צו היסטאָרישע פּראָצעסען, וואָס שפּיעלען זיך אָב אין דער מענשליכער געזעלשאַפט, און אז אַלע היסטאָרישע פּראָצעסען זיינען אין דער אונטערסטער שורה א פּראָדוקט פון יענע קרעפטען, וואָס זיי פערדאַנקט דער מענש זיין הערשאַפט איבער דער נאַטור, דאָס

*) פעברואַר, 1909.

**) אָטטאָ בויער, די נאַציאָנאַליטעטען־פראַגע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וויען 1907. (מאַרקס־שטודיען, בלעטער צור טעאָריע אונד פּאָליטיק דעס וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס, הערויסגעגעבען פאָן דר. מאַקס אַדלער אונד דר. רודאָלף הילפערדינג, בד. 2).

ת׳ייסט, קודם כל, די קרעפטען, וואָס בעשאַפען דעם עקאָנאָמישען פּראָצעס. געבליבען איז אויך דער רעוואָלוציאָנערער אינהאַלט פון דעם מאַרקסיזם, דער קלאַסען־קאַמפּף־פּרינציפּ און דער קאָלעקטי־וויסטישער ענד־ציעל.

בעוואָפענט מיט דעם גרונד־געדאַנק פון דער מאַרקסיסטישער פאָרשונגס־מעטהאָדע, איז ב ו י ע ר צוגעטראָטען צו דעם וויכ־טיגסטען פּראָבלעם פון אונזער צייט, — דער נאַציאָנאַליטעטען־פראַגע, און ער גיט זיך מיט איהר אָב אין אַ בוך פון כמעט 600 זייטען. די רעזולטאַטען, צו וועלכע בויער איז געקומען אין זיינע טהעאָרעטישע אונטערזוכונגען, זיינען ניט אַלע ניי אין דער סאָציאַ־ליסטישער ליטעראַטור. מיט אַ יאָהר צעהן־צוועלף צוריק זיינען זיי ארויסגעזאָגט געוואָרען אין יענעם קרייז עסטעררייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וואָס צו איהם געהערט בויער. *) ניי איז ביי איהם דאָס פלייסען זיך צו בעפרייען יענע טהעאָרעטישע רעזולטאַטען פון דעם אַנטי־מאַרקסיסטישען גיפט, מיט וועלכען זיי זיינען געווען דורכגעדרונגען; ניי זיינען אייניצעלנע גדאנקען און בעמערקונגען, וועלכע בויער וואַרפט צום ערשטען מאָל אריין אין דער דיסקוסיאָן. אָבער וויכטיגער און אינטערעסאַנטער פאַר אַלץ איז דער גרויסער אוצר פון פאַקטען און אייניצעל־פאָרשונגען, וואָס מיט זיי האָט בויער בעלויכטען די גרונד־טהעזען, פאַר וועלכע ער שטעלט זיך איין.

אָבגעבען אַ קלאָרען דין וחשבון וועגען אַלע טהיילען פון בויער׳ס בוך, וואָס איז אַזוי ווארעם און מיט אַזא כבוד אויפגענומען געוואָרען פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור, איז אַן ארבייט, וואָס מיר קאָנען ליידער ניט מאַכען אויף איין מאָל. אייניצעלנע חלוקי־דעות צווישען איהם און ק ו י ט ס ק י קאָן דער לעזער געפינען אין זייערע ביידענס ארטיקלען וועגען דעם בוך, וואָס זיינען אָבגעדרוקט געוועזן אין דער דייטשער „נייער צייט“. דעם מאַרקסיס־טישען גרונד־פעהלער, וואָס שטעקט אין זיין פאָרשונגס־מעטהאָדע, און די אַלע אַנדערע גרייזען, וואָס פליעסען פון איהם, האָב איך געפּרואווט בעלייכטען אין מיין פאָררעדע צו דער רוסישער איבער־

*) דער לעזער קאָן בעקאַנט ווערען מיט זיי דורך מיין אַרבייט: „דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע“.

זעצונג פון בויער׳ס בוך. דאָ וויל איך בעקאַנט מאַכען דעם אידישען לעזער מיט אַ פּאָר פון יענע געדאַנקען בויער׳ס, וואָס איך רעכען פאַר ריכטיגע (ווען אפילו ניט אין אַלע איינצעלנע פּרטים) און אויף וועלכע איך קוק, ווי אויף אַ פרוכטבאַרע בערייכערונג פון דער איצטיגער נאַציאָנאַליטעטען-טהעאָריע.

זיי דרעהען זיך אַרום דער פראַגע וועגען נאַציאָנאַליטעט און פּראָגרעס.

פון יוגענד אָן האָט אונז דער קאָסמאָפּאָליטיזם איינגעוויעגט אין דעם געדאַנק, אַז דער גרעסטער פיינד פון נאַציאָנאַליטעט איז דער אַלגעמיין מענשליכער פּראָגרעס. וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך דער פּראָגרעס, וואָס מעהר עס וואַקסען אָן ציוויליזאַציאָן און בילדונג, וואָס טיעפער זיי דרינגען אַריין אין אַ פאָלק, אַלץ מעהר און מעהר פערשווינדען די נאַציאָנאַלע פערשיידענקייטען. סוף כל סוף מוז דער אַלגעמיין-מענשליכער פּראָגרעס אויסגלייכען אַלע אונטערשיידען פון פאָלק צו פאָלק, און די נאַציאָנען וועלען פערשווינדען.

אָבער איידער מיר געהען איבער צו בויער׳ס געדאַנקען וועגען דעם ענין, וועלען מיר דאָ מאַכען אַ פּאָר אייגענע בעמערקונגען, וואָס וועלען, ווי מיר דוכט, אביסעל קלאָרער אַוועקשטעלען די שאלה.

די דערקלערונג, פאַר וואָס דאָס מוז אַזוי זיין, איז געווען אַ צווייפאַכע. פריהער האָט דער יונגער קאָסמאָפּאָליטיזם געגלויבט, אין דער אַלמעכטיגקייט פון דעם מענשליכען שכל, וואָס וועט אויסגעפינען פאַר אַלע נאַציאָנען דעם בעסטען תירוץ אויף אַלע שאלות פון דעם מענשליכען לעבען און פון דעם מענשליכען געדאַנק. אויב דער מענשליכער שכל איז באמת אַזוי אַלמאַכטיג, יעמאָלט איז קלאָר, אַז די נאַציאָנאַלע פערשיידענקייטען האָבען ניט קיין רעכט און ניט קיין קראַפט צו עקזיסטירען לאַנג אויף דער וועלט. זעהען מיר ערגעץ-וואו אַ נאַציאָנאַלען אונטערשייד, וואָס טהיילט אָב איין פאָלק פון דעם אַנדער פאָלק, האָבען מיר אַ רעכט צוצוגעהן צו איהם מיט דעם ממה נפשך: שטימסטו איין מיט דעם אַלגעמיין-מענשליכען שכל, ביזטו דער קליגסטער ענטפער אויף וועלכער עס איז שאלה פון דעם מענשליכען לעבען, יעמאָלט וועסטו ניט לאַנג

בלייבען אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר אונטערשייד: דער שכל וועט צווינגען אַלע פעלקער אָנצונעהמען דיין ענטפער, און דו וועסט ניט זיין קיין „אתה בחרתנו". געהסטו אָבער להיפך צו דעם אַלגעמיין־מענשליכען שכל, יעמאָלט וועסטו איבערהויפּט ניט זיין לאַנג אויף דער וועלט, מחמת די שטראַהלען פון דעם שכל'דיגען פּראָגרעס וועלען אַריינדרינגען אין אַלע טונקעלע ווינקעלעך פון דעם פאָלקס־לעבען און וועלען דיך פערטרייבען מיט שפּאָט און שאַנד.

די צווייטע דערקלעהרונג האָט שוין וועניגער געבויט אויף דעם אַלגעמיין־מענשליכען שכל. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלע נאַציאָנאַלע אונטערשיידען, און אויך אַלץ, וואָס ווערט בעשאַפען פון דעם מענשען, ווי אַ פּראָדוקט פון דער ארומיגער סביבה, וואָס ווירקט אויף איהם, און בפרט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדען, אין וועלכע ער געפינט זיך. דעם מענשענ'ס נשמה און דעם פאָלקס־נשמה איז ווי אַ מין שוואַרצע ברעט אויפ'ן וואַנד, און די עקאָנאָמישע סביבה, דער בעל־הבית פון לעבען, איז ווי דער לעהרער, וואָס שרייבט אויף דעם ברעט מיט קרייד. זיינען די עקאָנאָמישע אומשטענדען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען נויטיג געמאַכט פאַר דער מענשהייט די צו־טהיילונג פון דער געזעלשאַפט אין הערען און קנעכט, איז געקומען דער בעל־הבית פון לעבען און האָט געשריעבען מיט קרייד אויפ'ן ברעט יענע אידעען און אידעאַלען, וואָס האָבען געפּאַסט צו יענער צייט. האָבען זיך די עקאָנאָמישע אומשטענדען איבערגעביטען, ווי באַלד עס איז געקומען אַ נייער רבי אויפ'ן לעבען, האָט דער נייער רבי תיכף איינגעטונקט דעם גרויסען שוואָם אין דעם גרויסען רעוואָלוציאָנס־עמער, האָט געמאַכט מיט דעם געשריפטס אויפ'ן ברעט דאָס, וואָס די דייטשען רופען „שוואַם דריבער", האָט זי אָבגערייניגט און געשריעבען דערויף מיט קרייד זיין תורה. די בעלי־בתים פון דעם לעבען ביז צו דעם קאַפּיטאַליזם האָבען געשריעבען אויפ'ן ברעט די צושפּאַלטענקייט פון דער מענשהייט אין איינצעלנע פעלקער און נאַציאָנען. דער קאַפּיטאַליזם, מיט זיין וועלט־מאַרק, מיט זיין אויסגעבעסערטער טעכניק, מיט די אייזענבאַהנען און דאַמפּפשיפען, וואָס פערבינדען איין פאָלק מיט דעם אַנדערען, האָט גענומען אָבמעקען די נאַציאָנאַלע פערשיידענקייטען. באַלד וועט קומען דער סאָציאַליזם, דער לעצטער און בעסטער רבי פון דער וועלט. ער וועט אויסגלייכען די לעבענס־בעדינגונגען פון דער גאַנצער

מענשהייט און וועט מאַכען דעם ראַדיקאַלסטען „שוואַם דריבער" אויף אַלע נאַציאָנאַלע בעזונדערקייטען.

לויט די צוויי דערקלערונגען האָט מען בעדאַרפט דערוואַרטען, אַז אין דעם משך פון דעם 19טען יאָהרהונדערט וועלען די נאַציאָנאַלע פערשיידענקייטען אַלץ מעהר און מעהר זיך אויסגלייכען און אַז די קראַפט צו אַ נאַציאָנאַלען בעזונדער־זיין אויף דער וועלט וועט, וואָס ווייטער, אַלץ מעהר און מעהר פערשווינדען. דאָס נייענצעהנטע יאָהרהונדערט האָט געוויס אַנגעזאַמעלט ניט ווענינ פאַקטען, וואָס פּאַסען צו דעם קאָסמאָפּאָליטישען געדאַנק. אָבער דאָס לעבען האָט זיי אַרויסגעבראַכט מיט אַ קליינער פערענדערונג, ניט אַזוי, ווי דאָס וואָלט בעדאַרפט אַרויסקומען לויט דעם קאָסמאָפּאָלימישען חשבון. דאָס לעבען פון די ציוויליזירטע פעלקער האָט זיך זעהר שטאַרק אויסגעגליכען אין יענע פעלדער און צווייגען פון דער מענשליכער קולטור, וואו די לעבענס־נויט און איהר בעפריעדיגונג ליעגען אַזוי קלאָר אויף דער האַנד, ווי די נויט און די בעפריעדיגונג אין עסען, טרינקען, אַרבייטען, פּראָדוצירען סחורות, אויספאָרשען די נאַטור, איינפיהרען פּאָליטישע און סאָציאַלע געזעצען. קוים אָבער איז די לעבענס־נויט געוועזן אַ העכערע, קוים האָט זי אַנגעריהרט די פראַגען פון פּאָעזיע, קונסט, רעליגיאָן, פילאָסאָפיע און נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ, — אַזוי האָט די אויסגלייכונג אויפ'ן שטעל פערלאָרען איהר קראַפט, און, אַנשטאָט איהר, בעמערקען מיר אומעטום נאָך אַ שאַרפערע אויסבילדונג פון דעם נאַציאָנאַלען כאַראַקטער אין אַלע פּראָדוקטען פון דער העכערער קולטור, אַ נאָך בולט'ערע זעלבסטשטענדיגקייט פון די נאַציאָנען, אַ נאָך קלאָרערען נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין, און — נאָר אומגעריכטערהייד — אַן אויפגעוועקטען שטרעבען צו נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט ביי יענע פעלקער, וואָס זיינען געלעגען פערשקלאַפטע, פער'חלש'טע אונטער די פיס פון אַ וועלכער עס איז הערשענדער נאַציאָן. וואָס מעהר דער פּראָגרעס און די ציוויליזאַציאָן האָבען גענומען אַריינדרינגען אין די ברייטע מאַסען, אַלץ שטאַרקער האָט זיך גענומען אויסבילדען זייער נאַציאָנאַליטעט.

ווי איז דאָס צו דערקלערען? וואו איז געלעגען דיער טעות פון דער קאָסמאָפּאָליטישער געשיכטס־פילאָסאָפיע?

וואָס איז שייך צו דער „אַלמאַכט" פון דעם מענשליכען שכל

און דער אויסגלייכענדער קראַפט פון דעם „בעסטען תירוץ", איז ניט שווער צו געפינען דעם טעות. דער שכל האָט ניט די קראַפט אויסצוגעפינען אויף אַ ל ע פעלדער פון דער קולטור אַזעלכע ענט־פערס, וואָס זאָלען זיין אַ „מוז" פאַר יעדען דענקענדען מענש. פאַר־ראַן פעלדער פון דער קולטור, וואו פערשיידענע נאַציאָנען ברענגען אַרויס פ ע ר ש י י ד ע נ ע ענטפערס, וואָס האָבען אָבער אַ ג ל י י כ ע ן ו ו ע ר ט ה פאַר דער מענשהייט, און מיט קיין לאָגיק, מיט קיין וויסענשאַפט וועט מען ניט קאָנען בעווייזען, פאַר וואָס איין ענטפער זאָל שטעהן העכער, איידער דער אַנדערער.

דער טיפּ פון אַזעלכע קולטור־פעלדער איז די ש פּ ר אַ ך. איך זעה איצטער פאַר מיר אַ חפץ, אויף וועלכען עס שטעהט מיין טינטער און עס ליעגט מיין שרייב־פּאַפּיער. ווי זאָל מען דעם חפץ אָנרופען: „טיש"? „סטאָל"? אָדער „שלחן"? וואָס איז דער ב ע ס ט ע ר , דער ריכטיגסטער, דער „אַלגעמיין־מענשליכער" ענטפער אויף דער שאלה? וואָלט מען מיך געפרעגט, וואָלט איך אין שפּאַס געענטפערט: „טיש", מחמת „טיש" האָט די מעלה, וואָס מען פערשטעהט אויפ'ן שטעל דעם טייטש דערפון, בעת ביי „סטאָל" און „שלחן" דאַרף מען נאָך פריהער אויס־שטודירען, וואָס איז זייער „טייטש". אָבער דעם זעל־ביגען שפּאַס קאָן זיך געוויס אויך ערלויבען דער רוס מיט זיין „סטאָל" און דער העברעער מיט זיין „שלחן". און לעגט מען אַוועק דעם שפּאַס אָן אַ זייט, זעהט מען באַלד קלאָר איין, אַז אַלע דריי ענטפערס זיינען גלייך גוט און גלייך אָנגעמאָסטען אָן דעם אַל־געמיין־מענשליכען שכל.

אין דער זעלביגער לאַגע, ווען אפילו ניט גאַנץ אין דער זעלבי־גער מדרגה, ווי די שפּראַך, געפינען זיך אַלע העכערע פעלדער פון דער קולטור, וואו די פראַגען קאָנען ניט פערענטפערט ווערען מיט מאַטעמאַטיק, לאָגיק און נאַטור־וויסענשאַפט. וועלכע בייראָנישע פּאָעזיע איז בעסער: די, וואָס ב י י ר אָ ן האָט אַרויסגעבראַכט אין ענגלאַנד, אָדער די, וואָס ג ע ט ה ע האָט בעשאַפען פאַר דייטשלאַנד, אָדער די וואָס פּ ו ש ק י ן און ל ע ר מ אָ נ ט אָ ו ו האָבען אויסגעדריקט אין רוסלאַנד, אָדער אפשר די, וואָס אַ ל פ ר ע ד ד ע מ י ו ס ע האָט געדיכטעט אין פראַנקרייך? קיינע פון זיי איז די בעסערע. דער אַלגעמיין־מענשליכער „בייראָ־

ניזם" האָט זיך ביי יעדען פאָלק אויסגעדריקט אויף א בעזונדער, נ א צ י אָ נ א ל ע ן אופן, וועלכען נאָר אָט ד אָ ס פאָלק האָט געקאָנט בעשאפען, און קיין אנדער פאָלק אויף דער וועלט. און די זעלביגע זאך איז מיט אלע אנדערע „איזמען", וואָס שטייגען אריבער די גרענעצען פון ריינער לאָגיק און מאטעמאטישע נאטורוויסענשאפט.

ס'פערשטעהט זיך, אז כל זמן א פאָלק שטעהט אויף א ניעדעריגערער קולטור־מדרגה, כל זמן עס אינטערעסירען איהם נאָר די גראָב מאטעריעלע זייטען פון דעם לעבען, קאָנען אלע אנדערע נאַציאָנאַלע פערשיידענקייטען פערשווינדען, א ח ו ץ ד י פ ע ר ש י י ד ע נ ק י י ט פ ו ן ד י ש פ ר א כ ע ן. אָבער ווי נאָר א פאָלק הויבט אָן צו שטייגען פון מדרגה צו מדרגה אין דער קולטור, ווי נאָר די העכערע פעלדער פון דעם גייסטיגען לעבען הויבען אָן שפּיעלען א וויכטיגערע ראָלע, אזוי הערט אויף די גלייכמאכענדיגע קראפט פון דעם אלגעמיין־מענשליכען שכל, אזוי הויבען אָן זייער שפּיעל די פערשיידענארטיגע קרעפטען פון דעם נאַציאָנאַלען בעשאפען.

דער נאָר־וואָס אויסגעפיהרטער געדאנקען־גאנג, וואָס זוכט אויסצוגעפינען די גרענעצען פון דעם אלגעמיין־מענשליכען און דעם נאַציאָנאַלען בעשאפען געהערט, ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, נים אָ ט ט אָ ב ו י ע ר. איהם אינטערעסירט מעהר די צווייטע זייט פון דער פראגע. ווי יעדער מארקסיסט, גלויבט בויער אין דער אויבערמאכט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדען און דער דרויסענדיגער סביבה בכלל. אָבער אויב סביבה, ובפרט די עקאָנאָמישע, שפּיעלט די הויפט־ראָלע אין דער געשיכטע, היינט ווי אזוי איז דאָס צו דערקלעהרען, וואָס מיט דעם שטענדיג וואקסענדען אויסגלייך פון די עקאָנאָמישע פּראָצעסען ביי דער ציוויליזירטער מענשהייט, הערען די נאַציאָנאַלע פערשיידענקייטען נים נאָר ניט אויף, נאָר, אדרבא, זיי פערמעהרען זיך און פערשטארקען זיך און רופען ארויס אלע נייע און נייע נאַציאָנאַלע אינטערעסען און בעוועגונגען?

דעם ענטפער אויף דער שאלה גיט ער אין זיין טעאָריע פון דער נ א צ י אָ נ א ל ע ר א פּ פּ ע ר צ ע פּ צ י ע. ליידער זיינען זיינע געדאנקען וועגען דעם פונקט פונאנדערגעוואָרפען איבער דאָס

גאַנצע בוך און ניט סיסטעמאַטיש אויסגעאַרבייטעט, אָבער פון די צואווּאָרפענע שטעלען קאָן מען ארויסטראָגען א גאַנץ קלאָר בילד פון דעם, וואָס ער וויל זאָגען.

דעם אויסדרוק „אַפּפּערצעפּציאָן", וואָס ווערט געברויכט ביי פערשיידענע פילאָסאָפישע שוהלען אין פערשיידענע אויסטייטשונגען, נעהמט בויער אריבער, אויב איך האָב ניט קיין טעות, פון הערבארט'ס פּסיכאָלאָגישער שוהלע. דאָרטען האָט דאָס וואָרט דעם טייטש: דאָס אריינגעהמען נייע איינדרוקען אין בעוואוסטזיין און דאָס צונויפגיעסען די נייע איינדרוקען מיט די, וואָס זיינען שוין פון פריהער געווען דאָרטען.

געפינען זיך אין בעוואוסטזיין וועלכע עס איז עלעמענטען, קאָן מען עס שוין ניט אָנרופען א לעדיג בלאַט פּאַפּיער, אָדער א ברעט, אויף וועלכע די דרויסענדיגע וועלט שרייבט מיט קרייד, וואָס זי וויל. יעדער נייער איינדרוק פון דרויסען מוז אויפגענומען ווערען פון יענעם מאַטעריאַל, וואָס איז שוין דאָ אין מח; ער מוז צוגע־פּאַסט ווערען צו דעם גאַנצען אוצר פון פאָרשטעלונגען, און, אין דעם פּראָצעס פון צופּאַסונג, פערליערט ער זיין פריהערדיגע פאָרם און בעקומט אָפטמאָל א גאַנץ אַנדער געשטאַלט. דאָס אייגענע, זאָגט בויער, איז אויך מיט א גאַנצער נאַציאָן. אויך א נאַציאָן האָט א גאַנצען אוצר פון פאָרשטעלונגען, און אויך זי נעהמט אריין יעדען נייעם איינדרוק פון דער דרויסענדיגער וועלט, אָדער נעהמט עפּעס איבער פון א פרעמדער נאַציאָן ניט גאַנץ אזוי, ווי עס איז אין דער דרויסענדיגער וועלט אָדער ביי דעם פרעמדען פאָלק. דער נייער עלעמענט מוז איבערגעאַרבייט ווערען, זיך צופּאַסען צו דעם אַלטען אוצר, ארויסשטופּען אָדער אָבשוואַכען די פאָרשטעלונגען, וואָס נעהען איהם להיפך, זיך צונויפגיעסען מיט די, וואָס זיינען נאָהענט צו איהם, איידער ער קאָן אריינגענומען ווערען אין דאָס בעוואוסט־זיין פון דעם פאָלק.

„אפשר קאָנען מיר דאָס בעסער פאַר אַלץ קלאָר מאַכען", זאָגט בויער, „מיט א ביישפּיעל פון אן איינצעלנעם אינדיווידואום. לאָמיר נעהמען צוויי דורכאויס פערשיידענע אינדיווידוען, פערשיי־דען לויט אָבשטאַמונג, ערציהונג, לויט דעם אָרט פון זייער פיהלען און לויט זייער וויסען. לאָמיר זיי לאָזען מאַכען אין איינעם א רייזע, אויף זיי זאָלען ווירקען די זעלביגע איינדריקע. בלי ספק וועלען זיי

אויף דער געמיינזאמער רייזע זעהן די זעלביגע זאכען, די זעלביגע לאנדשאפטען און די זעלביגע דענקמאלען פון דער קולטור. אבער זיינען זיי דעריבער געווארען די זעלביגע מענשען? בשום אופן ניט! ווייל אקוראט ווי דער מענשליכער ארגאניזם נעהמט ניט פשוט אויף די קערפערליכע שפייז, נאר ער ארבייט זי איבער, קאכט זי איבער, אזוי געהט אויך קיין נייע פארשטעלונג פון דרויסען ניט אריין אין דעם מענשליכען בעוואוסטזיין גאר אהן א שנוי. זי ווערט פון איהם איבערגעארבייט, איבערגעקאכט, א פ פ ע ר צ י פ י ר ט. דעריבער ווערען ביידע אינדיווידוען, וואס פאהרען אין איינעם, אמת, זעהן די זעלביגע זאכען און אריינגעהמען אין זיך די זעלביגע פארשטעלונגען. אבער, היות ווי דאס בעוואוסטזיין, וואס דארף אויפנעהמען און איבעראַרבייטען, איז ביי ביידען פון א גאנץ פערשיידענער ארט, וועלען די אויפגענומענע פארשטעלונגען אויף א גאנץ פערשיידענעם אופן איבערגעארבייט ווערען. איטליכער וועט פון דער נסיעה לערנען אנדערש, איטליכער וועט פון די געזעהענע זאכען בעמערקען עפעס אנדערש, אויף איטליכען וועלען דיזעלביגע פארשטעלונגען ווירקען אויף אן אנדער אופן. קוקט מען מעהר נישט ווי אויף דעם אינהאלט פון די ניי צוגעקומענע פארשטעלונגען, מעג מען אפשר זאגען, אז דער צוואוואקס צו זייער רייכטהום איז ביי ביידען כמעט דער אייגענער. אבער אין זיין ווירקען אויף דעם גאנצען בעוואוסטזיין, אויף דעם דענקען, פיהלען און וועלען איז ער לחלוטין פערשיידען. אזוי זעהט אויך אויס, ווען דער זעלביגער אינהאלט פון קולטור ווערט אויפגענומען פון פערשיידענע נאציאנען".*)

די דייטשע נאציאן האט אין דעם פערלויף פון יאהרהונדערטען אריבערגענומען קולטור־עלעמענטען פון די פערשיידענסטע נאציאנען. „די אלטע גערמאנען זיינען אין אנהויב געשטאנען אונטער דער שטארקער שליטה פון דער העכער ענטוויקעלטער קעלטישער קולטור און דערנאך אונטער דער ווירקונג פון דער רוימישער. דאס קריסטענטהום האט אריינגעבראכט אין איהר אריענטאלישע, גריכישע און רוימישע קולטור־עלעמענטען. אין דער צייט פון דעם פעאדאליזם איז די שליטה פון דער דרום־פראנצויזישער קולטור געווען גאר אויף א בעזונדער אופן שטארק; אין דער צייט פון די

*) אטטא בויער, ז. 47.

קרייץ־פאַהרער זיינען צוגעקומען איטאַליענישע און אָריענטאַלישע ווירקונגען, מיט דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן פון סחורות האָט געגומען ווירקען אויף דייטשלאַנד דער איטאַליענישער הומאַ־ניזם און די איטאַליענישע רענעסאַנס. אין די שפּעטערע יאָהרהונ־דערטען זעהט מען ווידער די שטאַרקע שליטה פון די פראַנצויזען. דאַס ווידער־אויפגעוואַכטע בירגערטהום שטעהט אונטער דער שליטה פון דער אַנטיקער קולטור, פון דער פראַנצויזישער, ענגלי־שער, ניעדערלענדישער וויסענשאַפט און קונסט. אין דעם נייענ־צעהנטען יאָהרהונדערט טהוען די פערשיידענסטע נאַציעס — נאַ־ציעס פון פרעמדע וועלט־טהיילען אפילו — פערמעהרען אונזער קולטור־רייכטהום, און, אויף להכעים צו דעם אַלעמען, איז פון אַ פערשווינדען פון אַ נאַציאָנאַלער אייגענער אַרט לגמרי אָבגערעדט! דאָס דערקלעהרט אונז די נאַציאָנאַלע אפּפּערצעפּציע: קיין נאַציע נעהמט ניט אויף קיין פרעמדע עלעמענטען אָהן אַ שנוי, איטליכע פּאַסט זיי צו צו זייער גאַנצען ז י י ן, צווינגט זיי, זיי זאָלען אין דעם פּראָצעס פון דעם אויפנעהמען גופא גייסטיג איבערגעקאָכט און פערענדערט ווערען. פראַנצויזישע קולטור־עלעמענטען זיינען אויפגענומען געוואָרען סאַי פון די דייטשען, סאַי פון די ענגלענדער. אָבער די פראַנצויזישע קולטור־עלעמענטען זיינען אין די קעפּ פון די ענגלענדער געוואָרען אַ גאַנץ אַנדער זאַך, איידער אין די קעפּ פון די דייטשען. א ו י ס ג ל י י כ ע ן ד י מ א ט ע ר י ע ל ע א י נ ה א ל ט ע ן פ ו ן ד ע ר ק ו ל ט ו ר ה י י ס ט ב ש ו ם א ו פ ן נ י ט א ָ ב ש א פ ע ן ד י ב ע ז ו נ ד ע ר ע נ א ַ־צ י א ָ נ א ַ ל ע א ַ ר ט; דאָס בעוואוסטזיין פון זיין אייגענער נאַציאָנאַלער אַרט איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי דייטליך ווי דוקא אין אונזערע טעג, און אין היינטיגע צייטען לערענט דאָך אַ נאַציאָן פון די אַנדערע נאַציאָנען בלי ספק אַ סך מעהר און שנעלער, איידער זי האָט דאָס געטהאָן ווען עס איז פריהער. *)

דערפון איז ממילא געדרונגען, אַז די דרויסענדיגע סביבה מעג זיך זיין, ווי פיעל זי וויל, די אייגענע פאַר אַלע נאַציאָנען: וויבאַלד די נאַציאָנען האָבען נאָר אַן אייגענעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין, אַן אייגענעם אוצר פון פאָרשטעלונגען, וועט זי שוין ממילא אין דעם

*) דאָרטען, ז. 157—158.

פּראָצעס פון דער נאַציאָנאַלער אַפּפּערצעפּציע איבערגעאַרבייט ווערען פון יעדער נאַציאָן אויף אַ פערשיידענעם אופן, און די נאַציאָנען מוזען בלייבען נאַציאָנען.

אַ צווייטער געדאַנק פון בויער, וואָס איז ענג פערבונדען מיט אונזער ענין, בעשטעהט אין דעם, וואָס ביי איהם, ווי ביי זיינע פאָרגעהער, פאַלט דער געדאַנק פון נאַציאָנאַליטעט כמעט אין גאַנצען צונויף מיט דעם געדאַנק פון קולטור און בילדונג. די נאַציאָנאַליטעט איז אַ געשיכטליכער פּראָצעס. זי וואַקסט מיט דעם וואַקסען פון קולטור און ציוויליזאַציאָן. די דייטשע נאַציאָנאַליטעט איז אויסגעוואַקסען פון דער דייטשער בילדונג, און בויער ווענדט אָן אַ סך מיה, כדי צו שילדערען אונז, ווי אַזוי די איצטיגע דייטשע נאַציאָנאַליטעט איז אויסגעוואַקסען אין איינעם מיט דער ענטוויקעלונג פון דער דייטשער שפּראַך און דער דייטשער קולטור, וואָס האָבען, לויט זיין מיינונג, אַרויסגעשפּראָצט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדען. נאָך אין דעם אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט איז ניט די גאַנצע אינטעליגענץ געווען דורכגענומען פון דער יונגער, נאָר־וואָס אויפבליהענדער, דייטשער קולטור, און דער אויפגעקלעהרטער פ ר י ע ד ר י ך דער צווייטער האָט נאָך געקאָנט זאָגען צו ג אָ ט ש ע ד ׳ ן: „איך האָב פון מיין יוגענד אָן קיינמאָל ניט געלייענט קיין דייטש בוך און רעד דייטש, ווי אַ קוטשער; איצט אָבער בין איך אַן אַלטער קערל פון זעקס־און־פערציג יאָהר און האָב מעהר קיין צייט ניט צו לערנען דייטש“.*) אָבער גראָד דאָס אַכטצעהנטע יאָהרהונדערט מיט זיין אויפקלעהרונג און מיט דער קלאַסישער פּאָעזיע האָט אוועקגעשטעלט די דייטשע קולטור אויף אַ זיכערען פונדאַמענט און דערמיט אויך אויף דורות בעשטימט דעם נאַציאָנאַלען כאַראַקטער פון די דייטשען.

„לאָז אַ וועלכער עס איז געבילדעטער פון אונזער צייט פּרואווען אויסמעקען פון זיין זכרון די ווירקונג פון אונזער קלאַסישער פּאָעזיע אויף דאָס ווערען פון זיין פּערזענליכקייט, אויסמעקען פון זכרון די שטונד, אין וועלכער דער אינגעל האָט צום ערשטען מאָל מיט גליהענדע באַקען געלייענט שיללער׳ס „רויבער“! אויס־

*) דאָרטען, ז. 75.

מעקען דעם טאָג, ווען דער אינגלינג האָט צום ערשטען מאָל מיט „פויסט'ען" פערטראַכט זיך וועגען די רעטענישען פון דער וועלט! ווען ער האָט זיך אין געפיהל צונויפגעגאָסען מיט „ווערטהער'ן", בעת דעם ערשטען וועה פון ליעבע! וואס אונזערע קלאסיקער האָבען געשאפען, דאָס האָט יעדער פון אונז פערזענליך איבערגעלעבט, דאָס איז געווארען אונזער אייגענס. און דאָס, וואָס האָט געהאָלפען שאַפען מיין זיין, האָט אויך געהאָלפען שאַפען דאָס זיין פון יעדען אנדער דייטש. אויף אזא'ן אופן בינדט אונז אלעמען ארום איין אונזיכטבארע באנד... מען דארף ריכטיג פערשטעהן. איך רעד דאָ ניט וועגען דער בעדייטונג, וואס די דייטשע קלאסישע פּאָעזיע האָט פאר אונזער נאציאָנאל־בעוואוסטזיין; אויך ניט מכח דעם, וואָס מיר דענקען פון לעסינג און שילער, און קאנט און געטהע, בעת דער שטאָלץ מיט דעם נאָמען „דייטש" קומט אונז צום בעוואוסטזיין. איך זאג דאָ, אז אונזער קלאסישע פּאָעזיע האָט געהאָלפען שמיעדען דעם איינהייטליכען כאראקטער פון דער דייטשער נאציאָן, ווייל יעדער איינצעלנער האָט זי דורכגעלעבט, ווייל זי האָט בעשטימט דעם גורל פון יעדען איינצעלנעם".

„און דיזעלביגע זאך, וואס מיט דער קלאסישער פּאָעזיע, איז אויך ניט ווענייגער מיט דער דייטשער אויפקלעהרונג. אפשר איז איהר ווירקונג א סך שטארקער גראָד דערפאַר, ווייל מיר זעהען זי ניט אזוי קלאָר ווי די ווירקונג פון דער דייטשער פּאָעזיע. און פון דעסטוועגען! ווער עס נעהמט נאָך היינטיגען טאג אין די הענד די ערשטע־בעסטע דייטשע צייטונג; ווער עס הערט די ערשטע־בעסטע דייטשע פרעדיגט, ווער עס הערט דעם ערשטען־בעסטען דייטשען דאָרף־שוהל־לעהרער — די צייטונג מעג זיין א סאָציאליסטישע, דער פרעדיגער אן ארטאָדאָקסער קאטאָליק און דער שוהל־לעהרער א פּרייסישער קאנסערוואטיווער — יענער נעהמט אויף דעם ווידערקלאנג פון אונענדליך פיעל זאכען, וואס פאַרשפּרייטען זיך פון דור צו דור, זינט דער פעריאָדע פון דער אויפקלעהרונג, און ווירקען נאָך היינט אויף אונז אלעמען א סך שטארקער, איידער מיר מיינען. וואָס די דייטשע בירגער האָבען יעמאלט אליין

אויסגעטראַכט און, צונויפגעשמאָלצען מיט פרעמדע עלעמענטען, צו זייער אייגענם געמאַכט, דאָס איז נאָך היינט אונזער אייגענס. די ווירטשאַפטליכע ענטוויקלונג פון דעם אכטצעהנטען יאָהרהונדערט האָט בעשאַפען יענע קולטור; אבער קוים איז די קולטור שוין אמאָל בעשאַפען געוואָרען, אזוי איז זי געוואָרען א לעבעדיגער ווירקענדער פאַקטאָר, וואָס בעשטימט אין זיין ווייטער-ווירקען אויף דעם זעל-ביגען אופן אויך שפּעטערע דורות, און שליעסט צונויף די נאַציאָן אין איין קולטור-געמיינשאַפט, ווירקענדיג אויף יעדען איינצעלנעם אינדיווידואום". *)

אָטטאָ בויער לעגט זעהר פיעל געוויכט (און מיט רעכט!) אויף דאָס נאַציאָנאַל-געפיהל, און צו די פאַקטען, וואָס רו־פען ארוים אזא געפיהל, רעכענט ער אויך יענעם ענטהוזיאזם, „וואָס, ווי געטהע זאָגט, די געשיכטע רופט אין אונז ארוים". „ביי דעם, וואָס קען די געשיכטע", זאָגט ער, „פערבינדט זיך די פאַרשטעלונג פון דער נאַציאָן מיט דער פאַרשטעלונג פון איהרע שיקזאַלען, מיט דעם דערמאָנען זיך אָן העלדען-מוטהיגע קעמפּפע, אָן איהר שטרייטען פאַר וויסען און קונסט, אָן נצחונות און מפּלות".

„די גאַנצע סימפּאַטיע, וואָס א מענש קאָן שענקען דעם קעמפּפענדען מענשען פון דער פערגאַנגענהייט, ווערט פערוואַנ־דעלט אין ליעבע צו דעם טרעגער פון יענעם פיעל-פאַלטיגען שיקזאַל, צו דער נאַציאָן"... די פאַרשטעלונג פון דער נאַציאָן, פערבונדען מיט דער פאַרשטעלונג פון יענע מענשען, וועלכע די געשיכטע האָט אונז געלערענט צו ליעבען און צו בעוואונדערען, רופט ארוים א נייע ליעבע צו איהר. „און אקוראַט אזוי, ווי איך הויב אָן ליעבען די נאַציאָן, ווען איך דערקען מיין וועזען אין איהר אייגענער אַרט, אזוי ווערט מיר איהר געשיכטע טייער, ווען מיר דוכט, אז אין איהרע שיקזאַלען, ביז צוריק אין דער גראָהער אור-צייט, געפין איך יענע קרעפטע, וואָס האָבען איינגעקריצט זייערע שטריכען אין דעם וועזען פון די שפּעטער דורות און אויך אין מיין אייגענעם וועזען, — יענע גאַנצע ראָמאַנטישע לוסט, וואָס מיר האָבען פון דער לענגסט פערגאַנגענער צייט, ווערט אויף אזא'ן אופן א קוואַל, פון וועלכען עס פליעסט ליעבע צו דער נאַציאָן". „די בעקאַנטשאַפט

---

*) דאָרטען, ז. 80—81.

יט דער געשיכטע פון דער נאציאָן". זאגט בויער ווייטער, ־ופט ארויס א לעבהאפטען נאציאָנאל־געפיהל קודם כל ביי דער אינטעליגענץ. אָבער וואס ווייטער די פאלקס־שוהל, די צייטונג, די פארלעזונג און דאָס בוך טראָגען אריין די בעקאנטשאפט מיט דעם גורל פון דער נאציאָן, אלץ מעהר צינדט זיך אָן אויך דאָס נאציאָנאל־געפיהל פון די ברייטע מאסען אָן די געשיכטע פון דער נאציאָן." *)

אין די לעצטע ווערטער ריהרט בויער אָן איינעם פון די אָריגינעלסטע געדאנקען פון זיין נאציאָנאליטעטען־טהעאָריע. אויב דער עיקר פון נאציאנאליטעט דארף געזוכט ווערען אין דער קולטור און דער בילדונג פון א פאלק, הייסט דאָס, אז ניט אלע גלידער פון א פאלק האָבען א גלייכען חלק אין זיין נאציאָנאליטעט. און אזוי מיינט טאקע בויער. לעת־עתה האָבען נאציאָנאליטעט נאָר די געבילדעטע און די בעזיצענדע שיכטען פון דעם פאָלק. אויף דעם חלק פון די ברייטע מאסען פאלט לעת־עתה אויס נאָר א קלענער, אָרעמער טייל פון דער פאלקס־קולטור, און דעריבער אויך פון דער פאלקס־נאציאָנאליטעט. פריהער, ביז צו דער „פריה־קאפיטאליסטי־שער צייט", זענען די גרויסע פאלקס מאסען געוועזן גאר אין גאנצען אויסגעשלאָסען פון דער נאציאָנאליטעט, איבערהויפט די פויערים. שילדערענדיג איינע פון יענע פעריאָדען, זאגט בויער וועגען די ברייטע פאלקס־מאסען: „זיי פעראייניגט ניט דאָס בוך און די פלוג־שריפט, ווייל זיי קאנען ניט לייענען; זיי האָבען קיין חלק ניט אין דער שוהל און אין דער ערציהונג פון דער נאציאָן. זיי קענען נאָך ניט די נאציאָן, זיי זענען נאָך אלץ, ווי די פויערים אין דער פעאָדאליסטישער צייט, ניט מעהר ווי די הינטערזאסען פון דער נאציאָן". **)

„הינטערזאסען" איז אן אויסדרוק, וואס איז שווער איבערצו־געבען אין אידיש. דאָס זענען די, וואס האָבען געוואוינט אין די הינטערהויפען ביי די פריצים, מענשען, וועלכע מען רעכענט גאָר ניט פאר מענשען, די לעצטע שטופע פון די פחותי־ערך. אפשר קאָן מען אין אידיש איבערזעצען דעם אויסדרוק מיט „די באָד־יונגען פון דער נאציאָן". עס פערשטעהט זיך, אז דער סאציאליסט בויער

*) דאָרטען, ז. 144—145.
**) דאָרטען, ז. 70.

ווייס גאַנץ גוט, וואָס פאַר א ראָלע די „באָד־יונגען" האָבען גע־שפּיעלט אין דעם אויפבוי פון דער נאַציאָנאַלער קולטור. ער זאָגט: „אמת, נאָר זייער ארבייט אליין האָט מעגליך געמאַכט די נאַציאָנאַ־לע קולטור, אבער מעגליך געמאַכט ניט פאַר זיך, נאָר פאַר יענע קלאַסען, וואָס האָבען זיי אונטערדריקט און אויסגעזויגט". *) אויך אין דער „פריה־קאַפּיטאַליסטישער" צייט האָט זיך זייער נאַציאָנאַלע לאַגע ניט אויף א סך פערבעסערט. ערשט דער קאַפּיטאַליזם און די מיט איהם פערבונדענע פּאָליטישע פרייהייט האָבען גענומען אריינציאָגען פּראָגרעס, בילדונג און אויפקלערונג אין די ברייטע מאַ־סען, און מיט דעם גופא אויך — נאַציאָנאַליטעט.

דעם קאַפּיטאַליזם און דעם פּראָגרעס האָבען מיר אויך צו פערדאַנקען, וואָס די פער'חלש'טע נאַציעס, וואָס זענען פריהער בעשטאַנען כמעט לגמרי פון „באָד־יונגען", האָבען זיך אויפגעכאַפּט צו א בעוואוסטען נאַציאָנאַלען לעבען. **) דער פּראָגרעס האָט בע־שאַפען די איצטיגע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען, און וואָס מעהר עס ווערט שטאַרקער די מאַכט פון דעם פּראָגרעס, אַלץ מעכטיגער ווערט די קראַפט פון דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט. שוין איצטער זענען די פעלקער מיט אַן אלטער דעמאָקראַטיע, ווי צ. ב. די ענג־לענדער, א סך נאַציאָנאַלער, איידער די פעלקער, וואָס זענען צו־ריקגעבליעבען אין זייער פּאָליטישער ענטוויקלונג. ד ע ר ס אָ־צ י א ל י ז ם, וו אָ ס וו ע ט א י ב ע ר ג ע ב ע ן ד י ק ו ל־ט ו ר א ו ן ד ע ם ג ו ר ל פ ו ן ד ע ם פ אָ ל ק א י ן ד י ה ע נ ד פ ו ן ד י ב ר י י ט ע פ אָ ל ק ס־מ א ס ע ן, וו ע ט ד ע ר מ י ט פ ע ר ש ט א ר ק ע ן א ו מ ע ט ו ם ד י נ א צ י אָ נ אַ ל י ט ע ט.

די, וואָס האָבען בעטראַכט דאָס ענגלישע לעבען, זאָגט ב ו י ע ר, האָבען זיך אפט געוואונדערט איבער דעם מערקווירדיג קאָנסערוואַטיווען כאַראַקטער פון די ענגלענדער, ווי לאַנגזאַם זיי

---

*) דאָרטען גופא.

**) פערגלייך בפרט דעם פּאַראַגראַף 8: „דער מאָדערנער קאַפּיטאַ־ליזמוס און די נאַציאָנאַלע קולטורגעמיינשאַפט" און דעם פּאַראַגראַף 17 (דעם אינטערעסאַנטעסטען פון גאַנצען בוך): „דאָס ערוואַכען דער גע־שיכטסלאָזען נאַציאָנען".

נעהמען אויף פרעמדע געדאנקען און לערנען עפּעס נייעס פון אנדערע פעלקער. איינע פון די אורזאכען פון דער מערקווירדיגער ערשיינונג זעהט ב ו י ע ר אין דער אלטער ענגלישער דעמאקראטיע. א דעספּאָט קאן אין א קורצער צייט מאכען פּלאץ אין זיין לאנד פאר נייע געדאנקען, זיין היינטיגער קאפּריז איז מאָרגען א מאָדע אין אלע אריסטאָקראטישע הויפען, זיין היינטיגער ווילען איז מאָרגען א געזעץ פאר דאָס גאנצע לאנד. גאנץ אנדערש איז א דעמאקראטיע. א נייער געדאנק קאן איינגעהמען א דעמאקראטישע לאנד נאָר יעד־מאָלט, ווער ער געווינט יעדען בירגער. נאָר דורך דעם ווילען פון מיליאָנען קאן ער ווערען צו דעם גאנצען ווערען פון דעם לאנד.

געוויס, דאָס איז אַ פיעל לאַנגזאַמערער וועג פאר דעם פּראָצעס. דערפאַר איז אָבער דער וועג א סך זיכערער. האָבען די מיליאָנען קעפּ שוין איין מאָל אנגענומען א געדאנק, וועט עס ניט אזוי לייכט זיין ארויסצושלאָגען איהם פון דארטען. און אויב עס איז אזוי אין דער פּאָליטישער דעמאקראטיע, היינט אויף וויפיעל מעהר וועט דאָס זיין אין דער ס אָ צ י א ל י ס ט י ש ע ר דעמאקראטיע, ווען דאָס גאנצע פאלק וועט בעשטעהן פון הויך־געבילדעטע מענשען, וואָס האָבען איינגעזאַפּט אין זיך דעם גאנצען אוצר פון דער נאַ־ציאָנאלער קולטור. יעדער נייער געדאנק פון דער פרעמד וועט זיך מוזען צופּאסען צו מיליאָנען געבילדעטע קעפּ, לויט זייער רייכער „נאציאָנאלער אפּפּערצעפּציע“, און אויף אזאַ'ן אופן, זאגט ב ו י ע ר, „וועלען די נאציאָנען ניט פּשוט איבערנעהמען איינע פון די אַנדערע אַ נייע פּאָעזיע, אַ נייע קונסט, אַ נייע פילאָסאָפיע אָדער א נייעם סיסטעם פון געזעלשאפטליכען וועלען. זיי וועלען דאָס מוזען צופּאסען צו דער גאנצער גייסטיגער קולטור פון דעם פאָלק, דאָס הייסט, צונויפגיסען עס מיט דער גאנצער געשיכטע פון דער נאציאָן. דאָס ענגלישע, דאָס פראנצויזישע אָדער דאָס דייטשע פאלק נעהמט אריבער אָהן א פערענדערונג א גייסטיגע זועלט פון א פרעמדען פאלק אפילו היינט שוין א סך שווערער, איידער, לאָמיר זאגען, דאָס יאפּאנישע אדער דאָס קראאטישע. נאָך שווערער וועט דאָס ווערען אין דער סאציאַליסטישער געזעלשאפט. די אויטאָנאָמיע פון דער נאציאָנאלער קולטור־געמיינשאפט בעדייט

אין דעם סאָציאַליזם, על פּי נויטווענדיגקייט, אַן אַלע גרעסערע דיפפערענצירונג פון גייסטיגע נאַציאָנאַלע קולטורען, ווען אפילו דער מאַטעריעלער אינהאַלט פון דער קולטור זאָל בלייבען דער אייגענער. די צוציהונג פון דעם גאַנצען פאָלק צו דער נאַציאָנאַלער קולטור־געמיינשאַפט, די ערֹאָבערונג פון פולער זעלבסטבעשטימונג פאַר דער נאַציאָן, די שטאַרקער ווערענדע גייסטיגע דיפפערענצירונג פון נאַציאָן, — אָט דאָס בעדייט דער סאָציאַליזם". *)

אָט דאָס זענען אין קורצע שטריכען אָטטאָ בויער'ס געדאַנקען וועגען נאַציאָנאַליטעט און פּראָגרעס. געוויס איז אין זיי ניט אויסגעשעפּט געוואָרען די גאַנצע טהעמע. אויך בין איך ניט אין גאַנצען מסכים מיט זיין טהעאָריע פון דער נאַציאָנאַלער אפּפּערצעפּציע. זי איז ריכטיג, אבער זי איז ניט גענוג אויף צו דערקלעהרען אַלע ערשיינונגען פון דעם נאַציאָנאַל־קולטורעלען לעבען. מיר דוכט, מען מוז איבערגעהן פון די בעוואוסטע געדאַנקען, וואָס געפינען זיך אין דעם גייסטיגען אוצר פון דער נאַציאָן, צו יענע אונבעוואוסטע פּראָצעסען, וואָס טרייבען אריין די בעוואוסטע געדאַנקען און אידעען אין פלייש און בלוט, לאָזען איבער שפּורען אין די נערוועז און דעם מארך פון די פאָלקס־קינדער און ברענגען ארויס בעזונדערע נאַציאָנאַלע „בעשאַפונגס־כחות", וואָס ווירקען אין אַ בעשטימטער אַרט אויף דער נאַציאָנאַלער פאָרם פון דעם בעוואוסטען גייסטיגען אוצר. אבער דאָס איז שוין אַ פּלוגתא צווישען מיין טהעאָריע און בויער'ס, און היינטיגעס מאָל קאָנען מיר זיך ניט אָבגעבען מיט איהר. איך רעכען, אז אפילו דאָס ווייניגע, וואָס איך האָב געבראַכט פון בויער'ן, איז גענוג, קלאָהר צו מאַכען דעם אלף־בית פון דעם מאָדערנעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס זאָגט: די נשמה פון אַ פאָלק, דאָס איז

*) דאָרטען, ז. 106—108.

דר. ח. זשיטלאָווסקי

זיין קולטור און די אלגעמיין־מענשליכע קולטור איז נאָר מעגליך אין דער פאָרם פון איינצעלנע נאַציאָנאַל־קולטורען, און וואָס מעהר עס פּראָגרעסירט די אלגעמיין־מענשליכע קולטור, אלץ רייכער און שטאַרקער ווערט די נאַציאָנאַלע קולטור. וואָס שטאַרקער דער פּראָגרעס, אלץ שטארקער די נאַציאָנאַליטעט.



# אידישע גאונים*)

„די גרויסע מענשען“, שרייבט הערר ש. ראָזענפעלד אין זיין ארטיקעל: „די היינטיגע אידישע יוגענד אין רוסלאנד“. („די צוקונפט“, מאי, 1909) „דיענען פאר זייערע פעלקער אלס מאָס, מיט וועלכער עס לאזט זיך מעסטען די הויך פון דער אלגעמיינער קולטור־מדרגה פון דעם אדער יענעם פאלק; זיי דיענען ווי א מארקע, וואָס דריקט אוים דעם ווערטה פון דער גייסטיגער אדער קולטורעלער עשירות, וואס דאָס אדער יענעם פאלק פערמאגט. א פאלק, וואס האָט מיט זיין זאפט דערנעהרט א קאנט, קען מיט שטאָלץ אָנווייזען אויף דעם לעצטען און דערביי זאגען: אָט זעהט, וואסערע גרויסע גייסטיגע כחות איך פערמאג!“

אין דעם געדאנקען ראזענפעלד׳ס שטעקט נאָך דער אלטער קאָסמאָפּאָליט, וואס זעהט ניט קיין אנדערע אונטערשיידען צווישען פעלקער, א חוץ אין דער פערשיידענער מדרגה פון דער קולטור, אויף וועלכער זיי שטעהען. ער זעהט ניט איין, אז אחוץ דעם איינהאלט פון דער קולטור, דעם אוצר, וואָס אַ פּאָלק האָט אָנגעזאַמעלט מיט אייגענע כחות, אָדער אריבערגענומען פון דער פרעמד, איז נאָך דאָ א פערשיידענקייט אין די פעהיגקייטען, טאלאנטען און געניאליטעטען, וואס צייכנען אוים א וועלכען עס איז פאָלק. רייכקייט, עשירות איז אַ זאַך, וואָס מען קאָן ערווערבען דורך שטודיום, דורך אריינעהמען פון דרויסען. טאלאנט און געניאליטעט ווערט אויסגעארבייט אין אַ פּראָצעס פון ירושה, וואָס שפּיעלט זיך אָב אין די נערווען און אין דעם מארך. מיט טאלאנט און זשעניאליטעט מוז מען געבוירען ווערען.

געניאליטעט און קולטור־אוצרות זענען צוויי פערשיידענע זאכען. א פאלק קאן זיין רייך אין קולטור און ארעם אין געניאליטעט, ווי צ. ב. די אמעריקאנער, און צוריק: זיין רייך אין געניאליטעט און ארעם אין קולטור, ווי צ. ב. דאָס אידישע

*) יון, 1909.

פאָלק. די גרויסע מענשען פון א פאָלק קאָנען דעריבער ניט אלע מאָל זיין א מאָס, „מיט וועלכער עס לאָזט זיך מעסטען די הויך פון דער אלגעמיינער קולטור־מדרגה". די ארעמקייט פון דעם ציוויליזירטען אויסטראַליען אין גרויסע מענשען איז לחלוטין קיין מאָס ניט פאר דער מדרגה פון דער קולטור אין דעם ציוויליזירטען אויסטראַליען: די קולטור איז דארטען דוקא זעהר א רייכע. און די רייכקייט פון דעם אידישען פאלק אין זשעניען איז קיין מאס ניט פאר דער הויך פון דער אידישער קולטור־מדרגה: זי איז דוקא זעהר א ניעדעריגע.

אָבער די גרויסע מענשען זיינען אלע מאָל א מאָס, מיט וועל־כער עס לאָזט זיך מעסטען די מדרגה פון די פעהיגקייטען פון א פאלק. און ניט נאָר די מדרגה זייערע, נאָר אויך זייער א ר ט, ד. ה. א וועלכע קאמבינאציע פון אלגעמיין־מענשליכע כחות און השלמות זיי שטעלען מיט זיך פאָר, וואס פאר א האלט אין זיי שפיעלט די פאנטאזיע, דער אבסטראקטער דענקען, די קלארקייט פון פארשטעלונגען, דאָס לאגישע פונאנדערגליעדערען, די עקשנות פון דעם געדאנק, זיין טיעפקייט, זיין ברייטקייט, זיין פיעלזייטיג־קייט אָדער זיין ענגע קאָנצענטרירונג, זיין געבונדענקייט אָן דעם מאטעריאל, וואס די חושים ברענגען, אדער זיין פרייער לויף און שוואונג, זיין ענערגיע אדער זיין שוואכקייט אויף דעם אדער יענעם פעלד פון דער מענשליכער קולטור. די פליגלען פון דעם איטאַליע־נישען זשעני, צ. ב. לאָזען זיך כמעט אין גאנצען אראָב, ווי נאָר איהם קומט אוים דורכצופליהען די הימלען פון דעם פילאסאפישען געדאנק. ניט אין די אלטע צייטען, ניט אין דעם מיטעלאלטער און ניט אין די איצטיגע צייטען האָט דאָס איטאַליענישע זשעני ניט ארויסגעבראכט קיין איין איינציגען, אמת גרויסען און גאנץ זעלבסטשטענדיגען פילאָסאף. ברונא, וואניני און קאמפאנעלא זענען ניט קיין אויסנאהם פון דעם כלל. וואלט די מענשהייט ביז אהער בעשטאַנען נאָר פון איין איינציגען מין, דעם איטאַליענישען, וואלט זי אדער גאר קיין פילאסאפיע ניט געהאט, אָדער געהאט זעהר אן ארעמע.

א גאון אין פילאסאָפיע, ווי אויך אין אלע צווייגען פון דער קולטור, דארף מען געבוירען ווערען. גאונות קאָן מען ניט אריינ־זויגען פון דער ארומיגער סביבה. דעריבער איז א גאון, וואָס איז געבוירען געוואָרען פון אידישע עלטערן, אלע מאָל א א י ד י־

ש ע ר גאון, אלץ איינס, צו איהם איז דער אטהעם אויסגעגאנגען אין דער אייגענער דומפּפער אָרעמקייט, אָדער ער האָט זיך פאַנאַנ־דערגעוואקסען און פאנאנדערגעבליהט אין פרעמדע עשירות. דייטשלאנד מעג זיך גרויסען מיט איהרע גרויסע, סיי מצד די בע־שאפונגס־כחות, וואָס דאָס דייטשע בלוט טראָגט אין זיך, סיי מצד די רייכע קולטור, וואס די כחות האָבען בעשאפען. דאָס אידישע פאָלק קאן אָבער ניט וועניגער זיין שטאלץ אויף זיינע זיהן, וואָס האָבען זיך פאנאנדערגעבליהט אין דער פרעמד. עס האָט אויך א רעכט צו בעריהמען זיך: „אָט זעהט, וואסערע גרויסע גייסטיגע כ ח ו ת איך פערמאג!"

אמת, בעריהמען זיך איז ניט קיין חוב. בעריהמען זיך איז גלאט א מדה מגונה, און א בעריהמער איז גוט צו שלאָגען. אָבער דאָרטען, וואו עס רעדט זיך וועגען אָביעקטיווע, וויסענשאפטליכע אונטערזוכונגען, דאָרטען וואו מען דארף אויספארשען דעם חלק, וואָס יעדעס פאלק האָט אריינגעטראָגען אין דער מענשליכער קולטור, איז דוקא א חוב פון דעם פארשער, שטענדיג אויפצו־ווייזען אויף דער נאציאָן, וועמעס בלוט עס האָט ארויסגעבראכט דעם אדער יענעם גאון.

לאסאל און מארקס צ. ב. זענען א י ד י ש ע גאונים, נאָר פּשוט דערפאר, ווייל אין זייערע אדערן האָט פולסירט א י ד י ש ע ס בלוט, אריבערגענומען בירושה פון זייערע אידישע עלטערן. אמת, זייער גאונות האָבען זיי ארויסגעוויזען אויף א מאטעריאל, וואס איז אנגעזאמעלט געוואָרען אין דער אייראָפּעאישער קולטור, אָבער די „מאשין" זייערע, דער מארך־און־נערוועו־אפּאראט זייערער, וואס האָט איבערגעארבייט דעם מאטעריאל אויף א בעזונדער שטייגער, איז א אידישע מאשין, א אידישער אפּאראט, געבויט און אויסגע־פיינערט פון אידישע דורות און דורות.

ווער עס האָט זיך נאָך ניט אויסגעאיינט מיט דעם געדאנק פון נאציאָנאלע בעשאפונגס־כחות, וואָס שטעקען אין דעם מארך־און־נערוועו־אפּאראט פון יעדעס פאָלק, דער האָט נאָך קיין ברעקעל ידיעה ניט פון דעם מאָדערנעם נאציאָנאליזם.

# צו דער טעאָריע פון נאַציאָנאַליטעט*)

כמעט אַלע טעאָרעטיקער פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָבען געמאַכט איין גרונד־פעהלער, וואָס האָט שעדליך געווירקט אויף די ווייטערדיגע אויספאָרשונגען פון דעם ענין. זיי אַלע האָבען געמיינט, אַז נאַציאָנאַליטעט, — דאָס איז עפּעס אַ מין זאַך, וואָס שטעקט אין יעדער נאַציע; אַ געוויסער סימן, אָדער עטליכע סמנים, וועלכע מען קאָן אויסגעפינען, בעת מיר שטודירען אַ וואָסער עס איז נאַציאָנאַלע גרופּע, ווי מען קאָן, צ. ב., אויסגעפינען די סמנים פון אַ מענשען, ווען מען שטודירט יעדעם איינצעל־מענשען. מען האָט אַרויסגעלאָזען פון אויג יענעם ענטשיידענדען פאַקט, אַז נאַציאָנאַליטעט איז ניט עפּעס אַבסאָלוטעס, נאָר עפּעס דורך און דורך רעלאַטיוועס, אַזוינס, וואָס טרעט אַרויס נאָר יעמאָלט, ווען איין נאַציאָן ווערט פערגליכען מיט דער אַנדערער.

די סמנים פון אַ מענשען זענען אַבסאָלוטע סמנים. זיי וועלען עקזיסטירען אַפילו יעמאָלט, ווען פון דער גאַנצער מענשהייט זאָל בלייבען נאָר איין מענש. די סמנים פון נאַציאָנאַליטעט אַבער זענען ר ע ל אַ ט י װ ע סמנים: זיי קאָנען עקזיסטירען נאָר יעמאָלט, ווען עס זענען דאָ פ ע ר ש י י ד ע נ ע נאַציאָנען.

אַ ביישפּיעל וועט אונז קלאָר מאַכען, וואָס מיר ווילען דערמיט זאָגען.

די איינוואוינער פון דער טולער גובערניע זענען ניט קיין בעזונדער נאַציאָן. ווי די טולער זאָלען ניט זיין ענהליך איינע צו די אַנדערע, וועט זיי קיינער ניט אַרויסשיידען אין אַ בעזונדער נאַציע, און זיי אַליין וועלען ניט האָבען די פּרעטענזיע צו פאָדערן אַזאַ מין זאַך. עס קאָן ניט געמאַלט זיין אַ ריין־טולישע נאַציאָנאַלע בעוועגונג.

פאַר וואָס איז דאָס אַזוי? — דאָס איז דערפאַר, ווייל די טולער שיידען זיך מיט קיין זאַך ניט אָב פון דעם אַלגעמיינעם, גרויס־רוסישען שטאַם. נעהמט אַבער די טולער און טראַגט זיי

*) יאַנואַר, 1910.

אריבער אליעמען, מיט זייערע דערפער און מיט דער גאנצער קולטור זייערער, לאָמיר זאגען, קיין קאנאדא, און דער גאנצער ענין בעקומט מיט אמאָל גאר אן אנדער אויסזעהן. די טולער זענען געוואָרען א נאציאָנאלע גרופּע, און די נאציאָנאלע גרופּע איז געווארען די אורזאך פון פיעלע נאציאָנאלע ערשיינונגען און בעוועגונגען. זי קעמפּפט מיט די אנדערע גרופּען פאר איהר נאציאָנאלע עקזיסטענץ, אָדער פאר דער נאציאָנאלער אויבערהערשאפט. זי אסימילירט זיך מיט די אנדערע גרופּען, אָדער אסימילירט די אנדערע גרופּען מיט זיך.

פאר וואס זענען די טולער מיט אמאָל געווארען א נאציאָנאליטעט? דערפאר, וואָס אויף דער פּאָהן פון די קאנאדישע פעלקער האָבען זיי זיך גענומען בולט ארויסשיידען; דערפאר, וואָס זיי שיידען זיך איצטער אב מיט א סך סמנים פון דער איבעריגער קאנאדישער בעפעלקערונג.

אמת, מען קען דערויף ענטפערען, אז די טולער שיידען זיך אב פון אנדערע, פונקט לויט יענע סמנים, דורך וועלכע זיי זענען פערבונדען מיט דעם גרויס־רוסישען פאלק צו איין נאציאָן. דער סכום און דער כאראקטער פון די סמנים, לויט וועלכע מיר דערקענען א נאציאָנאליטעט, מוזען דעריבער בלייבען די זעלביגע, אלץ איינס, צו וועלען מיר זיי בעטראכטען, ווי עפּעס אזוינס, וואָס בינדט צונויף א סך מענשען אין איין נאציע, אָדער ווי עפּעס אזוינס, וואָס טיילט זיי אב פון די איבעריגע מענשען.

אָבער דאָס קאן זיך אויסדרוכטען נאָר אויף דעם ערשטען אויבערפלעכליכען בליק. און אין דער אמת'ן! די טולער האָבען דאָך אין איינעם מיט דעם גרויס־רוסישען שטאַם א גאנצען סכום אלגעמיין־מענשליכע סמנים, אין וועלכע זיי זענען עהנליך אויך צו די קאנאדער. זיי האָבען צוויי הענד, צוויי פיס, צוויי אויגען א. אז. וו. אָבער נאָך די סמנים נאָך קאן מען בשום אופן ניט פעסטשטעלען זייער נאציאָנאליטעט. ממילא איז דערפון געדרונגען, אז, כדי ארויסצוגעפינען די סמנים פון א נאציאָנאליטעט, מוז מען פון דעם גאנצען סכום סמנים, וועלכע א וואָסער עס איז פאלק האָט, אראָבוואַרפען פון חשבון גראָד יענע, לויט וועלכע זיי שיידען זיך ניט אב פון די אנדערע. און דערפון איז ווידער געדרונגען אז, בעת מיר שטודירען די פראגע וועגען נאציאָנאליטעט, מוז אונז אינטע־

רעסירען ניט דאָס, וואס מאכט, אז די איינצעל־מענשען פון דער נאציאָנאליטעט זאלען זיין עהנליך איינע צו די אנדערע (זיי זיינען עהנליך איינע צו די אַנדערע שוין אויך אין דעם, וואָס זיי זענען איבערהויפט מענשען). אונז דארף אינטערעסירען קודם כל דאָס, וואס שיידט זיי אָב פון די אנדערע. א נאציע איז א גרופּע פון מענשען, וואס זענען פערבונדען אין איינעם דורך סמנים, מיט וועלכע זי שיידט זיך אב פון אנאנדער נאציאָנאלער גרופּע.*)

אָבער, אויב עס איז אזוי, יעמאָלט מוזען מיר צוגעבען, אז דער כאראקטער פון די פערשיידענקייטען, מיט וועלכע איין נאציאָן שיידט זיך אב פון דער אנדערער, הענגט דורך־און־דורך אָב פון דעם אויסזעהן פון יענע פערשיידענע נאציעס, וועלכע מיר פערגלייכען. אונזערע טולער וואָלטען זיך אָבגעשיידט פון די קאנאדער מיט א סך סמנים און צווישען די סמנים וואלט אויך געשפּיעלט א ראָליע דער פאקט, וואס די טולער געהערען צו דער „פּראוואסלאווער" רעליגיע. די רעליגיאָן איז אין דעם פאל א נאציאָנאלער סימן. אָבער לאז מען די טולער אריבערטראגען פון קאנאדא צו די קליין־רוסען אין גאליציען, און די פּראוואסלאווע רעליגיע וועט מיט אמאָל אויפהערען צו שפּיעלען א וועלכע עס איז נאציאָנאלע ראלע, ווייל די קליין־רוסען האָבען די זעלביגע פּראוואסלאווע אמונה. פון די גאליצישע קליין־רוסען וואלטען זיך די טולער אויך אין א סך אנדערע פּונקטען וועניגער אָבשיידען, איידער פון די קאנאדער. הייסט עס, אז, ווי דאָס זאל ניט קלינגען פּאראדאָקסאל, זענען די טולער אין פערגלייך צו די קליין־רוסען וועניגער א נאציאָנאליטעט, איידער אין פערגלייך צו די קאנאדער, און זיי הערען אויף איבערהויפּט צו זיין א נאציאָנאליטעט, ווען מען פערגלייכט זיי מיט די גרויס־רוסען.

דערפון קאן מען איינזעהן, ווי לעבערליך עס איז, ווען ערנסטע געלערנטע מענשען שטעקען צונויף זייערע קעפּ און שטודירען מיט אן ערנסטער מינע די פראגע: איז די אדער יענע פאלקס־גרופּע א

---

*) דאָס איז נאָך ניט די ריכטיגע בעגריף־בעשטימונג פון א נאציאָן, נאָר א דערוויילינע. די ריכטיגע קאן דער לעזער געפינען אין מיין אר־בייט: „דער סאָציאליזם און די נאציאָנאלע פראגע".

נאַציאָנאַליטעט, אָדער ניט. זיי פערגעסען פשוט אוועקצושטעלען די הויפּט־פראַגע: אין פערגלייך מיט וועלכער אנדערער נאַציאָנאַלער גרופּע זאָל זי האָבען ארויסגעוויעזען אדער ניט האָבען ארויסגעוויעזען איהר נאַציאָנאַליטעט? זענען די דרום־רוסישע אידען אַ נאַציאָנאַליטעט? עס ווענדט זיך מיט וועמען איהר פערגלייכט זיי. פערגלייכט מען זיי מיט די אנדערע אידישע מאסען, זענען די דרום־רוסישע אידען אפשר ניט קיין נאַציאָנאַליטעט. בנוגע צו אלע אנדערע פעלקער זענען זיי גאַנץ בעשטימט א קלאָרע אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַליטעט.

די טויט־זינד פון אלע נאַציאָנאַליטעטען־טעאָריען ביז אהער איז געוועזען דער פאקט, וואס זיי האָבען זיך ניט גערעכענט מיט דעם דאָזיגען רעלאטיווען כאראקטער פון אלץ, וואס איז נאַציאָנאַל. געזינדיגט אין דעריגען האָבען סיי די שאָוויניסטישע טעאָרעטיקער, סיי די קאָסמאָפּאָליטישע. דאָס האָט יענע טויט־זינד געצוואונגען זיי, אויסצוזוכען און אויסצופאָרשען געוויסע אבסאָלוטע סמנים, לויט וועלכע א גרופּע פון מענשען ווערט אונטער אלע אומשטענדען אַ נאַציאָנאַליטעט: שפּראַך, רעליגיע, טעריטאָריע, געמיינזאַמע שיקזאַלען און אז. וו., און אז. וו. דער פּועל יוצא דערפון איז געוועזען, וואָס מען האָט אויפגעשטעלט א גאנצע נעץ פון אזעלכע סמנים און מען האָט זיך פערפּלאָנטערט אין יענער נעץ. דער פּועל יוצא דערפון איז געוועזען אויך דאָס, וואס די ריין־טעאָרעטישע פראַגען וועגען דעם עצם פון דער נאַציאָנאַליטעט האָט מען גענומען אויסנוצען צוליעב וועלכע עס איז פּראַקטישע נאַציאָנאַלע פּניות, און יעדער געלערענטער איז געווען געצוואונגען אנצונעהמען אָדער אבצולייקענען יענע סמנים פון נאַציאָנאַליטעט, וואס האָבען בעסער געפּאַסט צו זיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסען. דער האָט גע׳טענה׳ט, אז די טעריטאָריע איז דער הויפּט־סימן פון נאַציאָנאַליטעט, און דער אנדערער האָט די גאַנצע וואָג געלעגט אויף דער שפּראַך.

כדי א וויסענשאַפטליכע נאַציאָנאַליטעטען־טעאָריע זאָל באמת קאָנען אָנהויבען געהן אין אַ ריין אָביעקטיווען וויסענשאַפטליכען וועג, מוז מען איין מאָל פאר אלע מאָל איינזעהן דעם פאקט, אז נאַציאָנאַליטעט איז ניט קיין אבסאָלוטער בעגריף, נאָר אַ רעלאַטיווער; ווען מיר שטודירען נאָר איין איינציג פאלק און מיר

לאָזען ארוים פון אויג זיין שייכות צו די אנדערע פעלקער, זיין גלייכקייט אָדער ניט גלייכקייט צו זיי, וועלען מיר יעמאָלט אין דעם איינצעלנעם פאלק מיט קיינע מיטלען נישט קאָנען געפינען אזוינס, וואס מען זאל קאָנען אנרופען „נאציאָנאל". שטעלט אייך פאר, אז אלע פעלקער זענען פערשוואונדען א חוץ די ענגלענדער, וועט יע־מאָלט יעדער נ א צ י אָ נ א ל ע ר שטריך פון דעם ענגלישען כאראקטער אויפהערען צו זיין א נאציאָנאלער שטריך. ער וועט פשוט זיין א שטריך פון דעם אלגעמיין מענשליכען כאראקטער. די גרונד־ערשיינונג פון נאציאָנאליטעט, יענער מקור, פון וועלכען עס פליסען ארוים אלע אנדערע נאציאָנאלע ערשיינונגען, איז דער פאקט, וואס די מענשהייט איז איצטער איינגעטיילט אין פערשיי־דענע פעלקער; וואס יעדעס פאלק האט געלעבט פאר זיך און גע־בויט זיין אייגענעם נעזעלשאפטליכען לעבען; וואס יעדעס פאלק האט ענטוויקעלט די אלגעמיין־מענשליכע קולטור אויף אזא אופן, ווי דאס האט איהם נעפאסט, ניט פרעגענדיג ביי די אנדערע פעלקער און ניט צונויפגיסענדיג זיך מיט זיי.

נאר יעמאָלט, ווען מען שטעלט זיך אויף דעם באָדען אט פון דעם גרונד־פאקט, קאָן מען וויסענשאפטליך אוועקשטעלען די פראַ־גע, וואס פאר א סמנים די מענשהייט האט ארויסגעבראכט, לויט וועלכע די פעלקער שיידען זיך אב אייגע פון די אנדערע, און וואס פאר א ראָלע די נאציאָנאלע ערשיינונגען האָבען געשפיעלט אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. נאר יעמאָלט, ווען מיר שטעלען זיך אוועק אזעלכע וויסענשאפטליכע ציעלען, קאָן מען מאכען דעם ערשטען שריט אין דעם אויספארשען פון דעם נאציאָנאלען פראָבלעם.

א צווייטער פעהלער, וואס שאדט זעהר דער וויסענשאפטליכער בעגרינדונג פון דער נאציאָנאליטעטען־טעאָריע, ליגט אין דעם ענין, וואס איך האָב אין אן אנדער ארט, אין דעם פריהער ציטירטען בוך, אָנגערופען: „פאן־נאציאָנאליזם". א פאן־נאציאָנאליסטישע טעאָריע, ווי צ. ב., דער פאן־סלאוויזם, דער פאן־גערמאניזם, מאכט א גרויסען חילוק צווישען „נאציאָנען" און „איינצעל־פעל־קער". די „סלאווען", צום ביישפיעל, זענען א נאציאָן; רוסען, פוילען און טשעכען זענען איינצעל־פעלקער, וואס געהערען צו דער סלאווישער נאציאָן. דייטשען זענען א נאציאָן; פרייסען, באַייערן,

סאַקסען, טיראָלער, שווייצער און ד. גל. זענען איינצעל־פעלקער, וואָס געהערען צו דער גערמאַנישער נאַציאָן.

דער פּאַן־נאַציאָנאַליזם וויל, אַז די איינצעלנע פעלקער זאָלען פערשווינדען אין דעם גרויסען ים פון דער נאַציאָן. דאָס רוב מיינט מען דערמיט גאָר פּשוט, אַז אַ זאַך עס איז איינצעל־פאָלק זאָל איינשלינגען אַלע איבעריגע איינצעל־פעלקער פון דער משפּחה. דער פּאַן־סלאַוויזם בעזאָרגט די אינטערעסען פון דעם גרויס־רוסישען שטאַם און אויב ער טרעט נאָך ניט אָפען אַרויס מיט דעם געדאַנק, אַז אַלע סלאַווישע פעלקער זאָלען איינגעשלונגען ווערען פון די גרויס־רוסען, בעהאַלט ער דאָך פאַר קיינעם ניט זיין ליעבלינג צוועק, אַז ווענינגסטענס די רוסישע פעלקער, וואָס וואוינען אין רוסלאַנד, — די קליין־רוסען און די ווייס־רוסען, — זאָלען אודאי ניט האָבען די העזה צו רעכנען זיך פאַר בעזונדערע נאַציאָנען; זיי מוזען שוין נאָר אָהן טענות און מענות, „על פּי וויסענשאַפט“, זיך לאָזען איינשלינגען פון די גרויס־רוסען. — אין דייטשלאַנד איז דער פּאַן־גערמאַניזם פערבונדען מיט די אינטערעסען פון דעם פּרייסישען פאָלק, וואָס וויל דורכזעצען זיין איבערהער־שאַפט איבער אַלע אַנדערע דייטשע פעלקער.

אויך ביי די אידישע נאַציאָנאַליסטען שפּיעלט אונבעוואוסטער־הייד אַ גרויסע ראָלע דער פּאַן־נאַציאָנאַליסטישער שטריך. מען קאָן זאָגען, אַז כמעט אַלע אידישע נאַציאָנאַליסטען זענען דורכגעדרונגען פון אַ „פּאַן־יודאַאיסטישער“ טענדענץ. בעטראַכט מען דאָס אידישע פאָלק ריין טעאָרעטיש, אָהן אַ וועלכער עס איז פּראַקטישער פּניה,— אַ נאַציאָנאַלער אָדער אַן אַסימילאַטאָרישער, — מוז יעדער איינ־זעהן, אַז מיר האָבען איצטער גאַנץ בעשטימט מעהר רעכט צו רעדען פון אידישע פעלקער, איידער פון אַן איינהייטליכען אידישען פאָלק. די צוועלף מיליאָן אידען פון דער גאַנצער וועלט זענען צוטהיילט אין פער־שיידענע פאָלקס־גרופּען, וואָס האָבען זיך אויסגעבילדעט אין דעם משך פון די גלות־יאָהרען. דער האָלענדישער איד איז, אמת, אַ איד; און פערגלייכט מען איהם מיט דער האָלענדישער בעפעלקע־רונג, האָט ער געוויס אַ בעזונדער אידישע נאַציאָנאַליטעט. אָבער ווען מען פערגלייכט איהם, צום ביישפּיעל, מיט דעם שפּאַניאָל פון טערקיי, מוזען מיר צוגעבען, אַז ער שיידט זיך אָב פון איהם

וועניגסטענס אקוראט אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל דער טיראָלער שיידט זיך אב פון דעם פּריים, אדער דעם ווייס־רוס פון דעם קליין־רוס, — אויב ניט נאָך מעהר. די האָלענדער אידען, ווי די שפּאַניאָלען, זענען דעריבער פערשיידענע פאלקס־גרופּען אין דער אידישער נאַציאָן. די „פּאַן־יודאאיסמישע" טענדענץ פון דעם אידישען נאַציאָנאַליזם וויל, אז אָט די אַלע פערשיידענע אידישע פאלקס־גרופּען זאָלען זיך צונויפגיסען אין איין איינציגען אידישען ים, אין וועלכען זיי זאָלען לגמרי פערליערען זייערע פאלקסטימליכע איינענשאפטען.

אמת, ביי דעם אידישען פאָלק איז ניטא קיין איין איינציגע הערשענדע פאלקס־גרופּע, וואס זאָל ארויסטרעטען מיט דער פּרעטענזיע, אז אַלע אנדערע פאלקס־גרופּען מוזען אננעהמען איהר קולטור, איהר שפּראַך און צונויפגיסען זיך מיט איהר. דער אידישער פּאַן־נאַציאָנאַליזם האָט אָבער ארויסגעבראכט א נ ע ד א נ ק ל י כ ע פאלקס־גרופּע, א נאַציאָנאַליטעט, וואס עקזיסטירט ניט אין דער ווירקליכקייט, נאָר אין דעם טעאָרעטישען געדאנק. דאָס איז די אלט־העברעאישע נאַציע, וואס האָט געלעבט אין דער צייט פון דעם חורבן בית־שני און וואס האָט זיך איצטער געשיכטליך פאַנאנדערגעצווייגט אין פערשיידענע אידישע פעלקערשאפטען. יענע אַלטע אָבגעשטאָרבענע העברעאישע נאַציע, מיט איהרע גרונד־לאַגען פון דער אלטער העברעאישער קולטור און דער אלטער העברעאישער שפּראַך, זאָל ווידער אויפגעלעבט ווערען און איינשלינגען אַלע לעבעדיגע אידישע פעלקער.

דער פּאַן־נאַציאָנאַליזם האָט אין זיך תמיד אַן אסימילאטאָרישע טענדענץ, א פאָלק־פרעסערישען אפּעטיט. ווי די גרויס־רוסען ווילען איינשלינגען די קליין־רוסען און די ווייס־רוסען, אזוי זאָל די היפּאָטעטישע העברעאישע נאַציע איינשלינגען יענע פאָלקס־אָרגאַניזמען, וואָס זענען היסטאָריש אויסגעוואקסען פון איהר.

דער פּראַקטישער קאמפּף אנטקעגען דעם „פּאַן־נאַציאָנאַליזם" מוז איבערגעלאָזען ווערען צו די איינצעלנע פעלקער און צו זייער גוטען ווילען. אויב די דייטשע פעלקער ווילען אָבזאָגען זיך פון זייער אייגענער עקזיסטענץ און פערטרונקען ווערען אין דעם גער־מאַנישען ים, טאָר זיי דאָס קיינער ניט פערוועהרען. אויב די אידישע פעלקערשאפטען וועלען איינזעהן, אז עס לוינט זיך זיי

בעסער צוריקצוקעהרען זיך אין דעם מוטער־שויס, פון וואַנען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, און ווידער לגמרי צונויפגיעסען זיך אין איינעם, טאָר קיינער ניט שטעהן אין וועג אַנטקעגען דעם דאָזיגען נאַציאָנאַלען וואונש זייערען. אָבער טהעאָרעטיש מוז מען אויפווייזען אויף יענעם גרויסען פעהלער, וואָס ליעגט אין דעם „פאַן־נאַציאָנאַליסטישען" געדאַנק.

דער טעאָרעטישער קונץ־שטיק, אויף וועלכען דער פאַן־נאַציאָנאַליזם בויט זיין געדאַנקען־גאַנג, איז אַ גאַנץ פשוט'ער. ער בעשטעהט איינפאַך אין דעם, וואָס מען רופט לכתחילה אָן מיט דעם נאָמען נאַציע ניט אַ וועלכע עס איז איין איינציגע פאָלקס־גרופּע, נאָר אַ פ ע ר ב א נ ד פ ו ן פ ע ר ש י י ד ע נ ע פ ע ל ק ע ר, וואָס געהערען צו איין־און־דערזעלביגער משפחה. כמעט יעדע גרויסע נאַציע איז איצטער אַזאַ פעלקער־פערבאַנד, — אַ פרייווילינער אָדער אַ געצוואונגענער, — וואָס טרעט פּאָליטיש אַרויס, ווי אַן איינהייטליכע, איין איינציגע נאַציע. דאָס רוב זענען דאָס געצוואונגענע פעלקער־פערבאַנדען. איין איינציג פאָלק האָט אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענד די קולטורעלע און פּאָליטישע בעל־הבתישקייט און פיהרט די גרענדע איבער דער גאַנצער משפחה, — אָפטמאָל דורך אַ שטאַרקען פּאָליטישען צוואַנג אין דער היים. פאַרהאַן אָבער אויך פרייווילינע פעלקער־פערבאַנדען, ווי, צום ביישפּיעל, די שווייצארישע נאַציע, וואָס טרעט אַרויס אין דרויסען, ווי אַן איינהייטליכער אָרגאַניזם, וואָס בעשטעהט אָבער אינוועניג אין דער היים פון פיער פערשיידענע גלייכבערעכטיגטע פעלקער: דייטשען, פראַנצויזען, איטאַליענער און רהעטאָ־ראָמאַנער.

עס פערשטעהט זיך, אַז ווען מען רופט אַ פעלקער־פערבאַנד לכתחילה אָן מיט דעם נאָמען „נאַציע", איז יעמאָלט אַ נאַציע אַ סכום פון פעלקער, און יעמאָלט איז קיין איינצעל־פאָלק ניט קיין נאַציע. אַן איינצעל־פאָלק איז יעמאָלט ניט קיין זעלבסטשטענדיגגאַנצעס, נאָר אַ טייל פון אַ גאַנצען, אַן אבר פון און אין אַ גוף, — אַן אבר, וואָס קאָן ניט לעבען פאַר זיך, דרויסען פון דעם גוף; אָדער העכסטענס איז עס אַ „ניט־דערטראָגענער אָרגאַניזם", ווי אַטטאָ בויער רופט עס אָן.

אָבער אַזאַ שטעלונג צו די איינצעל־פעלקער איז טעאָרעטיש

ניט ריכטיג. טעאָרעטיש קאָן מען ניט אויסגעפינען קיין איין נפקה מיניה צווישען „פאָלק" און „נאַציאָן", קיין שאָטען פון אַ פערשיידענקייט, וואָס זאָל פאַנאַנדערשפּאַלטען אָט די צוויי בעגריפען. אַלע סמנים, וועלכע די וויסענשאַפט קאָן אויפווייזען פאַר דער „נאַציאָן", געפינען זיך אויך ביי יעדען איינצעלנעם פאָלק. אַלע בעגריף־בעשטימונגען, וואָס מען האָט ביז אַהער פאָרגעשלאָגען, כדי צו דערקלעהרען דאָס וועזען פון אַ „נאַציאָן", לאָזען זיך זעהר לייכט אָנווענדען אויף דאָס וועזען פון אַ „פאָלק".

זייט אייך משער, אַז אַלע דייטשע פעלקער זענען פערשוואונדען געוואָרען, אַ חוץ די סאַקסען; אַז פון אַלע פראַנצויזישע פעלקער זענען געבליבען נאָר די פּראָוואַנסאַלער; פון אַלע פּוילישע פאָלקס־גרופּען — נאָר די מאַזורען; פון אַלע רוסישע — נאָר די ווייס־רוסען; פון אַלע אידישע — נאָר די שפּאַניאָלען. וואָלטען דען יעמאָלט אָט די פינף פעלקערשאַפטען זיך ניט פערהאַלטען איינע צו די אַנדערע אקוראַט אַזוי, ווי פינף דורכאויס פערשיידענע נ א צ י אָ נ ע ן? וואָלט מען אויף זיי וועניגער גוט געקאָנט שטודירען דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם, איידער אויף די איצטיגע נאַציאָנען?

עס איז דעריבער קלאָר, אַז אויף די איינצעל־פעלקער טאָר מען ניט קוקען, ווי אויף טיילען פון אַן אַנדער נאַציאָן, ווי אויף אברים פון אַ גוף, אָדער ווי אויף „ניט־דערטראָגענע" פאָלק־אָרגאַניזמען, וואָס האָבען ניט קיין אייגענע לעבענס־קראַפט אין זיך. די איינצעל־פעלקער זענען פאַרטיגע, אויסגעטראָגענע אָרגאַניזמען; נאָר אייניגע פון זיי זענען פערשמאַכט געוואָרען, ווייל זיי פעהלט לופט און ליכט צו אַ פרייער ענטוויקעלונג; אַנדערע ווידער זענען געשמידט אין קייטען און קאָנען זיך נאַציאָנאַל ניט אַ ריהר טהאָן, ווייל דאָס הערשענדע איינצעל־פאָלק האַלט זיי אין תפיסה און לאָזט זיי ניט אַרויס אויף דער ליכטיגער זון.

די איינצעל־פעלקער זענען טעאָרעטיש די זעלביגע זאַך, וואָס נאַציאָנען; און נאָר מיט זיי דאַרף זיך קודם כל בעשעפטיגען די טעאָרעטישע וויסענשאַפט ווענען דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם.

וואָס שטודירט אָבער די איצטיגע וויסענשאַפט אונטער דעם נאָמען נאַציאָן? זי שטודירט, אייגענטליך, ניט נאַציאָנען, נאָר געוויסע אינטער־נאַציאָנאַלע ערשיינונגען, וואָס קומען פאָר אין דעם

לעבען פון א פעלקער־פערבאנד. זי האָט צו טהאָן מיט ערשיי־נונגען פון נאציאָנאלע פערגעוואלטיגונג, ווען זי שטודירט אזא פעלקער־פערבאנד, ווי די רוסישע „נאציע", וואָס איז אויפגעבוים געוואָרען דורך דער דעספאָטישער מאכט פון דעם גרויס־רוסישען פאָלק. אָדער זי שטודירט ערשיינונגען פון נאציאָנאלע פעראיי־ניגונג, ווען זי האָט פאר זיך אזא פעלקער־פערבאנד, ווי, צום ביישפיעל, די דייטשע „נאציע", וואָס איז אויסגעוואקסען פון א כמעט פרייוויליגען הסכם פון א סך דייטשע פאָלקס־גרופען צו לעבען אין איין איינציגער נאציאָנאלער אטמאָספערע.

אויף וויפיעל אין דער געשיכטע זענען זעלטען די ערשיינונגען פון פרייוויליגע פעלקער־פערבאנדען, אויף אזוי פיעל זענען אין איהר אָפט די ערשיינונגען פון נאציאָנאלער פערגעוואלטיגונג. עס קאָן ניט זיין די אויפגאבע פון דער וויסענשאפט — אויסצואר־בייטען א טעאָרעטישע שטיצע פאר נאציאָנאלע אויבערהערשאפט און דעספאָטיע. דאָס טהוט אָבער די וויסענשאפט אלע מאָל, ווען זי שטעלט זיך לכתחילה אויף דעם שטאנדפונקט פון דעם „פאן־נאציאָנאליזם" און פער'משפט די איינצעלנע פאָלקס־גרופען, זיי זאָלען זיך בעטראכטען מעהר נישט ווי טיילען פון א העכערען גאנצען, — טיילען, וואָס מוזען סוף כל סוף איינגעשלונגען ווערען פון איהם.

דער אויסגאנגס־פונקט פאר א טעאָרעטיש־וויסענשאפטליכער אונטערזוכונג פון דעם נאציאָנאלען פראָבלעם, — די אונטערזוכונג האלט נאָך גאָר אין אָנהויב, — מוזען זיין די איינצעל־פעלקער, אלע יענע געשיכטליך דערטראָגענע פאָלקס־אָרגאניזמען, וואָס שיידען זיך אליין ארויס פון די איבעריגע פעלקער; וואָס ווייסען, אז זיי עקזיסטירען אויף דער וועלט, ווי א בעזונדער פאָלק, און האָבען אַן אייגענעם נ אָ מ ע ן. אמת, דער נאציאָנאלער, אָדער ריכטיגער, פאָלקליכער זעלבסט־בעוואוסטזיין, ווי אויך דער נאָמען פון א פאָלק, איז נאָך ניט דער תוך, דאָס וועזען פון א נאציאָן, פונקט אזוי, ווי דאָס אייגענע בעוואוסטזיין און דער אייגענער נאָמען איז נאָך ניט דער תוך און דאָס וועזען פון אַן איינצעל־מענשען. אָבער: בעוואוסטזיין און נאָמען — דאָס זענען די אויסערליכע עמפּירישע סמנים פון יענעם געגענשטאנד, וועלכען מיר מוזען שטודירען, כדי ארויסצוגעפינען זיין אינווענינסטען תוך. די

טעאָרעטישע אויפגאַבע פון דער נאַציאָנאַליטעטן־לעהרע מוז אָנ־הויבען מיט דעם שטודיום פון די איינצעל־פעלקער און בעטראַכטען זיי ווי זעלבסשטענדיגע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזמען.

אויך בנוגע צו דעם פּראַקטיש־פּאָליטישען לעבען, וואָס מוז אויפגעבויט ווערען אויף דעם יסוד פון נאַציאָנאַלע גלייכבערעכ־טיגונג, מוז יעדע פאָלקס־גרופּע אָנגעזעהן ווערען ווי אַ זעלבסט־שטענדיג גאַנצעס, וואָס מעג פאָדערן אַלע יענע רעכטען, וועלכע מען גיט יעדער גאַנצער נאַציאָן. מען מוז איבערלאָזען דער פאָלקס־גרופּע אַליין, זי זאָל בעשטימען, אויב זי וויל אויסנוצען די דאָזיגע נאַציאָנאַלע רעכט און אין וואָס פאַר אַ גראַד פון זעלבסטשטענ־דינקייט זי וויל לעבען אין איינעם מיט די איבעריגע פעלקער. וויל זי לעבען אין גאַנצען פאַר זיך, זעלבסטשטענדיג פיהרען איהרע נאַצאָנאַלע בעל־הבתישקייט, טאָר זי קיינער ניט צווינגען אויפ־צוגעבען איהר אייגענע עקזיסטענץ. זי האָט אַ רעכט זיך צו פער־בינדען מיט די אַנדערע פאָלקס־גרופּען, אויף וויפיעל דאָס פּאַסט זייערע געמיינזאַמע אינטערעסען, אויף וויפיעל דאָס העלפט זיי אין זייער געזעלשאַפטליכער און נאַציאָנאַלער ענטוויקעלונג, אויף ווי־פיעל זיי טהוען עס אין די גרענעצען פון דעם אייגענעם פרייען ווילען.

געוויס, די פּראַקטישע פערענטפערונג פון דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם אין דעם נאַר וואָס אָנגעדייטעטען זין קאָן ניט געשעהן פון היינט אויף מאָרגען. אָבער מיר, סאָציאַליסטען, גלויבען דאָך ניט, אַז די איצטיגע אומשטענדען וועלען בלייבען אייביג פאַר אַלע דורות. אין אונזער סאָציאַליסטישען אידעאַל מוזען מיר אריינ־פלעכטען אויך די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג, און אונטער דעם וואָרט „נאַציאָן" מוזען מיר פערשטעהן ניט נאַר אַ פעלקער־פערבאַנד מיט אַן אויבערהערשאַפטליכער פאָלקס־גרופּע, ווי דאָס ווערט איצטער געטהאָן, נאַר יעדע איינצעלנע פאָלקס־גרופּע, ווי גרויס אָדער ווי קליין זי זאָל ניט זיין, וואָס האָט נאַר דעם ווילען צו לעבען אַן אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען.

דער סאָציאַליזם גיט ניט נאַר אַ ריכטיגע פּראַקטישע פער־ענטפערונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע; ער לעגט אויך אַוועק אַ ריכטיגען טעאָרעטישען פונדאַמענט פאַר דער וויסענשאַפטליכער אונטערזוכונג פון דעם פּראָבלעם.

# וועגען פעראייניגונג.*)

ערשטער ארטיקעל:

## בונדיזם און ציוניזם.

תמיד, ווען איך פלעג טראַכטען וועגען דעם שטענדיגען רייסען זיך פון אונזערע אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, פלעגען אין מיין דמיון אַרויפשווימען יענע סצענעס פון איבסען׳ס „קיסר און גאַלילעער״, וואו די „דאָנאַטיסטען״, די „קאַאיניטען״ און ווייס איך נאָך וועלכע „איסטען״ און „איטען״ פון דער יונגער קריסט־ליכער קירכע, נאָר וואס פעראייניגט אין א פאַנאַטישען זיעגרייכען אָנפאַל אויף א געטצענדיענער, האָבען זיך מיט דעם זעלביגען גיפ־טיגען כעס א וואָרף געטהאָן איינע אויף די אנדערע, קאַפּאַבעל צו צורייסען איינע די אנדערע אויף שטיקער... ביז עס איז געקומען אויף זיי „גאָט׳ס בייטש״, יוליאַן דער אָבטריניגער, און האָט מיט זיינע רדיפות וויעדער צונויפגעשמידט די קינדער פון איין גלויבען. און איך פלעג מיך פרעגען: דאַרפען אויך מיר וואַרטען אויף „גאָט׳ס א בייטש?״ שמייסט נאָך דער רבונו של עולם מיט ניט גענוג בייטשען דאָס אידישע פּראָלעטאַריאַט? אויף וועלכע פּלאָ־גען זאָלען מיר נאָך האָפען, וועלכע מאַטערנ־יסען און עינוים, שונאי ישראל, זאָלען מיר נאָך אויסבעטען ביי דעם באַרעמהאַרציגען, אויב אפילו די אָקטאָבער־פּאָגראָמען האָבען אונז ניט געקאָנט ברענגען צום שכל?

הפנים, דער רבונו של עולם האָט אליין איינגעזעהען, אז מיט בייטשען קאָן מען אונז ניט בייקומען; אז א פאָלק, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט צו פרוכפּערן זיך אויף די פּלאַקער־הויפענס פון דער אינקוויזיציע, וועט ניט נתפעל ווערען פון א פּאָר צעהנדליג אויפגעשליסענע בייכער און אויף העלפט צוריסענע קינדער. און

*) אַפּריל, 1909.

ער האָט א טראַכט געטהאָן : „ניין, מיט בייזען אליין איז װעניג. מען דאַרף פּרובירען אי מיט בייזען, אי מיט גוטען". און ער האָט בעשאַפען די סטאָליפּין'שע רעאַקציע און די טערקישע רעװאָלוציע. אין איין האַנד די בריהענדע בייטש, מיט דער אנדערער אָנגעצייגט דעם װעג, װאו מען זאָל פון איהר זוכען שוטץ... װעט דאס אפשר העלפען ?

און עס װייזט אויס, אז דאָס װעט העלפען. נאָך קיין מאָל האָבען די אידישע מאַסען ניט איבערגעלעבט אזא צושטאַנד פון יאוש, אזא בענקשאַפט נאָך ארבייט און מאַכט, אזא דאָרשט צונויפ־ציעסען אלע קרעפטע אין איין ענערגיע־שטראָם, װי גראָד אין דער לעצטער צייט, װען די האָפענונג אויף די רוסישע פרייהייט האָט זיך פערצװיגען מיט אזעלכע געדיכטע װאָלקענס, און װען די גע־דיכטע װאָלקענס, װאָס זענען געלעגען אויף דעם ציוניסטישען אי־דעאַל, האָבען זיך פּלוצלונג פּאַנאַנדערגעריסען אין דער טערקישער רעװאָלוציאָן. די פראַגע פון פעראייניגען אלע קרעפטע אין איין איינציגע פּארטיי האָט גענומען ארויפשװימען פון פערשיידענע זיי־טען, און מיט יעדען טאָג טרעט זי ארויס מיט אלץ גרעסערע עקשנות אין די מוחות און די הערצער פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט און פון זיינע פיהרער.

די פעראייניגונג װאָלט שוין אפשר לאַנג געװאָרען א פּאַקט, װען ניט די מורא פאַר די טיעפע און ברייטע אבגרונטען, װאָס ליעגען צװישען אונזערע פּארטייען און װאָס מען װייס ניט, װי אזוי אריבערצושפּאַנען. זענען אָבער די אָבגרונטען באמת אזוי טיעף און ברייט ? זענען בכלל דאָ אָבגרונטען אין דער װ ו י ר ק־ ל י כ ק י י ט, אין יענע אידישע לעבענס־נויטען, װאָס רופען ארויס אידעאַלען און דיקטירען פּראָגראַם־פאָדערונגען ? זענען אפשר די אָבגרונטען גאָר ניט אין דער זינדיגער רעאַלער װעלט, נאָר אין דעם עולם הדמיון פון כלומר'שט „טהעאָרעטישע בעגרינדונ־גען" ?

װאָס מעהר איך דענק װעגען די סכסוכים, װאָס שפּאַלטען פּאַ־נאַנדער אונזערע סאָציאַליסטישע פּארטייען, אלץ מעהר דוכט מיר אויס, אז מיר אלע זענען געװען, װי יענע בלינדע חכמים פון טאָל־סטאָי'ס מעשה'לע, װעמען מען האָט אויפגעגעבען א לייענען — אויסצופאָרשען א העלפאַנט. און איינער האָט אנגעטאַפּט דעם

העלפאַנט'ס צאָהן און ער האָט געטענה'ט: א העלפאַנט איז גלאַט און שמאָל און שפּיציג, און דער אנדערער האָט אָנגעטאַפּט דעם העלפאַנט'ס א פוס, און ער איז געווען אָנגעברייט זיך מוסר נפש זיין, אז א העלפאַנט איז ניט גלאַט און ניט שמאָל און ניט שפּיציג, נאָר דוקא דיק און קיילעכדיג, ווי א קלאָץ, און אזוי האָבען אויך די אנדערע אָנגעטאַפּט נאָר טהיילען פון דעם העלפאַנט, און אלע האָבען זיך ארומגעריסען פאר זייער הייליגען אמת און גערופען די געגנער ליגנער און שאַרלאַטאַנעס.

די פּראָגראַם-פאָרדערונגען פון די אידיש-סאָציאַליסטישע פּאַר-טייען זענען, ווען מען נעהמט זיי אלע אין איינעם, איין איינציג פּראָגראַם, וואס דאַרף פערענטפערען אלע לעבענס-נויטען פון דעם אידישען פאָלק אין זיין איצטיגער לאַגע. נאָר יעדע פּאַרטיי האָט ארויסגעריסען איין לעבענס-נויט, איין רעטונגס-מיטעל, האָט עס אוועקגעשטעלט אין צענטער פון איהר וועלט-אַנשויאונג און האָט אין גאַנצען מבטל געווען אָדער אָבגעשטופּט אָן א זייט אלע אנדערע.

לאָמיר פּרובען דורכגעהן די גאנצע לייטער פון אונזערע פּראָ-גראַמען, אָנהויבענדיג פון דעם „בונד", דורך דעם „סערפּ" און די „סאָציאַליסטען-טעריטאָריאַליסטען" ביז צו די „פּועלי-ציון"!

אז איך רעד וועגען דעם „בונד", מיין איך, פערשטעהט זיך, ניט יענע בעל-כרחך-אידען, וואס זענען צוגעשטאַנען צו א אידיש-נאַציאָנאַלען פּראָגראַם מעהר נישט דערפאַר, ווייל די גוים האָבען געהאט די חוצפה אראָבצוואַרפען זיי מיט א פוס-טריט פון אלע טרעפּ. עס זענען ביים „בונד" תמיד געווען א סך מענשען מיט אמת'ע אידישע הערצער, ביי וועמען דער נאַציאָנאַל-געפיהל איז געפלאָסען פון ריינער ליעבע צו אונזער פאָלק און פון יענעם מענש-ליך-אידישען-שטאָלץ מיט זיין אייגענער אינדיווידואַליטעט, וואס איז אויפגעוואַכט געוואָרען אין אונז אין איינעם מיט דעם אויפוואַ-כען פון דעם מ ע נ ש ע ן אין דעם אין דרייען צונויפגעדרעהטען אידען. זייערע אידעאַלען און האָפענונגען, וואס זענען אויך געווען מיינע אידעאַלען און האָפענונגען, האָב איך מיט א יאָהר צעהן צו-ריק אויסגעדריקט און פערטיידיגט אין דעם זעקסטען נומער פון דעם בונדיסטישען „דער אידישער ארבייטער". קאַמפּף פאר נ אַ-צ י אָ נ אַ ל ע רעכט פונ'ם אידישען פאָלק אין רוסלאַנד, איין אַל-

וועלטליכע ארגאַניזאַציע פון דעם אידישען ארבייטערקלאַס; ענט־וויקלונג פון אידישער קולטור, מיט אייגענע פאָלקס־שוהלען, גימ־נאַזיעס און אוניווערזיטעטען...

דאָס איז געוויס א בערעכטיגטער אידעאַל, וואס האָט זיין ווערטה און בעדייטונג ניט פערלאָרען עד היום. אָבער דער „בונד" האָט גענומען און האָט ארומגערינגעלט דעם אידעאַל מיט פעלזענע ווענד און האָט איין מאָל פאר אלע מאָל פערוועהרט, מען זאל זיך חלילה נישט דערוועגען אריבערצוקלעטערען דעם פעלזענעם צוים. מיט וואס פאר א רעכט? פאר וואָס זאלען מיר קעמפפען פאר אונזערע נאַציאָנאַלע רעכט נאָר אין רוסלאנד און ניט א ו־מ ע ט ו ם, וואו מיר געפינען זיך אין א מעוט און וואו די ארומיגע וועלט וויל אונז איינשלינגען? פאר וואָס ניט קעמפפען פאר נאַ־ציאָנאַלע רעכט און א נאַציאָנאַלע קולטור אין גאַליציען, רומעניען, אמעריקא? מוז אונזער ליעבע צו דעם פאָלק פערלאָשען ווערען, ווי נאָר מיר קומען אין א פרייען לאַנד? מוז אונזער מענשליך־אי־דישער שטאָלץ פערשווינדען, ווי נאָר מיר שווימען אריבער דעם ים?

און פאר וואס זאלען מיר קעמפפען מעהר נישט ווי פאר ק ו ל־ט ו ר ־ נאַציאָנאַלע רעכט? האָבען מיר ווייניג ריין אידישע קרענק און וועהטאָגען, וואס ליעגען מחוץ דער קולטור און וואס קיינער וויל ניט און קאָן ניט היילען, סיידען מיר אליין? ס'איז גענוג דער־מאָהנען די עמיגראַציאָנס ־ פ ר א ג ע, יענע גרויסע און טיעפע לעבענס־נויט, וואס איז אָנגעוואקסען ביי אונזער פאלק אין די לעצ־טע דרייסיג יאָהר. אָט די פראַגע, ווי בכלל אלע פראגען, וואָס זע־נען פערבונדען מיט דעם ריין עקאָנאָמישען מעמד פון פאָלק, וועט מען מיט אידישע אוניווערזיטעטען ניט פערענטפערן. אָנשטאָט א ק ו ל ט ו ר ע ל־ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, מוז מען אומעטום שטרעבען צו א פ אָ ל י ט י ש ־ נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואס זאל געבען דער אידישער זעלבסט־פערוואלטונג די מעגליכקייט אויסצוהעלפען דאָס אידישע פאָלק אין א ל ע זיינע נויטען, וואס שטאַמען פון זיין נאַציאָנאַליטעט אין פון זיין בעזונדערער לאַגע. דער „בונדיסט", אויב ער איז עהרליך איבערגעגעבען צו די אינטע־רעסען פון דעם אידישען פאָלק, מוז ווערען א „סערפיסט".

עס וואלט אבער געווען א גרויסע עולה פון איהם, דעם „בונ־דיסט", וואס האָט בעוויזען אזוי פיעל קריטישען מוטה בנוגע צו

זיין אייגענעם פּראָגראַם, ער זאָל בלייבען אָבהענדיג שטעהן ביי יענע גרעניצען, מיט וועלכע דער „סערפּ" האָט ארומגעמויערט זיין פּאָזיציע. אין איינעם מיט די סערפּיסטען וואָלט ער געוויס איינגע־זעהן, אז אויב אַ פאָלק וויל באמת אליין פּערענטפערען אלע זיי־נע נויטען, אויב ער וויל פריי און זעלבסטשטענדיג ענטוויקלען זיין קולטור, מוז וועניגסטענס א היבשער טייל פון איהם וואָהנען אויף אַן אייגענעם לאַנד, וואו ער זאָל קאָנען זיין דער גאַנצער בעל הבית ניט נאָר אויף זיינע קולטורעלע פּראָצעסען, נאָר אויך אויף זיינע עקאָנאָמישע, דער גאַנצער בעל־הבית אויף זיין גאַנצען געשיכט־ליכען גורל. דער בונדיסט וואָלט אבער ניט מחויב געווען אין איי־נעם מיט די „סערפּיסטען" צו בלייבען שטעהן בלויז ביי דער הסכמה, אז אַ טערריטאָריע איז אַ וואוילע זאַך, און ביי דעם מאטעמאטיש־קלאָהרען, פשוט ניט אָבצופרעגענדען אמת, אז דער טערריטאָריא־ליסטישער אידעאַל וועט מקוים ווערען „דאָרטען און יעמאָלט, וואו און ווען"... ער וועט אי"ה מקוים ווערען. דער זעלבער עמיגראַצי־אָנס־שטראָם, וואס האָט איהם געמאכט ארויסוואַנדערן פון „בונ־דיזם" קיין „סערפּיזם", וועט מיט זיין אינערען לאָגישען אימפּעט אריבערטראָגען איהם אויך אריבער די גרעניצען פון דעם לעצטען. מיט רעכט וועט ער אונז, „סערפּיסטען", אויפוואַרפען: דער עמי־גראַציאָנס־שטראָם איז דאָך אַ פאַקט פון דעם אידישען לעבען. צעהנדליגע טויזענדער פערלאָזען יאָהר אויס, יאָהר איין זייער היים אין רוסלאַנד, גאַליציען און רומעניען און לויפען קודם כל קיין אמעריקא, וואו די ווייט אויסגעשפּרייטע אָרעמס פון דעם אמע־ריקאַנער פאָלק ווערען פון יאהר צו יאהר אלץ וועניגער ווייט אויס־געשפּרייט און דער קבלת פנים ווערט פון יאָהר צו יאָהר אלץ ווע־ניגער פריינדליך; וואו דאס לעבען פאר דעם אידישען עמיגראַנט איז שוין אויך ניט דאָס, וואס געווען אמאָל. פון דעם זיעבענטען הימעל, פון אַ גילדערנער מדינה, וואָס וויים ניט פון קיין אַנטי־סעמיטיזם, האָט דאס לעבען ביסלעכווייז זיך אראָבגעלאָזען צום זעכסטען, צום פינפטען, — און אפשר זענען מיר שוין דאָ אין אמע־ריקא אין דעם ערשטען, נאָר דעם ניעדעריגסטען הימעל. און ווער ווייס? אפשר זענען שוין געווען יענע פּעסימיסטען, וואס מיי־נען, אז די גרויסע מאסען האָבען שוין לאַנג דורכגעשריטען דעם כף־הקלע און זענען מיט דער פּאַרדערסטער מחנה, מיט דעם אוואַנ־

גארד, דער אידישער ארבייטערשאפט, שוין אריין אין דעם ערשטען פון די שבעה מדורי גיהנים... אויב שוין לויפען פון דער היים (און לויפען, הפנים, וועלען מיר נאָך יאָהרען און יאָהרען), פאר וואָס ניט לויפען אין איין א י י ג ע נ ע היים? פאר וואס דוקא פערבייטען איין גלות אויף דעם אנדערען? האָבען מיר שוין אלץ אויסגע־פרובט, וואס עס קאָן געטהאָן ווערען אין דעם ענין? געוויס טאָר מען ניט ארויסלאָזען פון אויג די אינטערעסען פון די, וואס מוזען בלייבען און וועלען בלייבען אין גלות. אבער ליעגט דען ניט אין זייערע אייגענע עקאָנאָמישע, קולטורעלע און נאציאָנאלע אינטע־רעסען צו האָבען הינטער זיך א פרייען, זעלבסטשטענדיגען אידישען צענטר, וואס זאָל טרייבען אין אלע אָדערן פון דעם צושפּרייטען פאָלק פרישע נאציאָנאלע לעבענס־קראפט?

איך בין זיכער, אז אזעלכע טענות פון דעם קאָנסעקווענט דענ־קענדען „בונדיסט“ וואָלט ארויסגערופען די רויטע פארב פון בושה אין אונזער פּנים, און מיר, „סערפּיסטען“, וואלטען, אין איינעם מיט איהם, געמוזט זיך שטעלען אויף דער פּאזיציע פון פּראקטיש־טעררי־טאָריאַליסטישער אַרבייט און ארייננרייסען זיך אין דער מחנה פון די „סאָציאליסטען־טערריטאָריאליסטען“. אבער פון די סאָציאליס־טען־טערריטאָריאליסטען ביז צו די „פּועלי ציון“ איז נאָר איין שריט. און אויך דער מוז געמאַכט ווערען סאי פון דעם „בונדיסט“, סאי פון דעם „סערפּיסט“, סאי פון דעם „סאָציאַליסט־טערריטאָ־ריאַליסט“.

אמת, מיט דער לאָגיק אליין קאָן מען דעם שריט ניט מאַכען, די לאָגיק פון דער אידישער פראגע דיקטירט נאָר איין איינציגען קאָנסעקווענטען ענטפער: אן אייגען לאנד. וואָסער לאנד דאָס זאָל זיין, מאַכט לאָגיש באמת קיין ברעקעל חלוק ניט אוים. אָבער די „פּועלי־ציון“ שטיצען זיך ניט אויף היילע לאָגיק. ווארפט איהר אראָב פון רעכענונג אלע יענע כלומרשט וויסענשאפטליכע, באמת לעבערליכע ארגומענטען, וועלכע פערשיידענע פּועלי־ציוניסטישע טהעאָרעטיקער האָבען פון פינגער אויסגעזויגען, כדי צו בעווייזען, אז דער נאַטירליכער ענטוויקלונגס־גאנג מ ו ז ארייננטרייבען דאס אידישע פאָלק אין פּאלעסטינאַ, בלייבט ביי די פּועלי ציון איבער יענער ענטפער, וואס א פערליעבטער גיט, בעת זיינע עלטערן און פריינד ווילען איהם אברעדען פון צו טהאָן א שלעכטען שדוך, וויי־

לע די כלה איז אי קרענקליך, אי ארעם, אי ניט שעהן...

זיין איינציגער, שארפער, אלע ויכוחים אבשניידענדער ענט־פער איז:

— אבער איך ליעב זי! זי איז ניט שעהן? אבער אין מיינע אויגען איז זי שעהנער, איידער די גאנצע וועלט. זי איז קרענקליך? אבער מיין גאנץ לעבען וועל איך אנווענדען און מא־כען זי ווידער געזונד און בליהענד. זי איז ארעם? איך האב גע־נוג ענערגיע צו ארבייטען פאר איהר.

איך וויים גאנץ גוט, אז סענטימענטען פון איינצעלנע מענשען שפיעלען זעהר א קליינע ראלע אין דער געשיכטע, און דער רעאלער פאליטיקער האט קיין רעכט ניט צו רעכנען זיך מיט ראמאנטישע שטימונגען פון איינצעלנע פערזאנען. אבער פערגעסט ניט, אז די ליעבע צו ארץ־ישראל איז ניט קיין שטימונג פון איינצעלנע, נאר א טיעף איינגעווארצעלטער געפיהל פון א גאנץ פאלק, און ניט קיין געפיהל פון נעכטען אדער אייערנעכטען (ווי צ. ב. דער נאפאלעאן־קולט ביי א געוויסען טייל פראנצויזען), נאר א ליידענשאפט פון איבער צוויי טויזענד יאהר. איך רעכען, אז אפילו דער ניטכטערנ־סטער מאטעריאליסט אין דער געשיכטס־פילאסאפיע מעג צוגעבען, אז א צוויי טויזענד יעהריגע בענקשאפט פון א פאלק איז א געשיכטליכע מאכט. דער ציוניזם איז דער מאדערנער, פראגרעסיווער אויסדרוק פון אט דער היסטארישער בענקשאפט, ווי די גאנצע אידישע רעליגיע, דער גאנ־צער קאמפף פון דעם אידישען פאלק פאר זיין נאציאנאלע עקזיס־טענץ איז געווען איהר אויסדרוק ביז אהער.

עס וואלט מיך א ברעקעל ניט געוואונדערט, ווען א געלערנטער ביאלאג וואלט אויפגעשטעלט די סברא, אז די ציוניסטישע בענק־שאפט איז איבערגעגאנגען פון דור צו דור ניט נאר דורך די בע־וואוסטע טראדיציע, נאר אויך ריין פיזיאלאגיש, דורך דאס שפיעל פון פערערבליכקייט, דורך דאס אריינדרינגען אין פלייש און בלוט פון יענע זיפצען און האפענונגען, מיט וועלכע עס איז געווען אנגע־זאפט די גאנצע אטמאספערע פון דעם אידישען לעבען אין גלות. װעניגסטענס, וואלט מיר די סברא פערענטפערט יענע ביטערע טרעהרען, וועלכע בונדיסטען האבען געוויינט אויף דעם זעקסטען באזעלער קאנגרעס, ווען מען האט פרינציפיעל פערביטען

ציון אויף אוגאַנדאַ. ניט די בונדיסטען האָבען דאָס געוויינט: די צוויי טויזענד יעהריגע בענקשאַפט פון דער אידישער נשמה האָט געפונקעלט אין יענע טרערען.

אָבער לאָמיר לאָזען אָן א זייט די נאָך ניט בעוויזענע, ווען אפילו זעהר וואהרשיינליכע וויסענשאפטליכע היפּאָטעזען. איינ־סטינקטיוו אָדער בעוואוסט, אדער ביידעס אין דער זעלביגער צייט, לעבט נאָך עד היום אין דעם גרעסטען רוב פון אונזער פאָלק דאָס בעוואוסטזיין און דאָס געפיהל, אז פּאַלעסטינאַ איז זיין פאָטער־לאַנד, אז דער סוף פון דעם גלות איז די צוריקקעהר קיין ארץ־ישראל. האָט א **סאָציאַליסטישע** פּאַרטיי, א פּאַרטיי, וואָס וויל ארבייטען פאַר דאָס פאָלק, דורך דאָס פאָלק, האָט אזא פּאַרטיי דאָס רעכט אוועקמאַכען כלאחר יד א פאָלקס־אידעאַל, וואָס געהט ניט להיפּך צו די פאָדערונגען פון דעם סאָציאַליזם, וואָס איז אדרבה א קאָנקרעטע אויספיהרונג פון א סאָציאַליסטישען פּרינציפּ: די פרייע און זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ פון פעלקער, לויט זייער אייגענעם ווילען? און אויב מיר האָבען פריהער געהאַט א רעכט, ניט צו רעכענען זיך מיט דער צוויי טויזענד־יעהריגער בענק־שאַפט פון דעם אידישען פאָלק, ווייל איהר בעפריעדיגונג האָט זיך אויסגעדרוקט אזוי אונמעגליך, האָבען מיר איצטער, ווען קיין זאַך קאָן ניט שטערען אין דער אמת שווערער, אבער האָפנונגס־רייכער ארבייט אין פּאַלעסטינאַ, אודאי קיין ברעקעל רעכט ניט אָבצוזאָגען זיך פון דעם פאָלקס־אידעאַל און ניט אנצואווענדען אלע כחות, וואָס זענען נויטיג דערצו, כדי דער אידעאַל זאָל פערווירקליכט ווערען וואָס גיכער און וואָס פולער...

און אויף אזא'ן אופן קאָן דער אמת נאַציאָנאַל־פיהלענדער און דענקענדער „בונדיסט“, וועמעס מוח ס'איז ניט געפענטעט אין קליי־זעל־דאָגמען, וועמעס הארץ ס'איז ניט בעדעקט געוואָרען מיט דעם דינעם שטויב פון פּאַרטיי־פּלפּול, ניט אָבזאָגענדיג זיך פון קיין איינ־ציגען רעאַלען פונקט פון זיין פריהערדיגער פּאָזיציע, ארייננעהמען אין זיין פּראָגראַם אלע וויכטיגסטע פאָדערונגען פון אלע זיינע געג־נער, **און דערביי גאָר ניט בעמערקען, אז ער שפּרייזט איבער אָבגרונטען**, מחמת דעם איין איינציגען פשוט'ען טעם: **ווייל אזעלכע אָבגרונ־טען זענען גאָר ניטאָ אין א מציאות.**

דער קאמפף צווישען דעם בונדיזם און דעם ציוניזם, די צוויי גרויסע ריכטונגען פון דעם אידישען געדאנק אין דער לעצטער צייט, איז אַרויסגערופען געוואָרען פון דעם בונד'ס זייט ניט דער־פאר, וואס דער ציוניסטישער ענד־צוועק געהט להיפך צו דעם בונ־דיסטישען אידעאַל. זאָל מאָרגען דורך אַ וועלכען עס איז נס דער ציוניסטישער אידעאַל מקוים ווערען, וועט געווים קיין בונדיסט, אפילו פון די „בעל־כרחך־אידען", אנטגעגען דעם ניט פּראָטעסטי־רען, אדרבא! זיי וואלטען ערשט יעמאָלט מיט פרייד דערפיהלט, ווי די גרויסע אויפגאבען פון דער סאציאליסטישער ארבייטער בע־וועגונג זענען אין גאנצען בעפרייט געווארען פון אלע יענע נאציא־נאַלע וועהטאָגען, וואס מוזען שטערען אין גלות די ארבייט ריין צו־ליעב זיי. דאס בעווייזט בעסער איידער אלע ארגומענטען, אז דער בונדיזם שליעסט פון זיך ניט אוים דעם ציוניזם, אז ער שליעסט איהם לאָגיש אין זיך איין. דער קאַמפּף, וועלכען דער „בונד" האָט געקעמפּפט אנטגעגען דעם ציוניזם (און אויך דער שרייבער פון די שורות האָט אַמאָל געהאלטען פאר זיין חוב צו העלפען איהם אין זיין קאַמפּף), איז געוועזען בערעכטיגט נאָר צו יענער צייט, ווען דער ציוניזם, נאָך דורכאויס פרעמד דעם סאָציאליסטישען געדאנק, נאָך דורך און דורך איינגעוויקעלט אין וואָלקענס פון אוטאָפּיע, האָט אוועקגעשטעלט פאר דאָס אידישע פאָלק נאָר איינס פון די ביידע: אָ ד ע ר דער קאמפף פאר אַ בעסערע צוקונפט אין גלות, א ד ע ר ארץ־ישראל. און אויף וויפיעל דער ציוניזם אָדער אַ וועלכע עס איז פון זיינע שאַטירונגען וועט זיך נאָך האלטען שטאָל און אייזען פאר אזא ענטוועדער־אָדער, וועט ער תמיד ארויסרופען אַ פערביטערטען קאַמפּף אנטגעגען זיך. אבער אויך דער ציוניזם האָט זיך געוואלטיג פערענדערט מיט דער צייט. פון אַ ריין בורזשואזער בעוועגונג, וואס האָט גאר ניט געוואלט אַ קוק טהאָן אויף די ארבייטער אינ־טערעסען פון דעם אידישען פאָלק, איז אויסגעוואקסען אַ סאציא־ליסטישער צווייג, וואס האָט צוגעצויגען צו זיך גרויסע מאַסען פון דעם אידישען פּראלעטאריאט. פון אַ ריין אוטאָפּיסטישער פאנטאַ־זיע, אויסגעוועבט פון האָפנונגען אויף דיפּלאָמאַטישע קונץ־שטיק מיט איינעם פון די רעאַקציאָנערסטע מאָנארכען פון אונזער צייט, איז דער ציוניזם געווארען צו אַ קולטורעלער און פּראגרעסיווער טאָג־טעגליכער ארבייט אין איינער פון די „קאָנסטיטוציאָנעלע איי־

ראפּעאישע מדינות. און זיין פּיינדליכע האלטונג צו דער פּאָזיטי־
ווער נאציאנאלער ארבייט אין גלות ווערט פון טאָג צו טאָג אלץ
ערנסטער און עהרליכער פערביטען אויף א פריינדליכע, וואָס מאכט
זי ברייטער און טיעפער, ווייל ער גיסט אין איהר אריין דעם גייסט
פון א גרויסען נאציאנאלען ענד־צוועק און בינדט זי צונויף מיט דער
צוויי טויזענד־יעהריגער בענקשאפט פון דער אידישער נשמה. איז
נאָך אלץ ניט געקומען די צייט, די צוויי ריכטונגען פון דעם אידי־
שען געדאנק זאלען זיך צונויפגיסען אין איין מעכטיגען שטראָם?

אין היינטיגען ארטיקעל האָבען מיר בעטראכט די פעראייני־
גונגס־פראגע, ארויסגעהענדיג פון דעם בונדיסטישען עקסטרעם אין
אונזער סאציאליסטישער געדאנקען־וועלט, און מיר האָבען געפונען,
אז די דריי גרונד־פראגען, וואס שפּאלטען פאנאנדער דאס אידישע
פּראָלעטאריאט: פּאלעסטינא, טערריטאָריאליזם און נאציאנאלע
ארבייט אין גלות, זענען ניט דריי פערשיידענע, איינס דעם אנדערען
פיינדליכע פּרינציפּען, נאָר דריי זייטען פון דעם זעלבען איינהייטלי־
כען געביי. צו דעם זעלבינגען רעזולטאט װעלען מיר קומען, ווען
מיר וועלען איבערקעהרען די לייטער און בעטראכטען די זעלבינגע
פּראגע אין דעם שיין פון דעם פּועלי־ציוניסטישען עקסטרעם.



# װעגן פֿאַראייניגונג

צװײטער אַרטיקל:

## אַן אָפֿענער בריעף צו די פּועלי־ציון אין אַמעריקאַ*)

ליעבע חברים!

מען קאָן ניט זאָגען, אַז די פֿעראייניגונגס־קאָנפֿערענץ פֿון די דריי אידישע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע ריכטונגען, צו װעלכער אויך איהר האָט געשיקט אייערע פֿערטרעטער, אַרבייט גאָר איבערמעסיג פֿלינק. קיינער װעט ניט האָבען קיין רעכט צו בעשולדיגען אונז אין איבעראײלעניש ביי אַזאַ װיכטיגען ענין. אויב מען קאָן אונז מאַכען אַ װעלכען עס איז פֿאָרװאורף, איז דאָס אפשר די צו גרויסע אויסגערעכענטקייט, דאָס װעלען געגוי, אויפ'ן קװינט, אָבװעגען יעדע הנחה, װאָס מען מוז מאַכען דעם „געגנער", געגוי, אויפ'ן מילימעטער, אָבמעסטען יעדען שריט, װאָס מען מוז טהאָן, כדי צונויפ־צו־געהן־זיך מיט איהם.

צייטענװייז האָבען די פֿערהאַנדלונגען געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק, אַז אַ סך חברים פֿון אַלע דריי צדדים שטעלען זיך פֿאָר אין אַ פֿאַלשען ליכט, סיי די מאָטיװען, װאָס טרייבען צו פֿעראייניגונג, סיי די פֿאָרם, װי אַזוי די פֿעראייניגונג זאָל געשעהען. טייל חברים פֿון אַלע ריכטונגען מיינען, אַז די תשוקה צו פֿעראייניגען זיך איז אויסגעװאַקסען פֿון דעם פֿאַקט, װאָס „זיי", די געגנער הייסט עס, האָבען איינגעזעהען, אַז „מיר" זענען גערעכט געװען און זיי װילען פּשוט אויף אַן אַנשטענדיגען אופֿן אַריינגעהן צו „אונז". דאָס לעבען האָט „זיי", די געגנער, אַריינגעפּויקט דעם אמת, אַז נאָר „אונזער" פּראַקטישע אַרבייט, — אָדער ריכטיגער: „אונזער" פֿאָדערונג פֿון פּראַקטישע אַרבייט, — האָט אַ היסטאָרישע ממשות. נאָר „אונזער" אַרבייט װעט ממילא געטהאָן װערען

*) מאַי, 1909.

אין דער פעראייניגטער פּאַרטיי. די איבעריגע „אויך־מיר“־אַרביי־טען וועלען גלענצען ווי אַ ציערונג אין דעם פּראָגראַם, און כּדי זיי זאָלען ניט קאָנען אַראָבגעהן פון דעם פּאַפּיער און חלילה באמת אַריינמישען זיך אין לעבען, מוז מען זיי לכתחילה פאָרמולירען אַזוי, אַז זיי זאָלען קיין מאָל אין ספק ניט זיין וועגען זייער ריין פּאַפּי־רענער עקזיסטענץ.

אַזוי דענקען די פּועלי־ציון וועגען די ס. ט. און דעם „סערפּ“; אַזוי דענקען די ס. ט. וועגען דעם „סערפּ“ און די פּועלי־ציון; אַזוי דענקט דער „סערפּ“ וועגען די פּועלי־ציון און די ס. ט. ס'פערשטעהט זיך, אַז ניט אַלע דענקען אַזוי. מיר האָפען, אַז ביי דעם גרעסטען טייל פון די חברים האַלט שטאַרק אין פערשווינדען יענע פּאַרטיי־פערבלענדענעס, וואָס האָט אונז ביז אַהער צוריסען אויף דרייען, און אַנשטאָט איהר וואַקסט אָן דער קלאָרער בעוואוסטזיין, אַז אונזער אַלעמעס דריי אַרבייטען פליעסען גלייכצייטיג אַרויס פון די אידישע לעבענס־נויטען, און מוזען דעריבער גלייכצייטיג נעפיהרט ווערען פון דער פעראייניגטער פּאַרטיי: די קאָלאָניזאַציאָן פון פּאַלעסטינאַ אַזוי גוט, ווי די טעריטאָריאַלע רעגולירונג פון דעם עמיגראַציאָנס־שטראָם, דיעזע אַזוי גוט, ווי דער קאַמפּף אַנטקעגען אַסימילאַציע, ווי די ערגאַבערונג פון נאַציאָנאַלע רעכט און ווי די פערטיידיגונג פון די אידישע אַרבייטער אינטערעסען — אין גלות. פעראייניגען זיך הייסט דעריבער — בילדען אַ נייע אידיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס זאָל קעמפּפען פאַר די גלייכצייטיגע דורכפיהרונג פון די דריי אַרטען אידיש־נאַציאָנאַלע אַרבייט.

דאָס פערשווינדען פון פּאַרטיי־פערבלענדענעס און דאָס אָנוואַקסען פון קלאָרען בעוואוסטזיין איז אָבער לײדער אַ פּראָצעס, וואָס שפּיעלט זיך ניט אָב ביי אַלע חברים מיט אַ מאָל און ביי יעדען חבר אין דערזעלביגער מאָס. אויף דער קאָנפערענץ גופא האָבען, ווי איהר ווייסט, זיך געלאָזט הערען שטימען פון אַלע צדדים, וואָס האָבען זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דעם פּרינציפּ פון גלייכצייטיגקייט און גלייכוויכטיגקייט פון די אויבען דערמאָהנטע אַרבייטען. עס זענען געווען שטימען, וואָס האָבען אָנגענומען די גלייכצייטיגקייט, האָבען אָבער בעטראַכט זייער אַרבייט פאַר די, וואָס דאַרף אָוועקגעשטעלט ווערען

אין צענטער, און עס זענען געווען אויך אזוינע, וואס האבען אונטער פעראייניגונג פערשטאנען — דאס פשוט׳ע צושטעהן צו „אונז“.

בעזונדערס רייך און פער׳עקשן׳ט זענען די לעצטערע שטימען געווען אויף אייער זייט, — חברים פון די אמעריקאנער פועלי־ציון. איך מאך אייך קיין פארוואורף ניט דערפאר. פון אלע דריי ריכטונ־גען פון דעם אידישען סאציאליזם זייט איהר, פועלי ציון, די ר ע ל י־ג י ע ז ע ס ט ע, — איך מיין עס, פערשטעהט זיך, ניט אין דעם זין פון וועלכע עס איז אבגעלעבטע דאגמען, נאר אין דעם זין פון גליהענדער איבערגעבענקייט און פאנאטישער טרייקייט צו אייער אידעאל. דאס איז א חסרון׳דיגע מעלה פון דעם אידישען גייסט בכלל און עס איז, כ׳לעבען, שווער צו זאגען, וואס עס וואלט בעסער געווען: מיט איהר, אדער אהן איהר. דערווייילע ווייסען מיר פון דער געשיכטע אויף געוויס, אז צייטענווייז האט דער גליהענדער אידישער פאנאטיזם געמאכט דאס אונמעגליכע פאר מעגליך און צייטענווייז האט ער דערפאר צוברענט אויף אש דאס נויטווענדיגע און דורכפיהרבארע. את הטוב נקבל ואת הרע לא נקבל? זאל דער גליהענדער אידישער וואולקאן פון איבערגעבענקייט צו אן אידעאל ניט פערלאשען ווערען! זאלען די פועלי־ציון און די פאנאטיקער פון אלע אנדערע ריכטונגען אריין אין די פעראייניגטע פארטיי, ערשט יעמאלט, ווען זיי וועט ווערען קלאר ווי דער טאג, אז די ארבייט צוליעב זייער אידעאל פערליערט דערביי א ברעקעל נישט, אז זי ווערט אדרבה בערייכערט מיט נייע און קרעפטיגע שאנסען! זאל די פעראייניגונג ווערען א פאקט מיט א ווייילע שפעטער, זאל זי אפילו אבגעלעגט ווערען ביז אחר הפאגראם הבע״ל (ווער וויים, ווי ו ו ע נ י ג לאנג מען דארף נאך אויף דערויףווארטען...), נאר לאז זי זיין פון ג א נ צ ע ן ה א ר צ ע ן. על פי הדחק קאן מען דאך מאכען א דערווייליגע פעראייניגונג פון יענע עלעמענטען, וואס זענען פריי פון פארטיי־פערבלענדענעם אדער וואס האבען ש ו י ן איינגעזעהען, אז א ל ע מ ע נ ס ארבייט וועט אבלעבען, ווען א ל ע וועלען ארבייטען אין איינעם און יעדע ארבייט וועט העלפען דער אנדערער.

בינו לבינו וועלען מיר פון אונזער זייט העלפען אראבטראגען די „בערג“, וואס ליגען כלומרש׳ט צווישען אונז, און אויספילען די אבגרונטען, וואס שיידען אונז כלומרשט אב. מיר האבען אין

דעם פאַריגען אַרטיקעל אַ ביסעל זיך דורכגעשמועסט מיט דעם בונדיסט. אויף דעם זעלביגען שטייגער וואָלט זיך מיר געוואָלט היינט דורכשמועסען מיט אייך, חברים פועלי־ציון. איך זאָג: „אויף דעם זעלביגען שטייגער". דאָס איז דער טייטש, אַז מיר וועלען ניט נעהמען דעם היסטאָריש געוואָרענעם פועל־ציון, מיט אַלע די טעאָרעטישע פשט'לעך און דריידלעך, וואָס ער האָט אַריינ־געטראָגען אין זיין פּראָגראַם פון דעם ספרים־אַלמער, ווי מיר האָבען אויך דעם „בונד'ס" ספרים־אַלמער געלאָזען אין גאַנצען אָן אַ זייט. אין דעם ערשטען אַרטיקעל האָבען מיר געהאַט אין זינען דעם לאַגיש דענקענדען, אידיש פיהלענדען „בונדיסט" און איצ־טער ערלויבט מיר נאָר צו רעכענען זיך מיט דעם לאַגיש דענקענדען, סאָציאַליסטיש־פיהלענדען ציוניסט.

און אונזער אַבמאַך איז: אַז דער ענדציעל זאָל זיין די בע־זעצונג פון ארץ־ישראל פון אַזאַ גרויסע צאָהל אידען, וויפיעל דאָס לאַנד קאָן נאָר אריינגעהמען אין זיך, און אַז דער קאַמפף פאַר דעם ציעל דאַרף געפיהרט ווערען אין די אינטערעסען פון דער אידישער אַרבייט, קודם כל דורך די אויסנוצונג פון אַלע קרעפטען, וואָס ליע־גען אין דער אידישער אַרבייטער־מאַסע גופא. דאָס איז דאָך, ליעבע חברים, דער לאַגישער תמצית פון דעם פועלי־ציוניזם.

ערלויבט מיר אָנהויבען אונזער שמועס מיט אַ קליינעם בילד פון דעם איצטיגען אידישען לעבען אין רוסלאַנד.

אין דעם ניו־יאָרקער „מאָרגען זשורנאַל" פון'ם 30טען אַפּריל איז אָבגעדרוקט אַ קאָרעספּאָנדענץ פון וואַרשאַ פון הערךן ד. מאָסקווין אונטער דעם נאָמען „דער קריזים אויף דער אידישער גאַס". איך גיעב דאָ איבער די וויכטיגסטע שטעלען וואָרט פאַר וואָרט.

„די בעלי־בתים", שרייבט הערר מאָסקווין, „געוועלטיגען און די אַרבייטער ליעגען נייען קלאַפטער אין דער ערד. אַלגעמיינע לאָקאַוטען אנשטאַט אַרבייטער־סטרייקען. פריהער האָבען די אַר־בייטער געשטעלט פאָדערונגען, איצט דיקטירען די בעלי־בתים. אין גראָדנאָ, ווילנאַ, מינסק, באָברויסק, סמאָרגאָן און אין אַ מאַסע אַנדערע שטעדט און שטעדטלאַך פון תחום, ווערען טויזענדער אידישע אַרבייטער אַרויסגעוואָרפען ביי זייערע אידישע בעלי־בתים"...

„די ווילנער אידישע לעדער־פאבריקאנטען האָבען זיך געווענ־
דעט מיט אַ בקשה צום פעראיין פון רוסישען
פאָלק, דאָס הייסט צו די שווארצע מאות, ער זאָל אויסשרייבען
פאר זיי קריסטליכע ארבייטער פון די אינערליכע גובערניעס. דאָס,
האָבען די אידישע פאבריקאנטען ערקלעהרט, וועט „גוט ווירקען"
אויף די אידישע ארבייטער, פאר וועלכע דער אריינפאָהר אין די
אינערליכע גובערניעס איז פארמאכט"...

„די לאָקאוטען האָבען ארויסגערופען אַ קריזיס פריהער פון
אַלץ אין די לעדער־אינדוסטריע, וואו די קאָנפליקטען האָבען זיך
צום ערשטען אָנגעפאנגען, און נאכהער האָט זיך שוין דער קריזיס
פערשפרייט איבער דער אידישער גאס אין אַלגעמיין. אין סמארגאָן
האָט דער לאקאוט געבראכט דערצו, אז אַ סך קרעמער
האָבען געמוזט צומאכען זייערע קרעמלאך,
מחמת עס איז פשוט נישטאָ ווער עס זאָל קויפען, בעלי־מלאָכות פער־
מאכען זייערע ווערקשטאטען, און הונגער און נויט הערשט אין
שטאָדט אויף'ן ברייטען אופן. דאָס זעלבע הערט מען פון באָרי־
סאָוו, סווענציאני, פינסק, קארלין, טיראספאָל און זאָ ווייטער.

„ווי ווייט די נויט איז גרויס אין די אידישע שטעדטלאך,
קען מען זעהן פון דעם פאקט, וואָס אין אַזא שטעדטעל ווי טיראס־
פאָל האָבען זיך פון אכט טויזענד איינוואָהנער כמעט צוויי טויזענד
געווענדעט נאָך הילף, וואָס איז באשטאנען פון דריי פונט
ברויט א וואָך, אויף א מענשען. און דאָס דארף מען
פערשטעהן, אז נור דער וואָס געפינט זיך אויף'ן גרעניץ פון הונ־
גער־טויט וועט געהן שווארצען דעם פנים צוליעב דריי פונט ברויט
א וואָך. היינט וויפיעל זענען פאראן אזעלכע וואָס, האָבענדיג די
מעגליכקייט אויסצוקומען אויף ברויט און וואסער געהען ניט בעט־
טען הילף? אין דעם קריזיס פרובירט זיך דער אידישער מיטעל־
מענש, דער קרעמער, דער קליינער סוחר, זוכען זיין הילף אין די
גרינדונג פון קאָאָפעראטיווע געזעלשאפטען פאר געגענזייטיגע הילף
און דעסגלייכען, אָבער, דאָס איז אַלץ גוט, ווען דער געברויכער
האָט פאר וואָס צו קויפען, אָבער קוים איז דער ארבייטער געבליע־
בען אָהן ברויט, בלייבט דער קרעמער אָהן פדיון, דער שניידער,
דער שוסטער אָהן ארבייט, דאמאָלס וועט דער ביליגער קרעדיט
אויך ניט העלפען. און שולדיג איז אין דעם קריזיס נור דער אידי־

שער „קאַפּיטאַל". אזוי, אַמוויינינגסטען, זאָגען ניט נור די אַרביי־טער וואָס ליידען דירעקט פון איהם, נור אויך דער גאַנצער קלאַס „מיטעל־מענשען". „וואָס טויג אייך קונצען — זאָגט צו מיר אַ קרעמער פון פּאַריטש, מינסקער גובערניע, וואָס איז געקומען קיין וואַרשא „זוכען אַ פּעקעל סחורה" אויף קרעדיט, — וואָס טויג אייך די קונצען? איך וויים איין זאַך, בעת רעוואָלוציע האָב איך געהאַט חיונה, איצט האָב איך יסורים". און עס איז גאָר פּשוט: ווען „חברה" האָט געבאַלי־בית־ועט, האָט זי גוט פערדיענט און געגעבען צו לייזען, האָט אַן אַרבייטער גיכער געקויפט אַ פּאָר שיך, אַן אַנצוג, האָט ער זיך ערלויבט אַ שטיקעל פלייש, טהעע, צוקער; אָבער איצט, אַז ער האָט אויף ברויט ניט, וועט איהם ליעגען אין זינען טהעע, קאַפע? פון אַ מלבוש שמועסט מען דאָך שוין ניט." „וואָלט איהר געוואָלט עס זאָל זיין נאָך אַ מאָל רעוואָלוציע?" — פרעג איך דעם קרעמער. „ס'זאָל נאָר ניט זיין קיין פּאָגראָמען און קיין „קאָספּראַציעס" — „פאַרוואָס ניט?" „איך זעה, איהר זענט גאָר אַ געפעהרליכער איד" — זאָג איך צום אָנהעגער פון „רעוואָלוציע". „אַז איהר ווייסט ניט וואָס אונזערע גבירים זיינען!"... די אַרמוטה דרינגט אַריין אַלץ טיעפער און טיעפער אין די ברייטע פאָלקס־מאַסען, פערכאַפּט אַלץ ברייטערע ראַיאָנען, און צוזאַמען מיט דער אַרמוטה, מיט'ן הונגער, פערשפּרייטען זיך אין דער אידישער גאַס, אַזעלכע טרויעריגע פאָלגען פון הונגער און נויט, ווי שנאָרעריי, פּראָסטיטוציע, קראַנקהייטען אויסצעהרונגס־קראַנקהייטען וואָס רואינירען דעם אַזוי אויך שוואַכען אידישען פאָלקס־אָרגאַניזם".

טראַכט זיך גוט אַריין אין דעם פרעהליכען בילדעל, ליעבע חברים! עס איז געמאָלען ניט פון אַ קינסטלער־האַנד, וואָס זעהט אַרויפצולעגען געדיכטער די פאַרבען, כדי די שטריכען זאָלען אויס־קומען בולט'ער. און געדרוקט איז עס ניט אין אַ ראַדיקאַלען בלאַט, וואָס רופט אין קאַמפּף מיט די גבירים צוליעב די אינטערעסען פון דעם אַרבייטער־קלאַס. דאָס איז געשריבען געוואָרען פון אַ בעל־הבית'ישען אידען אין אַ בעל־הבית'שער צייטונג. הפּנים, דער ק ע רן פון דעם אידישען לעבען איז שוין אַזוי בעפריים געוואָרען פון אַלע שאָלעכצען, וואָס האָבען איהם פערדעקט, אַז ער וואַרפט זיך אַליין אין די אויגען, און יעדער איינער קאָן לייכט איינזעהן, וואָס פון אַזא קערן מוז אַרויסוואַקסען.

פון דעם קליינעם בילדעל ווערט קלאר די אונגעהייערע ראלע, וואס די אידישע ארבייט הויבט אן צו שפּילען אין דעם לעבען פון דעם אידישען פאלק! אויב פריהער איז כמעט דער גאנצער לעבענס־קוואל געווען דער קליין־האנדעל, און דער קליין־האנדעל האט געצויגען זיין שפּייז פון דער דרויסענדיגער, ניט אי־דישער וועלט, איז איצטער דער קליין־האנדעל כמעט אין גאנצען אנגעוויעזען נאר אויף דעם אידישען קויפער און די אידישע קויפער־מאסע איז די אידישע ארבייטערשאפט. עס וואלט מיך צו ווייט געפיהרט, ווען איך וואלט וועלען אויסרעכענען אלע אורזאכען, וואס האבען דורכגעפיהרט די דאזיגע סאציאלע רעוואלו־ציע אין דעם אידישען לעבען. איין אורזאך מוזען מיר אבער דא דערמאנען, וואס האט גאנץ געוויס געשפּילט ניט קיין קליינע ראלע אין דעם פּראצעס. דאס איז דער אויפגעוואכטער נאציאנאל־עקאנאמישער קאמפּף פון אונזערע „שכנים" אנטקעגען דעם אידי־שען קליין־האנדעל, דאס אבגראבען פון יענע וואסערן, וואס האבען איהם געשפּייזט ביז אהער און וואס ווערען איצטער פּלאנמעסיג און בעוואוסטערהייט צוגעפיהרט צו די מיהלען פון דער ניט־אידי־שער קליין־בורזשואזיע.

עס ווערט פון דעם בילדעל קלאר אויך דער שארפער און טיע־פער ריס, וואס געהט דורך צווישען דער אידישער אונטערנעהמער־וועלט פון איין זייט און דער אידישער ארבייטער־וועלט פון דער אנדערער. אינטערעסאנט איז, אז די ארבייטער־וועלט ציעהט אריין, ווי מיט א מאגנעט, אין איהר אינטערעסען־ספערע א היבשען טייל קליינע קרעמער און זעלבסטשטענדיגע בעלי־מלאכות, וואס לעבען פון זייער אייגענער ארבייט. די פערשארפונג פון דעם אי־דישען קלאסען־קאמפּף אנטקעגען דער גרויס־בורזשואזיע איז ביי אזא לאגע אונפערמיידליך.

עס ווערט ווייטער קלאר די אונפערמיידליכקייט פון דעם פּא־ליטישען רעוואלוציאנערען קאמפּף אין דעם לעבען פון דער אידישער ארבייטערשאפט. ניט אזוי צוליעב דעם אבשאפען פון דעם אידי־שען תחום, ווי דאס שטעלט זיך פאר אויף דעם ערשטען פּלאן דער „וויטאראי גילדיי קופּיעץ" („קויפמאן פון צווייטען גראד") : אין עסטרייך און האלאנד זענען שוין לאנג ניטא קיין געזעצליכע תחום'ען פאר אידען און פון דעסטוועגען האבען זיי ניט פערלאזען

זייערע געגענדען און זייערע גהעטאָ'ס און האָבען זיך ניט צו־שפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד. דער רעוואָלוציאָנערער פּאָליטישער קאַמפּף ווערט אַ נויטווענדיגקייט פאַר דער אידישער אַרבייטער־שאַפט צוליעב איהרע אייגענע עקאָנאָמישע אינטערעסען אין דעם תחום גופא. אמת, ביי די אידישע אַרבייטער האָט נאָך ניט געקאָנט אַריבער יענער שרעק, וואָס די רעגיערונג האָט דורך פּאָגראָמען אַריינגעיאָגט אין איהרע ביינער; אמת, דער אלף־בית פון פּשוט'ע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע קלוגקייט פערוועהרט אויפ'ן שטרענג־סטען אופן, די אידישע אַרבייטערשאַפט זאָל נעהמען אויף זיך די איניציאַטיווע פון וויעדער־פאַנאַנדער־ברענגען דעם רעוואָלוציאָנע־רען פלאַקער אין רוסלאַנד, בעת די גרויסע, ניט אידישע מאַסען זענען נאָך ניט גרייט צום קאַמפּף. אָבער ווי נאָר דער פלאַקער וועט זיך פאַנאַנדערברענען, וועט געוויס קיין מאַכט אין דער וועלט ניט קאָנען אָבהאַלטען די אידישע אַרבייטער, זיי זאָלען זיך די ערשטע וואַרפען אינ'ם פייער. און די אידישע קליין־קרעמער־וועלט וועט זיי העלפען, און אפילו אַזאַ צייטונג ווי דער ניו־יאָרקער „מאָרגען זשורנאַל" וועט איהר מוזען געבען די הסכמה דערצו...

אָבער ביז די רעוואָלוציאָנערע גלוט וועט אויסטריקענען די אין ווילדער אונוויסענהייט און שכרות נאָך איינגעזומפּטע טיילען פון די ניט אידישע מאַסען, ביז אויך זיי וועלען פייער פאַנגען, קאָן דער רויך די אויגען אויסעסען, קאָן דער לעצטער אָטהעם פערגעהן. דער, וואָס האָט נאָך אַ טראָפּען בלוט אין די לונגען, וועט בלייבען אין דער היים און שטיקען זיך. ביי וועמען דער לעצטער טראָפּען האַלט ביים שווינדען, „דער וואָס געפינט זיך אויפ'ן גרענעץ פון הונגער־טויט", וועט זיך מוזען אַריינוואַרפען אין דעם עמיגראַ־ציאָנס־שטראָם...

און אין דער זעלביגער צייט וועלען „שנאָרעריי, פּראָסטיטו־ציע" און אַלע אַנדערע מאָראַלישע קראַנקהייטען, „פאָלגען פון הונ־גער און נויט", ניט נאָר נאָך מעהר פאַנאַנדערעסען דעם אידישען אָרגאַניזם, נאָר אויך אונטערלעגען נאָך מעהר ברענשטאָף אויף די אַנטיסעמיטישע פייערס און געבען דורך דעם נאָך אַ שטאַרקערען אימפּולס צו אַלע די פּראָצעסען, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס בעריהרט.

און ניט נאָר אין רוסלאַנד איז די לאַגע אַזאַ, אַז מיט איין

אויבענאויפ׳יגען שעפּ פון אַ קאָרעספּאָנדענטען־קענדרעל פּישט מען אַרויס אַ היבשע מאַסע פון אידישע קרענק און וועהטאָגען, צו וועלכע מען האָט זיך פריהער געדאַרפט אַראָבלאָזען אויפ׳ן גרונד. איז אין רומעניען בעסער? איז אין גאַליציען בעסער? איז אין אַמעריקאַ...

אָבער לאָמיר לאָזען „די גילדענע מדינה“ אויף אַ ווײַלע אָן אַ זייט. איהר ווייסט אַליין גאַנץ גוט, אַז אויך דאָ הויבען אָן ביס־לעכווייז פּלאַצען די שעהנע שאָלעכצען, וואָס פערדעקען דעם ת ו ך פון אונזער לעבען. לאָמיר אָבוואַרטען ביז דער קערן וועט נעהמען אַרויסשטעקען בולט׳ער און קלאָרער, יעמאָלט וועלען מיר רעדען וועגען איהם באריכות. אָבער ווי פערשיידען עס זאָל ניט זיין אונזער לעבען אין אַמעריקאַ פון אונזער לעבען אין די סלאַווישע לענדער, דאָס וועט דאָך קיינער ניט לייקענען, אַז די אידישע אַרבייט שפּיעלט דאָ כמעט נאָך אַ גרעסערע ראָלע אין דעם גאַנצען בוי פון אונזער סאָציאַלען קערפּער, ווי אין די סלאַווישע לענדער, און אַז דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון דער אידישער אַרבייט העננגט כמעט אין גאַנצען אָב פון דעם אידישען עמיגראַנטען־שטראָם. די אידישע אַרבייטער מאַסע מעג נאָך ווי ענערגיש קעמפּפען פאַר די פערבע־סערונג פון איהר לאַגע, וואָס פאַר אַ פעסטע בנינים זי מעג אויפ־בויען צו פערשטאַרקען איהרע פּאָזיציעס אין דעם עקאָנאָמישען קלאַסען־קאַמפּף, — די כוואַליעס פון דעם עמיגראַנטען־שטראָם, וואָס שליידערט טאָג־טעגליך אַרויס טויזענדער נייע הענד אויפ׳ן ברעג, מוזען אַראָבשווענקען די אַלע יוניאָנס און געווערקשאַפטען, וואָס ווערען אויפגעבויט מיט אַזוי פיעל מיה, אָדער לכל הפחות אונטערשווענקען זייער פונדאַמענט. פערגעסט ניט, ליעבע חברים, אַז דער עמיגראַנטען־שטראָם פיהרט מיט זיך עלעמענטען, ביי וועמען דריי פונט ברויט אַ וואָך (דריי פונט ברויט אַ וואָך!) איז שוין געווען אַ „קרן“ אין דער היים, ביי וועמען דריי ד אָ ל אַ ר אַ וואָך איז שוין אפשר אַ גאַנצער גן־עדן, און פערגעסט אויך ניט, ליעבע חברים, אַז ער פיהרט מיט זיך אויך אַזעלכע עלעמענטען, וואָס זיינען שוין גענוג פער׳סם׳ט מיט די מיקראָבען פון „שנאָ־רעריי און פּראָסטיטוציע“ און אַלע אַנדערע מאָראַלישע קרענק, וואָס ליעגען צווישען די צוויי עקסטרעמען, ער זאָל אויך דאָ אין אַמעריקאַ קאָנען אונטערלעגען ברענשטאָף אויף די פייערס פון דעם אַנטיסעמיטיזם. דאָס וויכטיגסטע אין דעם פּרט איז ניט אַזוי די

פערשטאַרקונג פון דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס געפינט אין דער אידי־שער מאָראַלישער צוקראַכענהייט אַ רייכען מקור חיונה, ווי די מאָראַלישע צוקראַכענהייט גופא און איהר ווירקונג אויף אונזער פאָלקס־לעבען...

אָט האָט איהר, ליעבע חברים, אַ פעקעל אידישע פּראָבלעמען, גלות־פּראָבלעמען, וואָס ווערען פון טאָג צו טאָג אַלץ מעהר און מעהר אָנגעוועהטאָגט, און וואָס שרייען נאָך אַן ענטפער. וואָס איז אַ י י ע ר ענטפער אויף זיי? נישיים מעהר נישט ווי די איין־איינציגע טרייסט, אַז אם־ירצה השם אין ארץ ישראל וועלען מיר פּטור ווערען פון אַלע צרות? נישיים גלויבט איהר באמת, אַז דאָס אידישע לעבען וועט אָננעהמען אַזאַ'ן ענטפער? לעגט זיך אייך נישט אויפ'ן שכל, אַז דער בונדיסט, וואָס קומט מיט דעם רוף צו אַ רעוואָלוציאָנערען פּאָליטישען און עקאָנאָמישען קלאַסען־קאַמפּף; דער „סערפּיסט“, וואָס לעגט דערצו נאָך אַזוי פיעל וואָג אויף די עקאָנאָמישע און קולטורעלע, ד. ה. אין ערשטער ליניע: די מ אָ ר אַ ל י ש ע ו ו י ע ד ע ר ג ע ב ו ר ט פון דעם אידישען פאָלק אין גלות; אַז דער טעריטאָריאַליסט, וואָס אַרבייט אויף דעם פּראָבלעם, ווי אַזוי צו קאָנצענטרירען דעם סטיכישען אידישען עמיגראַנטען־שטראָם אין אַן אייגען לאַנד, אַז זיי אַלע הערען זיך מעהר צו צו דער שטים פון דעם ווירקליכען לעבען, איידער איהר, און אַז דעריבער וועט אויך דאָס פאָלק זיך מעהר צוהערען צו זיי, איידער צו אייך?

— „מיר זענען צ י ו נ י ס ט ע ן!“ — הער איך איין ענטפער פון אייער זייט. „אַלס מענשען, אַלס סאָציאַליסטען, אַלס אידען מעג זיך יעדער איינער פון אונז אינטערעסירען, מיט וואָס ער וויל, און אַרבייטען, פאַר וואָס ער וויל. אַלס צ י ו נ י ס ט ע ן האָבען מיר נאָר איין ציעל פאַר די אויגען — די אידישע קאָלאָני־זאַציע אין פּאַלעסטינאַ“.

אָן ענטפער איז דאָס, ליעבע חברים, אָבער ניט פאַר אייך. אַזוי קאָן טענה'ן דער אַ ל ג ע מ י י נ ע ר ציוניסט, אָבער ניט דער פּ ו ע ל י־ציוניסט. די אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז ניט קיין פּ אַ ר ט י י, נאָר אַ ל י ג ע, — אַ בונד פון פער־שיידענע מענשען פון אַלערליי פּאַרטייען און ריכטונגען, וואָס האָבען נאָר איין בשותפות'ען פונקט — די אַרבייט פאַר פאָלקס־

טינאַ. זי פערלאַנגט ניט, מענשען זאָלען זיך אָבזאָגען פון פּאַרטייען און פּראָגראַמען. זי פאָדערט נאָר, אַז אין דער צ י ו נ י ס ט י־ ש ע ר אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע זאָלען זיי אַרבייטען מעהר נישט, ווי פאַר ציון. צו איהר קאָן צושטעהן דער מזרחי און דער „שומר שבת" אַזוי גוט, ווי דער אַטהעאיסט; דער פּראָלעטאַריער אַזוי גוט ווי דער בורזשואַ. יע, אַפּילו דער ווילנער פאַבריקאַנט, וואָס זוכט די הילף פון די שוואַרצע מאות, מעג אַריינטרעטען אין דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע מיט דעם אויסרייד, אַז אין ג ל ו ת איז ער געצוואונגען צו פאָלגען די געזעצען פון דער עקאָנאָמישער קאָנ־קורענץ און פערבייטען אידישע אַרבייטער אויף רוסישע. אמת, איך קאָן מיר ניט פאָרשטעלען, ווי אַזוי אַ אידיש־נאַציאָנאַלע אָרגאַני־זאַציע וואָלט געקאָנט דולדען צווישען זיך אַזעלכע ברואים, וואָס טרעטען מיט זייערע שמוציגע פיס די עהרע פון אונזער פאָלק, און איך בין זיכער, אַז קיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, זי מעג זיין ווי קאַפּיטאַליסטיש געזאָנען, וועט ניט דערלאָזען, זיי זאָלען זיך געפי־נען אין איהר אַפילו איין טאָג. אָבער ע ל פ י ס ט אַ ט ו ט פ ו ן אַ ל י ג ע האָבען זיי אַ רעכט צו בעלאַנגען צו די ציוניס־טען, אויב זיי נעהמען אָן אַלע פונקטען פון דעם באַזעלער פּראָגראַם.

אָבער איהר, פועלי־ציון, איהר זענט דאָך אַ פ אַ ר ט י י, אַ פּאַרטיי פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, וואָס וויל, ווי יעדע פּאָליטישע פּאַרטיי, פערענטפערען אַ ל ע פראַגען פון דעם פאָלקס־לעבען, אַרויסגעהענדיג פון איהר בעזונדערען פּאַרטיי־שטאַנדפונקט. מיט וועלכען רעכט פערמאַכט אַ י ה ר די אויגען אויף די לעבענס־נויטען פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט און דעם אידישען פאָלק? און אויב איהר קוקט אויף זיך ניט ווי אויף אַ פּאַרטיי, נאָר ווי אויף אַ ל י ג ע פון סאָציאַליסטיש־געזינטע ציוניסטען, מיט וואָס פאַר אַ רעכט רופט איהר אונטער אייער פלאַג די גאַנצע אידישע אַרבייטער קלאַסע? מיט וואָס פאַר אַ רעכט קאָנקורירט איהר מיט די אַנדערע אידיש־פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען?

— „מיר זיינען ניט קיין ליגע, נאָר אַ פּאַרטיי, און מיר פער־מאַכען גאָר ניט די אויגען אויף די פּראָבלעמען פון דער אידישער געגענוואַרט", הער איך אַן אַנדער ענטפער פון אייך. „אָבער וואָס זאָלען מיר טהאָן, אַז, לויט אונזערע אָנשויאונגען און טהעאָריען, קאָן מען גאָרנישט ניט אויפטהאָן אין גלות, און די טעריטאָריאַלע

קאָנצענטרירונג פון דעם עמיגראַציאָנס־שטראָם איז ניט מעהר ווי אַן אויטאָפּישע כימערע!"

איך מוז מודה זיין, אז איך בין ווייניג בעקאַנט מיט אייערע אנשויאונגען און טהעאָריען, אמעריקאַנער חברים פּועלי־ציון! אָבער אזוי פיעל האָב איך געהערט וועגען זיי, אז קיין גרינדליכע ג ייסטען האָט איהר אויף דעם טהעאָרעטישען פעלד ניט אויפגעטהאָן, מיט נ י י ע אונטערזוכונגען האָט איהר אונזער ליטעראַטור ניט בעררייכערט, און דאָס א ל ט ע ליעדעלע פון „מיר קאָנען גאָר נישט טהאָן" זינגט איהר גאָר אויף דעם אַלטען שטייגער.

„מיר ק אָ נ ע ן גאָרנישט ניט טהאָן"! האָט איהר ווען עס איז ג ע פּ ר ו ב ט וואָס עס איז טהאָן? וואו זיינען אייערע ל ע ב ע נ ס־ע ר פ א ה ר ו נ ג ע ן אויף דעם פעלד פון גענענ־ווארט'ס־ארבייט? וואָס האָט איהר זיך אונטערגענומען צו טהאָן אויף דעם פעלד, וואָס האָט זיך אייך נישט איינגעגעבען און פאַר וואָס? ווייזט מיר איין פּ ע ר ז ו ך אייערען אין זיין גאַנצער גע־שיכטע, מיט אַלע די קרבנות, וואָס איהר האָט געבראַכט צוליעב איהם, און לאָמיר אין איינעם פונאנדער־פּאַלמעסען איהם, כדי אויסצוגעפינען ווער איז שולדיג אין זיין בראָך: דער אַלע איינ־שלינגענדער „גלות" אָדער אפשר איהר, מיט אייער שלעכט אָנגע־ווענדעטער פּראַקטיק. האָט איהר אפשר געפּרובט בויען קאַנאַלען, וואָס זאָלען אָבציהען אויף דאָס גאַנצע לאַנד דעם איבערפלוס פון די אידישע אימיגראַנטען, כדי צו געבען די מעגליכקייט דעם אידי־שען אַרבייטער בויען זיינע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען אין דער טרוקעניש? פאַר וואָס האָט זיך אייך דאָס ניט איינגעגעבען?

האָט איהר אפשר געפּרובט העלפען דעם אידישען אַרבייטענ־דען פאָלק געפינען נייע קוואַלען פון חיונה, כדי צו פערמיידען די קאָנקורענץ פון די אַרבייטער צווישען זיך אין די איבערגעפּאַקטע „שער־און־נאָדעל־אינדוסטריען"? וואָס האָט איהר געטהאָן צוליעב דער אידישער פ אַ ר מ ע ר־ב ע ו ו ע ג ו נ ג, וואָס איז סטי־כיש אויסגעוואַקסען אין לאַנד און וואָס וועט, דוכט זיך, שעהן פאַנ־אַנדערבליהען זיך, אויף צו להכעים אַלע פילאַנטראָפּישע אינסטי־טוטען, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרען, צו... שטיצען זי? וואו זענען אייערע ב צ ל א ל־ש ו ה ל ע ן אין ניו יאָרק, און אין פילאַדעלפיא, און אין שיקאַגאָ, און אין באָסטאָן, כדי איינצו־

אימפּפּען דעם אידישען פאָלק די קונסט־נעווערבע און כדי צו עפענען פאַר איהם דערמיט נייע פּרנסות? אָדער זענען זיי שוין צופאַלען? פאַר וואָס?

האָט איהר אפשר געפּרובט רעפאָרמירען די גרונדלאַגען פון דער אידישער געווערקשאפטס־בעוועגונג אין אמעריקא, וואָס איז אויפגעבויט נאָך דעם אמעריקאניש־ענגלישען מוסטער, וואָס טויג לחלוטין ניט פאַר אונז, א פאָלק פון אן אנדער סאָציאַלער לאַגע, אן אנדער נאציאָנאַלער קולטור, און וואָס מוז האָבען אנדערע פאָלקס־אויפגאַבען אין זינען?

האָט איהר געפּרובט קעמפּפען אַנטקעגען דער אונבעוואוסטער אסימילאַציע, וואָס געהט אָן אין דעם אמעריקאנער לעבען? האָט איהר געזעהן צו פערשטאַרקען דעם אונבעוואוסטען נאַציאָנאַלען וועב־אינסטינקט פון דעם אידישען פאָלק, כדי צו מאַכען איהם דיענען פאַר אייער ענד־ציעל? וואו זיינען די אידישע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שוהלען, וואָס איהר האָט אויפגעבויט און זענען דורך דעם גלות פאַנאַנדערגעפאַלען? אהער מיט דעם פּנקס! אהער מיט דעם פּראָטאָקאָל־בוך פון אייער בעוועגונג אין אמעריקא, דאָס איינציגע בוך פון אייער ספרים־אַלמער, וואָס קאָן האָבען א וועלכע עס איז וויסענשאַפטליכע ממשות!... אויב מיר וועלען דאַרטען ניט געפינען די געשיכטע פון אייערע מעשים אויף די אַלע אויבענדערמאָנטע פעלדער, ווייל איהר זענט נאָך א צו קליינע הייפעלע אין דעם לאַנד, וועלען מיר געווים בעקאַנט ווערען מיט אייערע פּאַרדערונגען פון אַזעלכע מעשים, דעם ערשטען שריט צו זיי, וואָס איהר האָט געמוזט מאַכען, כדי אויסצוגעפינען אויף קלאָר, וואָס עס קאָן און וואָס עס קאָן ניט אויסגעפיהרט ווערען אין גלות...

— „מיר האָבען די אַלע זאַכען ניט געפּרובט און מיר וועלען זיי ניט פּרובען, אפילו ווען מען וואָלט געקאָנט עפּעס אויפטהאָן אין גלות, ווייל מען טאָר ניט צושפּליטערען די כחות, ווייל מען מוז אַלע אָנווענדען אויף איין איינציגען פּונקט, אויף דעם ענדציעל", הער איך א דריטען ענטפער פון אייער זייט.

א צרה מיט דעם וועלען „קאָנצענטרירען"! יעדער איד זיצט זיך ביי זיך אין דער היים און טראַכט, און טראַכט: וואו איז דער מיטעלפּונקט פון אַלע פּלאָגען, יענער מיטעלפּונקט, פון וועלכען

עס הענגט אָב אַלץ, און אין וועלכען מען דאַרף נאָר איין רעכטען גוטען שנעל טהאָן, כדי די גאַנצע לאַגע זאָל זיך איבערבייטען מיט אמאָל?? און אזוי, ווי דער איד האָט אַ גוטען קאָפּ, געפינט ער איהם, דעם סאַמע רעכטען מיטעלפּונקט, און אזוי ווי ער האָט אַ היים בלוט, ווערט ער אַ פאַנאַטישער אָנהענגער פון זיין צענטראַל־פּינטעל, און אזוי ווי ער איז נאָך דערצו אַ פּראַקטישער מענש, פערשטעהט ער גאַנץ גוט, אַז די בעסטע זאַך וואָלט געווען — צונויפזאַמלען אַלע כחות פון דעם גאַנצען פאָלק, און מיט אמאָל אַ שנעל טהאָן אין דעם אויסדערוועהלטען פּינטעל. דאָס וואָלט נאָך אפשר קיין אונגליק ניט געווען. די צרה איז, וואָס יעדער איד זיצט ביי זיך אין דער היים און געפינט זיך אויס זיין צענטראַל־פּינטעל, איינס פון די פיעלע־פיעלע פּונקטען, וועלכע דאָס לעבען רוקט אַרויס. און די גאַנצע פּראַקטישקייט דערפון בעשטעהט אין דעם, וואָס דער עולם הויבט זיך אָן רייסען פאַר די נעז — וועמעס פּינטעל איז באמת דער סאַמע צענטראַלער, און אין די רייסעניסען געהען אוועק די יאָהרען און די כחות.

קאָנצענטרירען אַלע כחות אויף דעם ציוניסטישען פּונקט! האָט איהר אזוי פיעל פּראַקטיש ציוניסטישע ארבייט אין גלות, איהר זאָלט קאָנען קאָנצענטרירען אויף איהם אַלע כחות פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט? וואָס קאָן דאָס אידישע פּראָלעטאַריאַט, וואָס קאָנען די גרויסע פאָלקס־מאַסען טהאָן אין גלות פאַר ציון, אחוץ די פּאָר גראָשען צונויפשלאָגען און אַ פּאָר מאָל אין יאָהר אַ טאַנץ טהאָן אויף אַ ציוניסטישען באַל?

קאָנצענטרירען אַלע כחות אויף דעם ציוניזם! אזוי נאָר? און וואו איז עפּעס אייער סאָציאַליסטישע ארבייט? איהר זייט דאָך עפּעס סאָציאַליסטען, וואָלט איך וועלען מיינען! אָדער איהר זענט סאָציאַליסטען, אויף דעם זעלבינגען שטייגער, ווי די „אידיש שפּרעכענדע“ געגנאָסען זענען אידען? אַ מין „סאָציאַליסטיש שפּרעכענדע ציוניסטען“? היינט צוליעב וועלכער פּראַקטיש־סאָציאַליסטישער ארבייט דאַרפט איהר האָבען אַן אייגענע אידיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע? פיהרען דעם קלאַסען־קאַמפּף צווישען אידען? איהר הערט זיך דאָך ניט איין אין די ספּעציעל אידישע נויטען פון דער אידישער אַרבייטער מאַסע! אין דעם פּונקט איז דאָך כמעט

גאָר קיין חלוק ניטאָ צווישען אייך און די „אידיש שפּרעכענדע“, און אויב עס איז יאָ דאָ אַ וואָסער עס איז חלוק אין נאַציאָנאַלען זין איז דאָס מעהר אויף דער זייט פון די „א י ד י ש שפּרעכענדע“, וואָס זענען אין דער זעלביגער צייט, ווילענדיג — ניט ווילענדיג, א י ד י ש ט ה ו ע נ ד ע גענאָסען: זיי האָבען לכל הפחות — גוט אָדער שלעכט — אַ סאָציאַליסטישע פּרעסע אין אידיש בעשאַפען, אַ שטיק פּראָגרעסיוו־אידישע ווירקליכקייט אויפגעבויט. זיי זענען אין דער טהעאָריע אַסימילאַטאָרען, אָבער אין דער אונבעוואוסטער ווירקליכקייט — אידען. איהר אָבער, חברים פּועלי־ציון, זייט אין דער טעאָריע און אין דעם ענדציעל ציוניסטען, אין דער ווירקליכקייט אָבער אויך ציוניסטען: אַסימילאַ־ציוניסטען... איז — פיהרט זיך אייערע סאָציאַליסטישע ארבייט אין איינעם מיט דעם אַלוועלטליכען פּראָלעטאריאַט, ווי איהר פיהרט אייער ציוניסטישע ארבייט אין איינעם מיט דעם אַלגעמיינעם ציוניזם. זייט דאָרטען ציוניסטיש־געוואָנענע סאָציאַליסטען, ווי איהר זייט דאָ — סאָציאַליסטיש־געוואָנענע ציוניסטען. אַ אידיש־סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי, וואָס זאָל פערענטפערען אַלע נויטען פון דער אידישער ארבייטער מאַסע, האָט איהר קיין רעכט ניט צו בילדען.

און דאָס קומט אַלץ פון אייער „מאָנאָ־פינטעליזם“, פון אייער וועלען „קאָנצענטרירען“ אַלע כחות אויף איין צענטראַל־פינטעל. איהר טאָרט ניט קעמפפען פּאַקטיש אַנטקעגען דער אַסימילאַציע, ווייל — ווייל דאָס וועט ביי אייך אָוועקנעהמען כחות פון דעם צענטראַל־פינטעל. אָבער איז דאָס אין דער אמת'ן פּראַקטיש? איך רעד שוין ניט דערפון, וואָס יעדע פּאַרטיי האָט א י ה ר צענטראַל־פינטעל, וואָס איז אויך אַלע מאָל אַן אָנגעוועהטאָגטער פּונקט פון דעם אידישען לעבען, און דעריבער וועט איהר זי בשום אופן ניט קאָנען אַראָבשלאָגען פון איהר פּאָזיציע און אריינ־„קאָנצענטרירען“ איהרע כחות אין אייער פּאַרטיי. איך מיין, אַז, אפילו ווען א ל ע זאָלען שוין מסכים זיין מיט אייך, וואָלט אויך יעמאָלט די קאָנצענטראַציאָנס־טאַקטיק געוועזען שעדליך פאַר אייער ענדציעל, וואָס וועט באַלד ווערען, ווי איך האָף, דאָס ענדציעל פיר אונז אַלעמען.

איך ווייס ניט, ליעבע חברים, אין וואָס איהר זעהט יענע

קרעפטען, וואָס טרייבען צו דעם ציוניסטישען אידעאל און צו דער דירעקטער אקטיווער ארבייט אין ארץ ישראל. אויב איהר האָפט אויף א וועלכען עס איז „אייזערנעם, עקאָנאָמישען" פּראָצעס, וואָס זאָל אריינטרייבען א טייל פון די אידען אין ארץ־ישראל, האָב איך שטארק מורא, אז די „אייזערנע עקאָנאָמיע" וועט אָבנארען אייערע האָפנונגען, ווי זי האָט שוין אין א פולע־פולע אנדערע פּרטים ניט געשעהמט זיך, ניט צו האלטען וואָרט. קוקט זיך בעסער צו צו יענע קרעפטען, וואָס האָבען ביז אהער בעשאַפען די ציוניסטישע בעוועגונג און די ארבייט אין ארץ־ישראל: זענען דאָס געווען „אייזערן־עקאָנאָמיש־מאַטעריאליסטישע", אָדער ריין אידעאליסטישע, פּור־פלאַט ראָמאַנטישע? לאָמיר קיין מורא ניט האָבען פאר ווערטער און פאר דעם אמת. דער ציוניזם, ליעבע חברים, איז ריינע ראָמאַנטיק, יענע ראָמאַנטיק וואָס שטייגט ארויף פון לעבען גופא אין די הימלען פונ'ם אידעאל, און וואָס האָט די קראַפט צו בעשאַפען גשמיות'דיגע ווירקליכקייט. לאָז דער מאַטעריאליסטישער געשיכטס־בעל־דרשן שאַרפען זיין מוח צו בעווייזען, אז די דאָזיגע ראָמאַנטיק איז אין תוך אריין ניט מעהר ווי א מין איידעל געוואָרענע, פער־פיינערטע „עקאָנאָמישע מאַטעריע". לאָז ער זיך קליגען צו דער־קלעהרען דעם פאַקט, ווי ער וויל. מיר דארפען זיך האלטען פאר דעם פאַקט גופא, וועלכען קיין מענש קאָן ניט אָבלייקענען. ר אָ מ א נ־ט י ק ע ר האָבען בעשאַפען און דורכגעפיהרט אלץ, וואָס איז בעשאַפען און דורכגעפיהרט געוואָרען אין ציוניזם. און אזוי וועט דאָס מסתמא זיין אויך אין דער צוקונפט. דור־אויס, דור־איין וועט דאָס אידישע פאָלק ארויסשטעלען א צאָהל ראָמאַנטיקער, וואָס וועלען זיך מ ק ר י ב זיין פאר דער שווער־שווערער, כמעט איבערמענשליכער ארבייט פון רעאליזירען דעם ציוניסטישען אידעאל. ראָמאַנטיקער זענען אָבער בלומען, וואָס וואַקסען ניט געדיכט און ניט אין ווילדען צושטאַנד. מען מוז גוט בעאַקערען און בעוואַסערען דאָס פעלד, אויב מען וויל, אויף איהם זאָלען, צווישען דעם פּשוט'ען גראָז, ארויסשפּראָצען ראָמאַנטיקער־בלומען. און ניט פיעל זענען זיי סיי ווי סיי. מען מוז בעארבייטען גרויסע שטח'ם ערד, מען זאָל קאָנען בעקומען זיי אין א גענוגיגער צאָהל. גלויבט איהר ניט, ליעבע חברים, אז, אויב עס וואָלט זיך איינגעגעבען צו האָבען פאר דעם עמיגראַציאָנס־שטראָם אן אייגען לאנד, וואָלט עס

געקאָנט אַרויסברענגען אַ סך אַ גרעסערען יעהרליכען פּראָצענט ריינע אידעאַליסטישע ציוניסטען, איידער דאָס קאָן טהאָן די גאַנצע יודענשאַפט אין גלות? אַלץ איינס, וואו דאָס לאַנד זאָל ניט זיין געלעגען: אין אַזיע, אָדער אין אויסטראַליע און אַ פּשיטא שוין — אין מ ע ס אָ פּ אָ ט אַ מ י ע, (אויב דאָס לאַנד טויג נאָר פאַר אידישע מאַסען־קאָלאָניזאַציע), וואָס ליעגט אַזוי נאָהענט צו ארץ־ישראל, וואוהין דער ארץ־ישראל ווינד קאָן אין אַ פּאָר שעה דער־פליהען און ברענגען מיט זיך ארץ־ישראל לופט און ארץ־ישראל בענקשאַפט....

גלויבט איהר ניט, ליעבע חברים, אַז אויך אין גלות קאָן די ראָמאַנטישע „ב ל ו י ע" ציוניסטען־בלום בעסער וואַקסען יע־מאָלט, ווען עס ווערט געפיהרט אַן אינטענסיווע נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגע באַלעבאַטישקייט, איידער יעמאָלט, ווען גאַנצע אידישע פעלדער ווערען פערשאָטען און פערוויסט דורך דעם סאַחאַרא־זאַמד פון דער אַסימילאַציע?

וואָס מעהר שטח איהר רייניגט אָב פון אָט דעם סאַחאַרא־זאַמד, וואָס ענערגישער איהר רינגעלט אַרום דעם שטח מיט אייגענע אידישע וואַלדונגען, אַלץ מעהר שאַנסען האָט איהר, אייערע אידע־אַלען זאָלען שלאָגען וואָרצלען אין איהם און זיך פּאַנאַנדערבליהען. בפרט ווען די אַרבייט וועט לכתחילה געפיהרט ווערען אין דעם גייסט און אונטער דער קאָנטראָלע פון אייער אידעאַל! יעדער טראָפּען ענערגיע אייערע, וואָס איהר וועט אַריינגיסען, אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע ריכטונגען פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, אין די טעריטאָריאַלע אַרבייט און אין די נאַציאָנאַלע אַרבייט אין גלות, איז אַ קאַפּיטאַל, וואָס וועט זיך צוריקקעהרען צו אייך מיט צינזען און צינזעס־צינזען אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס, איידער ווען איהר וועט „קאָנצענטרירען" אייערע כחות בלויז אויף דער אַרבייט אין ארץ־ישראל און לאָזען פערזאַמדט און פערשאָטען ווערען יענע פעלדער, אויף וועלכע איהר זייט אַליין אויסגעוואַקסען, לאָזען אַ גרויסען טייל פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט צאַפּלען זיך אויף דער גרעניץ פון הונגער־טויט אָדער צופוילט ווערען פון שנאָרעריי, פּראָסטיטוציע און אַלץ, וואָס ליעגט צווישען זיי...

איך וויים גאַנץ גוט, ליעבע חברים, אַז איך האָב אין מיין היינטיגען בריעף צו אייך געוויס ניט אויסגעשעפּט אַלע פּונקטען,

וועגען וועלכע מיר מוזען זיך נאָך גוט דורכשמועסען, אפילו ניט אַלע פּרטים פון די פּונקטען, וועלכע איך האָב שוין בעריהרט. אָבער — ווי געזאָגט: איך רעכען גאָר ניט, אַז די פעראייניגונג מוז אויפגעבלאָזען ווערען אין איינס און צוויי. עס האָט צייט, אָדער עס מ ו ז נעהמען צייט, ביז מיר וועלען אַלע אין איינעם דורכ־נעהמען אַלע פּרטים פון דער ציוניסטישער, דער טעריטאָריאַלער און דער פּראַקטישער גלות־אַרבייט. לאָמיר דערווייל ווייטער אָב־האַלטען אונזערע קאָנפערענצען מיט דער שטילער און הייסער האָפענונג אין הארצען, אַז אויך די איינגעלאַדענע ברידער פון דעם „בונד" וועלען איינזעהן, אַז מיט געוואַלד שלעפּט מען קיינעם ניט אין די פעראייניגונג און אַז דעריבער איז גאָר קיין עולה ניט פון זייער זייט, זיי זאָלען צושטעהן צו אונזער ב ע ר א ט ה ע נ ד ע ר קאָנפערענץ. אַ שטיקעל געגענגעוויכט צו אייך, פּועלי־ציון, וואָלטען זיי געוועזן גאַנץ געוויס, און אפשר וואָלט איהר, פּועלי־ציון און בונדיסטען, איינע פון די אַנדערע בעשיינפּערליך געלערענט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס פּאַרטיי־פערבלענדעניש, און איהר וואָלט ביידע אָבגעשראָקען געוואָרען פון איהר...

לאָזט מיך ענדיגען מיין בריעף מיט דעם הייסעסטען וואונש, אייער „אידישער קעמפּפער" זאָל ווידער אויפשטעהן תחית המתים, וואו אייער שטים זאָל זיך ווידער לאָזען הערען אין אונ־זער אויפגערודערטער צייט און וואו איהר זאָלט קאָנען פערטיידיגען אייערע פּאָזיציעס אַנטקעגען דער פּאָלעמיק, וואָס, ווי איהר פער־שטעהט אַליין, ליעבע חברים, מען וועט מוזען פיהרען אַנטקעגען אייך, כל זמן איהר וועט זיך האַלטען שטאָהל און אייזען פאַר דעם „קאָנצענטרירען פון אַלע כחות". ביז צו דעם ווידערערשיינען פון דעם „אידישען קעמפּפער" שטעהען אייך אָפען, צו פּאָלעמישע צוועקען, די בלעטער פון „דאָס נייע לעבען".

איך ווייס, ווי וויכטיג עס זענען די פראַגען, וועלכע איך האָב בעריהרט אין מיין היינטיגען בריעף צו אייך, און איך בין זיכער, אַז אַ ב ר י ד ע ר ל י כ ע, ווען אפילו היציגע פּאָלעמיק וועגען זיי, קאָן נאָר ברענגען נוצען פאַר אונז אַלעמען. און אויך אין דעם בין איך זיכער, אַז „וואו עס איז אַ ווילען, דאָרט איז אַ וועג". און דער ווילען צו פעראייניגונג מ ו ז אַנוואַקסען אין דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, ווייל עס וואַקסען זיינע ליידען און עס וואַקסט זיין

איינזעהן, אז מיט צוריסענע כחות וועט ער גארנישט אויספיהרען. און זיינע ליידען זיינען אומעטום די זעלביגע אויף דער ג א נ צ ע ר וועלט, און אויך די פעראייניגונג מוז דעריבער ארומנעהמען אלע זיינע טיילען פון דער גאנצער וועלט.

וואו עס איז א ווילען, דארטען איז א וועג! איך וויל האפען, ליעבע חברים, אז מיר וועלען ניט זיין געצוואונגען צו געהן אין דעם וועג אהן איך.



# דער נייער פראגראם פון דער „פעראייניגונגס"־פארטיי

ערשטער ארטיקעל:

## ציוניזם און סאציאליזם.*)

דער ערשטער פערזוך צונויפצוגיסען אינאיינעם די דריי אידי־שע נאציאנאל־סאציאליסטישע פּארטייען, וואס איז געמאכט גע־וואָרען אין אמעריקא, האָט זיך דערווייל געענדיגט מיט א האלבען ערפאָלג.

צוויי אויפגאבען האָבען געמוזט געלייזט ווערען, וואס זענען אוועקגעשטעלט געוואָרען דורך די פעראייניגונגס־פּראגע.

ערשטענס, די האָרמאָניזירונג פון די פּרינציפּען, זייער צו־נויפוועבען אין איין איינציגען פראָגראם.

צווייטענס, די האָרמאָניזירונג פון די שטרייטענדע קרעפטען און זייער צונויפשמעלצונג אין איין איינציגע פּארטיי.

די ערשטע אויפגאבע איז, נאָך אונזער מיינונג נאָך, אויסגע־פיהרט געוואָרען אויף אן אופן, וואס קאָן צופריעדען שטעלען יעדען אָנהענגער פון איינער פון די דריי ריכטונגען, אויב ער איז באמת פעראינטערעסירט אין דער בעשאַפונג פון אזא ברייטען ארבייטס־פעלד, וואס זאל האָבען פלאַץ גענוג פאר אלע נאציאָנאל־סאציא־ליסטישע ארבייטער, וואָס זאָל ממילא געבען די מעגליכקייט צו בעפריעדיגען אלע וויכטיגע לעבענס־נויטען פונ׳ם אידישען ארביי־טער־קלאס און דעם אידישען פאָלק.

די צווייטע אויפגאבע, די צונויפגיסונג פון די פּארטייען, איז דערווייל אלץ נאָך געבליבען א האָפנונג, א ציעל, צו וועלכען די פעראינטערעסירטע צדדים מוזען שטרעבען.

---

*) נאָוועמבער, 1909.

די גרונד־פּרינציפּען פון דעם פערא‏יינינגונגס־פּראָגראם זענען אנגענומען געווארען — מיט גאנץ קליינע ניט־וויכטיגע פערענדערונגען — אויף דעם פערטען צוזאמענפאָהר פון די פּועלי ציון אין שיקאגא. זיי זענען אנגענומען געווארען ווי א באזיס פאר דער נייער טהעטיגקייט פון דער פּועלי־ציוניסטישער פּארטיי, אלץ איינס, צי די אנדערע פּארטייען וועלען אויך אָננעהמען דעם זעלבינגען באזיס אדער נים.

אויב די גאנצע ארבייט פון דער פערא‏יינינגונגס־קאָנפערענץ וואָלט זיך אויסגעלאָזט מעהר נישט ווי מיט דער בעשאפונג פון א נייעם פּראגראם, — אדער, ווי איניגע מיינען, מיט א קלאָרערער פאָרמולירונג פון דעם אלטען פּראָגראם, — פאר די פּועלי־ציון, וואָלט זי אויך יעמאָלט גאנץ געוויס געווען ניט אומזיסט. כל זמן דער אידישער ארבייטער־קלאס וועט בלייבען צוטהיילט און צוריסען אין איינצעלנע פּראקציעס, וועט דער פּועלי־ציוניזם תמיד זיין איינער פון די וויכטיגסטע טרעגער פון דעם אידישען נאציאָנאל־סאציאליסטישען געדאנק. און עס איז געוויס ניט קיין גלייכגילטיגע זאך, מיט וואס פאר א גייסט עס וועלען זיין דורכגעדרונגען די ארבייט און די שטרעבונגען פון דעם פּועלי־ציוניסטישען פליגעל פון דעם אידישען סאציאליזם.

עס פערשטעהט זיך, אז נאָך מיין פערזענליכער מיינונג נאָך, איז אָט דער גייסט איצטער — דער פּראגרעסיווסטער און פערניגפטיגסטער פון אלע מעגליכע נאציאָנאל־סאָציאליסטישע ריכטונגען. אָבער ווען אפילו איך זאָל אראָבווארפען פון חשבון מיינע פערזענליכע סימפּאטיען, מעגליך אויך די פערזענליכע פערבלענדעניש, וואָס האָט, אפשר, זיך ארייננגע׳גנב׳ט אין דעם פּראָצעס פון געמיינזאמער ארבייט מיט די פערטרעטער פון די פּועלי־ציון און ס. ט. — מוז, מיין איך, יעדער אָביעקטיוו דענקענדער מענש צוגעבען, אז דער נייער פּראגראם איז א געוואלטיגער פארטשריט אין דער געדאנקען־וועלט פונ׳ם פּראלעטארישען ציוניזם, — א פאָרטשריט, אין וועלכען עס טרעטען שארפער און קלאָרער ארויס סיי דער סאציאליסטישער, סיי דער נאציאָנאלער כאראקטער פון דער בעוועגונג.

דערמאָהנט מען זיך נאָך, אז דער נייער פּראָגראם איז געבארען געווארען אונטער דעם צייכען פון פערא‏יינינגונג; אז די פערא‏יינינגונג איז איינס פון די ציעלען, צו וועלכען די פּועלי־ציון מוזען,

לויט זייער פראָגראם נאָך, שטרעבען, — יעמאָלט קאָן מען בלי ספק צוגעבען, אז אויב די „אידיש־סאציאליסטישע ארבייטער פארטיי פועלי־ציון" האָט נאָך קיין רעכט ניט צו רופען זיך די פעראיי־ניגטע פארטיי, — ווייל די עלעמענטען פון די צוויי אנדערע פארטייען, וואס זענען איצטער אין איהר, זענען צו קליין אין צאָהל, — האָט זי אָבער גאנץ בעשטימט א רעכט אָנצורופען זיך די פער־אייניגונגס־פארטיי, ווייל איהר פראגראם האָט אין זיך אלע נויטוועדיגע עלעמענטען, וואָס מען קאָן על פי שכל און על פי יושר פאָדערען פאר א פעראייניגטער פארטיי.

דער נייער פעראייניגונגס־פראָגראם זאָגט:

דער נאָמען פון דער פארטיי איז אידישע סאָציא־ליסטישע ארבייטער פארטיי פועלי ציון.

די גרונד־פרינציפען פון דער פארטיי זענען:

1. די „אידישע סאציאליסטישע ארבייטער פארטיי פועלי ציון" אלס א טהייל פון דעם אינטערנאציאנאלען פראָלעטאריאט שטרעבט אין איינעם מיט איהם צו דער אָבשאפונג פון דער קאַ־פיטאַליסטישער ווירטשאפטס־אָרדנונג און צו דער איינפיהרונג פון דער סאציאליסטישער געזעלשאפט.

א. זי ארגאניזירט דעם אידישען ארבייטער קלאס צוליעב דעם פראפעסיאנעלען און פאָליטישען קאמפף געגען דעם קאפיטא־ליזם.

ב. זי טרעט אריין אין דעם סאציאליסטישען אינטערנאציאָ־נאל ווי א בעזונדערע נאציאנאַלע סעקציאָן און שטרעבט צו נאציאָ־נאַלע גלייכבערעכטיגונג פון דעם אידישען פאָלק אין דער סאציאַ־ליסטישער און פראָפעסיאָנעלער בעוועגונג פון יעדען לאנד.

2. די אידישע סאציאליסטישע ארבייטער פארטיי פועלי ציון שטרעבט אין איינעם מיט דעם גאנצען אידישען פאָלק צו קאָנצענט־רירען דאָס אידישע פאלק אין ארץ ישראל און צו בעשאפען דאָרט א אידישע אויטאָנאמע געזעלשאפט.

הערה: אונטער „ארץ ישראל" פערשטעהען מיר: פאַלעס־טינא און די נאכבאר־לענדער.

א. די פארטיי טרעט אריין אלס א בעזונדערע קערפערשאפט אין דער אלגעמיינער ציוניסטישער ארגאניזאציאָן אויף פעדעראטי־ווע יסודות און פאָדערט פראָפאָרציאָנעלע פערטרעטונג אין אלע

אינסטיטוציאָנען און נעהמט אנטהייל אין דעם ציוניסטישען קאָנ־גרעס.

הערה: מיר בעטראכטען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן און איהר אינסטיטוט, דעם קאָנגרעס, אלס א פעראייניגונג פון אלע קלאסען, פארטייען און ריכטונגען פון דעם אידישען פאָלק פאר דער טעריטאָריעלער לעזונג פון דער אידישער פראגע אין ארץ־ישראל.

ב. די פארטיי נעהמט אנטייל אין דער ארבייט פאר די ציוניסטישע אינסטיטוציאָנען, ווי שקל, נאצ. פאָנד, נאצ. באנק, און זוכט דורכצופיהרען אין זיי דעמאָקראטישע פרינציפען.

ג. זי זוכט דורכצופיהרען, אז אלע ווירטשאפטליכע אונטער־נעהמונגען, וועלכע ווערען געמאכט אויף דאָס געלד פון די נאציאָ־נאלע אינסטיטוציאָנען, זאָלען, נאָך דער מעגליכקייט, געבויט ווע־רען אויף די יסודות פון דעם גענאָסענשאפטליכען פרינציפ.

ד. די פארטיי שטרעבט צו שאפען אינסטיטוציאָנען, וועלכע זאָלען העלפען אויפבויען אין ארץ ישראל א אידישע ארבייטער־שאפט אין דאָרף און שטאָדט און וואָס זאָלען פערטיידיגען די אינ־טערעסען פון דער אידישער ארבייט אינ׳ם קאמפף אנטקעגען דעם קאפיטאליזם.

3. די פארטיי נעהמט אויף די נאציאָנאלע ארבייט אין גלות, כדי אויפצוהויבען די עקאָנאָמישע, נאציאָנאלע, קולטורעלע און פּאָליטישע לאגע פון דעם אידישען פאָלק אין די גלות־לענדער.

א. זי קעמפפט פאר דער נאציאָנאלער און פּאָליטישער גלייכ־בערעכטיגונג פון דעם אידישען פאָלק אין די גלות־לענדער.

ב. זי קעמפפט מיט אלע כחות געגען דער אסימילאציאָן און אסימילאציאָנס־טענדענצען.

ג. זי זוכט אויפצוהויבען די קולטורעלע לאגע פונ׳ם אידישען פאָלק אין גלות, בענוצענדיג זיך דערביי מיט די צוויי שפראכען — העברעאיש און אידיש.

ד. זי זוכט צו עפענען פאר דער אידישער פאָלקס־מאסע נייע פּראָדוקטיווע ארבייטס־קוועלען, וואָס זאָלען פערשטארקען איהרע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

4. די פארטיי נעהמט אויף די ארבייט פון רעגולירען די אידישע וואנדערונג.

א. זי זוכט צו לענקען דעם עמיגראַציאָנס־שטראָם נאָך ארץ ישראל.

ב. אויף וויפיעל דער עמיגראַציאָנס־שטראָם קאָן ניט גע־לענקט ווערען נאָך ארץ ישראל, זוכט די פּאַרטיי צו רעגולירען די עמיגראַציאָן אויף אַזאַ אופן, וואָס זאָל אַם בעסטען בעפריעדיגען די עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַל־קולטורעלע און פּאָליטישע אינטערעסען פון דער אידישער וואנדערונגס־מאַסע.

5. די פּאַרטיי שטרעבט צו פעראייניגען דעם גאַנצען אידי־שען פּראָלעטאַריאַט אין איין אַלוועלטליכע אידישע סאָציאַליסטי־שע ארבייטער־פּאַרטיי אויף די אָנגענומענע גרונד־פּרינציפּען.

ווי מען זעהט פון דעם פּראָגראַם, איז ער אויפגעבויט אויף פיער גרונד־יסודות: דעם סאָציאַליסטישען, דעם ציוניסטישען, דעם סערפּיסטיש־בונדיסטישען און דעם טערריטאָריאַליסטישען. אַלע אָט די יסודות געהען אריין אין דעם פּראָגראַם ניט אָהן גע־וויסע קליינע ענדערונגען. דאָס איז אויך אַנדערש ניט מעגליך און ניט דערנקבאַר. אַ פּשוט'ער צונויפהעפטען פון די פיער יסודות, וואָלט ארויסגעבראַכט נאָר אַן עקלעקטישען מישמאַש, וואָס וואָלט ניט געווען פריי פון אינווענינע סתירות. כדי צו בעקומען ניט נאָר אַ פעראייניגונגס־פּראָגראַם, — אַ געמיינזאַמען דאַך, אונטער וועלכען די פערשיידענע פּאַרטייען זאָלען יעדע פאַר זיך ווייטער פיהרען זייערע ביז איצטיגע ארבייטען אָהן רייסערייען און קריעגערישע צווישען זיך, — נאָר אויך אַ פעראייניגטהייטליכונגס־פּראָגראַם, — אַ בשותפות'שען ארבייטס־פעלד, אויף וועלכען אַלע פּאַרטייען זאָלען ארבייטען אין איינעם פאַר איין בשותפות'שען ענד־ציעל, אויף איין געמיינזאַמען וועג, וואָס פיהרט צו איהם, — האָבען די פיער יסודות געמוזט צונויפגעשמאָלצען ווערען אינאיינעם אין דעם פיער פון איין איינציגען גרונד־פּרינציפּ. עס פערשטעהט זיך, אַז דערביי האָבען געמוזט אַראָבפאַלען און פער־לאָרען געהן געוויסע פּסולת, וואָס האָבען בשום אופן ניט געקאָנט אריינגעהן אין דעם בעמישען פעראייניגהייטליכונגס־פּראָצעס.

דער בעלעבענדער פיער־גייסט, וואָס שמעלצט צונויף אַלע פיער יסודות אינאיינעם, איז דער גרונד־געדאַנק, אַז דער אידישער ארבייטער־קלאַס איז אַ טייל פון דעם אידישען פאָלק און אין דער

זעלבינער צייט אַ טייל פון דעם אַלוועלטליכען סאָציאַליסטישען פּראָלעטאַריאַט. אָט דער דאָפּעלטער כאַראַקטער זיינער איז אויפ־געבויט, פילאָסאָפיש גערעדט, ניט דואַליסטיש, פון צוויי פערשיידענע סובסטאַנצען: דער אידישער און דער סאָציאַליסטי־שער, — סובסטאַנצען, וואָס קאָנען פיהרען אַ בעזונדער עקזיס־טענץ, איינע אונאָבהענגיג פון דער אַנדערער. זיין דאָפּעלט־כאַ־ראַקטער איז אַ סינטעטיש־מאָניסטישער; זיין אידישקייט און סאָציאַליזם זענען צוויי זייטען, צוויי „אַטריבוטען" פון איין און דער זעלביגער „סובסטאַנץ", דעם אי־דישען אַרבייטער־קלאַס. און די צוויי זייטען מוזען ביי איהם אַלע מאָל זיין גלייך צונויפגעגאָסען אין יעדען ציעל זיינעם, וואָס ער שטעלט זיך, אין יעדען שריט זיינעם, וואָס ער מאַכט, כדי צו דער־גרייכען דעם ציעל.

עס פערשטעהט זיך, אַז אין דער דרויסענדיגער וועלט, אויף דעם פּאָהן פון דער אַרומרינגלענדער ווירקליכקייט, קאָנען די צוויי זייטען ניט אַרויסטרעטען גלייך קלאָר און גלייך שאַרף אין איין־און־דערזעלביגער צייט. אויף דעם פּאָהן פון דעם סאָציאַליזם מוז זיך וואַרפען אין אויג זיין נאַציאָנאַלער כאַראַקטער. אויף דעם פּאָהן פון נאַציאָנאַליזם מוזען פאַרביגער ברענגען זיינע רעוואָלוציאָ־נער־פּראָלעטאַרישע טענדענצען.

אין דערינען ליעגט דער נייער שריט, וואָס דער אידישער פּראָלעטאַריאַט האָט געמאַכט בנוגע צו דער אַרומיגער וועלט: אַ שריט, וואָס פערבייט דעם „דואַליזם פון צוויי „סובסטאַנצען" אויף דעם „מאָניזם" פון צוויי „אַטריבוטען".

אין זיין דואַליסטישער ענטוויקלונגס־פּאַזע האָט זיך דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט געדוכט, אַז ער קאָן איינאיינעם מיט דעם גאַנצען אידישען פאָלק זיין נאַציאָנאַליסטיש און ניט מעהר ווי נאַציאָנאַליסטיש, דעם סאָציאַליזם זיינעם אָבער לאָזען בעהאַנדלען ווי אַ פּריוואַט־זאַך. צוריק, איז ער אויך אַריינגעפאַלען אין דעם טעות, אַז ער קאָן אין דער סאָציאַליסטישער וועלט אַרויסקעהרען נאָר זיין סאָציאַליסטישען כאַראַקטער, און נאָר דעם סאָציאַליס־טישען. די „אידישקייט" זיינע אָבער לאָזען בעהאַנדלען ווי אַ פּריוואַט־זאַך, צופריעדען זיין ווען דער אינטערנאַציאָנאַל לעגט אויף איהר ניט אַרויף קיין אסור מדאוריתא אָדער מדרבנן.

אין זיין איצטיגען מאָניסטישען צושטאַנד, איז, אמת, דער פריעדען מיט די צוויי וועלטען אַ ביסעל צושטערט. דער אידישער ארבייטער־קלאַס ווערט אריינגעדרונגען אין אַ קאַמפּף־לאַגע אויף צוויי פראָנטען. אנטקעגען דער אַלגעמיין־אידישער וועלט מוז ער קעמפּפען פאַר זיין פּראָגרעסיווע סאָציאַליסטישע שטעלונג צו אַלע פראגען, וואָס זענען נוגע דעם אידישען לעבען; אנטקעגען דער סאָציאַליסטישער וועלט מוז ער קעמפּפען פאַר זיין „אידישקייט", פאַר די דורכפיהרונג פון זיין פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם אין אַלע פראגען, וואָס זענען שייך צו דעם ברידערליכען צוזאַמען־לעבען פון פעלקער אין איין איינציגען האַרמאָניש־פעראייניגטען פעלקער־בונד.

דער דאָפּעלטער קאמפּף איז אָבער ניט אַ דאָפּעלטע וואונד, פון וועלכער עס מוז מיט דאָפּעלטער קראַפט ארויספליסען און פער־לאָרען געהן זיין לעבענס־בלוט. רעוואָלוציאָנערע פּארטייען זענען סאַלאַמאַנדער־געשעפּפען. זיי ווערען געבאָרען אין פייער און קאָ־נען לעבען נאָר אין פייער. דער קאמפּף איז די לעבענס־אטמאָ־ספערע פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, דער פייער־אָטהעם, וואָס אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי מוז בעשטענדיג איינעטהעמען, כדי צו בלייבען לעבען. אַ דאָפּעלטער קאמפּף, ארויסגעוואַקסען פון דער נאַטור גופא, פון דעם קעמפּפענדען אָרגאַניזם און פון זיין נאַטיר־ליכע שטעלונג צו דער ארומיגער סביבה, איז אַ דאָפּעלטער לע־בענס־קוואַל, פון וועלכען ער וועט ציהען זיין חיות...

ארומגערינגעלט פון דער אידישער וועלט, וואָס מאַכט איצ־טער דורך אַן איבערגאַנגס־פּראָצעס פון דער אַלטער, אָבגעלעבטער רעליגיעזער וועלט־אַנשויאונג צום פּראָגרעסיווען געדאַנק, קאָן די נייע פעראייניגונגס־פּאַרטיי ווערען אַ קריסטאַליזאַציאָנס־פּונקט, ארום וועלכען עס זאָלען זיך קאָנען גרופּירען אַלע נייע, פריי־ווע־רענדע, פּראָגרעסיווע כחות פון דעם אידישען פאָלק.

ארומגערינגעלט מיט אַ קאָסמאָפּאָליטיש־סאָציאַליסטישער אטמאָספערע פון דער אידישער אינטעליגענץ און פון אַ גרויסען טייל אידישע ארבייטערשאַפט, וואָס מאַכען אויך דורך אַן איבער־גאַנגס־פּראָצעס פון דעם אָבגעלעבטען, אַבסטראַקטען, בלייכען אַל־וועלט־בירגערטום צו דעם קאָנקרעטען פלייש־און־בלוט־רייכען פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם, קאָן אויך דאָ די נייע פּאַרטיי ווערען

א מאגנעט, וואָס זאָל צוציהען צו זיך די אַלע נייע פריי־ווערענדע אידיש־נאַציאָנאַלע עלעמענטען.

דער שלום מיטביידע וועלטען איז, משמעות, עליו השלום. א קאמפף מיט זיי ביידען מוז זיך פאנאנדערברענגען מיט דאָפּעל־טער קראַפט, — א קאמפף, אין וועלכען די אינדיווידואַליטעט פון דעם אידישען פּראָלעטאריאַט קאָן זיך פאנאנדערלעבען אין אַלע ריכטונגען.

שוין אין דעם ערשטען גרונד־פּרינציפּ פון דעם פעראייניגונגס־פּראָגראַם, דעם סאָציאַליסטישען, קלינגט קלאָר ארויס די „סטרא אחרא", די אנדער זייט פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, זיין איבערגעבענקייט צו די אינטערעסען פונ'ם אידישען פאָלק: „די פּאַרטיי טרעט אריין אין דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאציאָנאַל, ווי א בעזונדער נאציאָנאַלע סעקציאָן און שטרעבט צו נאציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג פון אידישען פאָלק אין דער סאָציאַליסטישער און פּראָפעסיאָנעלער בעוועגונג פון יעדען לאַנד". אין די ווערטער איז אויסגעדריקט א דאָפּעלטע נ א צ י אָ נ א ל ע אויפגאַבע פון דעם אידישען פּראָלעטאריאַט אין דער סאָציאַליסטישער וועלט.

דאָס אידישע פּראָלעטאריאַט האָט שוין איצט א כלומרשט־דיגען שאָטען פון א כלומרשטדיגער פערטרעטונג אין דעם אינטער־נאַציאָנאַל. דער „בונד" און דער „סערפּ" געהערען צו איהם, אָבער דער אינטערנאַציאָנאַל האָט ניט צו טהאָן מיט זיי דירעקט, ווי מיט פערטרעטער פונ'ם אידישען פאָלק. דער „בונד" געהערט צו דער רוסישער ס. ד., און זיין שטים ווערט בטל בשישים אין איהר. דער „סערפּ" געהערט צו דער פּארטיי ס. ר., און זיין שטים ווערט בטל בשישים אין איהר. א חוץ דעם האָבען נאָר די אידישע ארבייטער פון רוסלאַנד די זכיה מיטצורעדען און מיטצובעשטימען אין דעם סאָציאַליסטישען פעלקער־בונד. רוסלאַנד אָבער איז בשום אופן ניט דאָס איינציגע לאַנד, וואָס בעשאַפט בעזונדערע לעבענס־נויטען פאַר דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט. דאָס פאָלק אָהן א היים האָט פּאָרלויפיג כמעט די גאנצע וועלט פאר זיין „נאכט־אזיל". די אינטערעסען פון דעם אידישען ארבייטער, — דער עיקר, זיינע נ א צ י אָ נ א ל ע אינטערעסען, — זענען איין־און־די־זעלביגע אומעטום. ער האָט א רעכט צו פערלאַנגען, אז מען זאָל זיך רעכענען מיט דער אייגענטימליכער לאַגע פון זיין פאָלק און אז מען זאָל

בויען די גרונד־יסודות פון דער פעלקער־פערטרעטונג אין דעם אינ־טערנאַציאָנאַל אויף אַזאַ אופן, אַז די שטים פון דעם אידישען פאָלק, ווי פון אַן איינהייטליכען גאַנצען אָרגאַניזם, זאָל ניט אויסגעשלאָ־סען ווערען פון דעם אַלגעמיינעם פעלקער־כאָר.

דאָס אידישע פאָלק האָט אַ סך טענות צו דעם סאָציאַליס־טישען אינטערנאַציאָנאַל און קאָן לעגען געוויסע האָפנונגען אויף זיין אַרבייט. עס איז ניטאָ קיין איין־איינציגע, אַלוועלטליכע אונ־גערעכטיגקייט, אַנטקעגען וועלכער דער סאָציאַליסטישער אינטער־נאַציאָנאַל זאָל ניט האָבען ענערגיש פּראָטעסטירט; שטענדיג האָט ער גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע אויפצוקלערען וועגען איהר די עפענטליכע מיינונג. עס איז ניטאָ קיין איין איינציגע נאַציאָ־נאַלע בעפרייאונגס־בעוועגונג, מיט וועלכער דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל זאָל ניט האָבען סימפּאַטיזירט, צו וועלכער ער זאָל ניט האָבען געוועקט דאָס מיטגעפיהל פון דער עפענטליכער מיינונג.

נאָר איין איינציגע אויסנאַהמע איז דאָ אין דעם כלל: זיין שטעלונג צו די פערפאָלגונגען פון דעם אידישען פאָלק. עס איז ניט דאָ דער אָרט צו אונטערזוכען די אורזאַכען פון אַזאַ אַ־נאָרמאַ־לער, אַנטי־סאָציאַליסטישער, כמעט רעאַקציאָנערער שטעלונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם. איך וויל נאָר בעמערקען, אַז, נאָך מיין מיינונג נאָך, זענען אין דעם שולדיג מעהר פאַר אַלץ די אידישע סאָציאַליסטען גופא, מיט זייער אַסימילאַטאָרישער, שקלאַפישער פּאָליטיק. אָבער ווי די מעשה איז, דער טרויעריגער פאַקט בלייבט, אַז די איין־און־איינציגע רעזאָליוציע, וועלכע דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס האָט אָנגענומען אַנטקעגען דעם אַנטיסעמיטיזם, האָט אין דער זעלבער צייט פער־שאָלטען דעם פילאָסעמיטיזם! דאָס איז דאָס ערשטע, א י י נ־צ י ג ע מאָל, ווען דער אַלוועלטליכער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אַריינגעמישט אין די אינטימע געפיהלען פון ליעבע צו אַ וועלכען־עס איז שטאַם, ראַסע אָדער פאָלק און האָט זיי מחרים געווען. סלאַוואָ־פילענטום איז ניט פערבאָטען; גערמאַנאָ־פילענטום איז כשר; פּאָלאָנאָ־פילענטום איז, נאָך פון מאַרקס צייטען, אַ מצוה און אַ שבח; טערקאָ־פילענטום — אַ ליעבהאָבעריי פון דער דייטשער ס. ד. ליעבקנעכטישער ריכטונג; העלענאָ־פילענטום, ווי צ.

ב. אזא, וואָס האָט געוואָרעמט בייראָן׳ס הארץ, קאָן זיין א ציערונג פאר א סאָציאַליסטישער נשמה. נאָר יודאָ־פילענטום איז א שמאך און א פערברעכען!

דער אידישער פראָלעטאריאט קאָן ניט לאָזען בלייבען אויף זיין כבוד אזא מין שאנד־פלעק. ער מוז איהם אָבוואשען, ווען דאָס זאָל אפילו קאָסטען א העפטיגען קאמפף. ער מוז אויך פער־לאַנגען, אז די עפענטליכע מיינונג פון די ציוויליזירטע פעלקער, אויף וועלכע דער אינטערנאציאָנאלער פראָלעטאריאט קאָן האָבען א דירעקטע אָדער אינדירעקטע שליטה, זאָל זיך פעראינטערע־סירען מיט דער ריכטיגער פערענטפערונג פון דער אומעטום אָנגע־וועהטיגטער אידען־פראגע. דער אינטערנאציאָנאל מוז העלפען פערענטפערען די אידען־פראגע אין דעם זין, פאר וועלכען ער האָט זיך אומעטום און אלע מאָל איינגעשטעלט אין אזעלכע ענינים: אין דעם זין פון פאָלשטענדיגער נאציאָנאלער זעלבסטשטענדיגקייט און פרייהייט פון יעדען אונטערדריקטען פאָלק.

געוויס ווייסען מיר גאנץ גוט, אז די באפרייאונג פונ׳ם אידי־שען פאָלק קאָן נאָר זיין די ארבייט פונ׳ם אידישען פאָלק גופא. „אם אין אני לי מי לי?“ — דער זעלבסט־עמאנסיפאציאָנס־געשריי, דער ערשטער לעבענס־געשריי פונ׳ם ציוניזם, ווי נאָר ער האָט גע־מאכט זיין ערשטען איינאָטעמען פון לעבענס־לופט, מוז בלייבען אויך אויף ווייטער דער הויפט־קוואל, פון וועלכען דאָס אידישע פאָלק זאָל שעפּען ענערגיע און לעבענס־מוטה צום קאמפף. אָבער דער הויפט־קוואל איז ניט דער א י י נ צ י ג ע ר קוואל. מיר האָבען קיין רעכט ניט אוועקצומאכען מיט׳ן האנד אזא בעדייטענ־דען פאקטאָר, ווי די עפענטליכע מיינונג פון דער ציוויליזירטער וועלט, און עס איז אונזער חוב צו פאָדערען בשלמות פון דעם אינ־טערנאציאָנאלען סאָציאַליזם אלץ, וואָס אונז קומט על פי דעם דין און דעם יושר פון דער ברידערליכער אינטערנאציאָנאלער סאָלי־דאריטעט.

די זעלבינע טאקטיק פון זעלבסטשטענדיגען ארויסטרעטען און מוטהיגען פאָדערן, וואָס מיר ווענדען אָן, ווי אידען, אין דער סאָציאַליסטישער וועלט, מוזען מיר אָנווענדען, ווי סאָציאַליסטען, אין דער אַלגעמיין־ציוניסטישער בעוועגונג. ווי א טייל פון דעם אידישען פאָלק נעהמען מיר אָנטייל אין דעם ציוניסטישען קאָנ־

גרעס און אַלע זיינע אינסטיטוציאָנען. אָבער מיר טרעטען אריין אין קאָנגרעס ווי א בעזונדער קערפערשאַפט און פאָדערן „פּראָפּאָרציאָנעלע פערטרעטונג אין אַלע זיינע אינסטיטוציאָנען". דער אידישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיינע נויטען, זיינע פּרינציפּען, זיין וועג, ווי אזוי צו בויען די אידישע צוקונפט: „די פּאַרטיי שטרעבט צו שאַפען אינסטיטוציאָנען, וועלכע זאָלען העלפען אויפבויען אין ארץ ישראל א אידישע ארבייטערשאַפט אין דאָרף און שטאָדט און וואָס זאָלען פערטיידיגען די אינטערעסען פון דער אידישער ארבייט אין דעם קאַמפף אנטקעגען דעם קאַפּיטאַליזם".

דער, וואָס איז נאָר א ביסעל בעקאַנט מיט דער געשיכטע און דער איצטיגער לאַגע פון דעם אַלגעמיין־ציוניסטישען געדאַנק, וועט פערשטעהן די גאַנצע וויכטיגקייט פון אָט דעם סאָציאַליסטישען פּונקט.

ווער פון די אידיש־פיהלענדע סאָציאַליסטען האָט געקאָנט פערגעסען דעם טיעפען ריס אין הארצען, וועלכען ער האָט געשפּירט נאָך גאָר אין דעם אָנהויב פון די חובבי ציון בעוועגונג, ווען אזא פּראָגרעסיווער פיהרער פון דער אידישער אינטעליגענץ, ווי משה ליב ליליענבלום, האָט זיך אַרויפגעוואָרפען אויף די ערשטע אידישע ארבייטער אין ארץ ישראל, ווייל זיי האָבען געהאַט די העזה צו פערלאַנגען פערציג קאָפּיקעס א טאָג... די חובבי ציון בעוועגונג איז ניט קיין סאָציאַלע בעוועגונג, האָט גע'טענה'ט דער אַלטער פריינד פון די אידישע ארבייטער־מאַסען, זי איז א נאַציאָנאַלע בעוועגונג. אויב די אידישע ארבייטער קאָנען ניט לעבען אין ארץ ישראל, מעגען זיי זיך פאָהרען וואוהין זיי ווילען...

און ווער קאָן פערגעסען נאָך גאָר דעם יונגען שטאָך אין ברוסט אריין דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, וועלכען וו. זשאַבאָטינסקי האָט איהם דערלאַנגט גאָר ניט לאַנג, (אויב איך האָב ניט קיין טעות, אין דעם יאָהר 1906) בעת ער האָט אין דעם ווילנער „אידישען פאָלק" דערקלערט, אז די אינטערעסען פון דעם אידישען קאַפּיטאַליזם אין ארץ ישראל זענען גלייכבעדייטענד מיט די נאַציאָנאַלע אינטערעסען פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק, און אז צוליעב זיי מוזען מיר מקריב זיין די אינטערעסען פון דער אידישער ארבייט.

כל זמן דער ישוב אין ארץ ישראל איז געווען א פילאַנטראָ־

פישע שפּיעלעריי, אָדער, אין בעסטען פאַל, אַן אידעאָלאָגישער עקספּערימענט, האָט מען געקאָנט געדולדיג אויסהערען אַזעלכע אָנפאַלען אויף די לעבענס־אינטערעסען פון דעם אידישען פּראָלע־טאַריאַט. קוים אָבער ווערט די רעאַלע אַרבייט אין ארץ ישראל, אַ דאַנק דער טערקישער רעוואָלוציע, אַ וויכטיגער לעבענס־צווייג פאַר דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, קאָנען מיר שוין ניט בלייבען גלייכ־גילטיג צו דער בורזשואַזער טענדענץ אין דעם ציוניזם. מיט יעדען טאָג מוזען אַפילו דעם ניט פּראָלעטאַרישען, גלאַט געבילדעטען און איידעל דענקענדען אידען ווערען אַלץ טיעפער און טיעפער איינגע־באַקען אין האַרצען יענע ווערטער נאָרדוי׳ס, אַז, אויב מען קאָן ניט געווינען פאַר דעם ציוניזם דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, מעג מען שוין אין גאַנצען זאָגען קדיש נאָך דעם ציוניסטישען אידעאַל. דער קאַמפּף אַנטקעגען דער בורזשואַזיע (און דעם מזרחי!) אין דער ציוניסטישער וועלט איז איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאַבען פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, צו וועלכען עס וועלען געווים צושטעהן אַלע פּראָגרעסיווע עלעמענטען פון דעם ציוניזם.

ס׳איז אפשר דענקבאַר, אַז דער ציוניזם זאָל קאָנען פערווירק־ליכט ווערען אויף פערשיידענע אופנים. אָבער מ י ר מוזען זעהן, אַז ער זאָל זיך פערווירקליכען נאָר אויף אַזאַ׳ן אופן, וואָס ליעגט אין די אינטערעסען פון דער אידישער אַרבייט. נאָר אין דעם פּראָצעס פון פערטיידיגען אידישע אַרבייט, פון בעשאַפען פאַר א י ה ר אַ גינסטיגען באָדען, זאָל דאָס גאַנצע אידישע פאָלק קומען צו דער תחיה. נאָר ווען די אידישע א ר ב י י ט וועט קאָנען שלאָגען טיעפע וואָרצלען און פאַנאַנדערוואַקסען זיך אין דעם אידי־שען לאַנד, נאָר יעמאָלט וועט שלאָגען די שעה פאַר דער אידישער בעפרייאונג.

דער דריטער, דער בונדיש־סערפּישער, און דער פערטער, דער טעריטאָריאַליסטישער, יסוד פון דעם פעראייניגונגס־פּראָגראַם איז אויך דורכגעדרונגען פון דעם זעלביגען, איינהייטליכען, נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישען געדאַנק.

# דער נייער פראגראם פון דער „פעראייניגונגס"־פארטיי

צווייטער ארטיקעל:

## דער „בונדיזם"*)

אין דעם ארטיקעל „די אידישע סעקציע אין דעם אינטער־נאציאנאל" מאכט פריינד און חבר מ. ב. ראטנער אגב אורחא אויך איניגע קריטישע בעמערקונגען וועגען דער פעראייניגונג פון די דריי אידישע סאציאליסטישע פארטייען אין אמעריקא. ער ווייזט אויף א סך פעהלערן, וואס מען האט בעגאנגען, פערזיכערט אבער, אז אויך ער שטעהט „אין גאנצען אויפ'ן שטאנדפונקט פון דער נויטיגקייט צו פעראייניגען אין א שעפפערישען סינטעז די אנשויאונגען פון דיעזע פארטייען". ער טאדעלט אונזער פראַ־גראם דער עיקר דערפאר, וואס אין איהם הערשט פאר „דאס ארייג־שטופען מיט געוואלד און מעכאניש איינע אדער צוויי פון די דאַ־זיגע אנשויאונגען אין די ראמען פון דער דריטער". ער גלויבט, אז „די יסודות פון אזא שעפפערישען סינטעז, וועלכער איז ווינשענסווערטה און מעגליך אין דער ניט ווייטער צוקונפט, ווערען ביסלעכווייז געשאפען". נייע קערענדלעך, וואס האבען זיך שוין בעוויזען אין לעבען, „וועלען שפעטער ארויסלאזען בליהענדע שפראצונגען און, אז דער יונגער בוים וועט זיך פאנאנדערוואקסען, וועלען אונטער זיין שאטען געפינען אן ארט די פארשטעהער פון אלע דריי אידישע סאציאליסטישע פארטייען".**)

מיט איניגע בעמערקונגען פון חבר ראטנער בין איך אויך מסכים. עס איז אבער ניט דא דער ארט דורכצונעהמען זיין קרי־

---

*) דעצעמבער, 1910.

**) זעה „דאס נייע לעבען", 1910, ז. 547 און 548.

טיק פונ'ם פעראייניגונג־פּראָגראַם פּונקט פאַר פּונקט. מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז ח. ראַטנער האָט זי אַרויסגעזאָגט פאַרבייגעהענדיג. וואָלט ער געשריעבען ספּעציעל וועגען דעם ענין, וואָלט ער זיינע געדאַנקען געוויס סאָלידער איינגעפונדעוועט און אייניגע פון זיי אפשר אויך אַנדערש פאָרמולירט. איך וויל דאָ נאָר בעמערקען, אַז אויב איך האָב ריכטיג פערשטאַנען זיינע אַנשויאונגען וועגען די אויפגאַבען פון דער פעראייניגונג, געה איך זיך מיט איהם לעת־עתה פאַנאַנדער אין צוויי וויכטיגע פּונקטען:

חבר ראַטנער האָט אין זינען אַ נייעם צוקונפטס־בוים פון דעם אידישען סאָציאַליזם, וואָס דאַרף נאָך ערשט אויסוואַקסען פון געוויסע נייע קערענדלעך. ערשט יעמאָלט, ווען ער וועט אַרויס־וואַקסען, וועלען מיר, די פאָרשטעהער פון אַלע דריי סאָציאַליסטישע פאַרטייען, קאָנען געפינען אַן אָרט אונטער זיין שאָטען. אָהן מליצה גערעדט, הייסט דאָס: די צייט פון פעראייניגונג איז נאָך ניט געקומען. עס מוז אַ חוץ אונז אויסוואַקסען נאָך אַ פּאַרטיי וואָס איז ניט פּועלי־ציוניסטיש, ניט סערפּיש, ניט טעריטאָריאַ־ליסטיש, וואָס וועט אָבער אַריינגעהמען אין איהרע אַנשויאונגען דעם לאָגישען תמצית פון אַלע דריי פריהערדיגע ריכטונגען. דעם טהעטיגקייטס־פּראָגראַם פון יענער נייער פּאַרטיי קאָן מען איצטער, פערשטעהט זיך, ניט גענוי בעשטימען; אַז זי וועט אויסוואַקסען, וועט זי זיך בעשאַפען אַזאַ פּראָגראַם פון טהעטיגקייט, וואָס וועט פּאַסען פאַר איהר סינטעטישער אַנשויאונג.

די פעראייניגונגס בעשטרעבונגען אין אַמעריקא זענען אָבער אַרויסגעגאַנגען פון דער אַנשויאונג, אַז שוין **איצטער** איז גע־קומען די צייט פאַר די פּאַרטייען, אָבצוזאָגען זיך פון זייער בעזונ־דערער עקזיסטענץ און אויסאַרבייטען אַ געמיינזאַמען באָדען פאַר טהעטיגקייט, וואָס זאָל ניט אויסשליסען פון זיך קיין איין איינציגע פון זיי, וואָס זאָל זיי אַלעמען געבען די מעגליכקייט אַריינצוגעהן מיט אַלע זייערע אויפגאַבען. די נייע אָרגאַניזאַציע דאַרף זיין אַזאַ פערבאַנד, וואו אַלע זאָלען קאָנען מיט פעראייניגטע כחות טהאָן **אַלע** אַרבייטען, וואָס יעדע פּאַרטיי האָט געטהאָן אָדער געשטרעבט צו טהאָן בעזונדער. דאָס איז אפשר ניט קיין נייער בוים, אפשר מעהר אַ **קאָאָפּעראַציע** פון פיער קלאָר אויסגע־שפּראָכענע, זעלבסטשטענדיגע אָרגאַניזאַציאָנען, וואָס זאָגען זיך אָב

פון זייער „אינדיווידועלער" פּאָליטישער „באַלעבאַטישקייט", מיט דער אייביגער קאָנקורענץ און דעם אייביגען קאַמפּף, און פער־וואנדלען זי אין א „קאָמוניסטישע" באַלעבאַטישקייט, וואָס זאָל, ווי יעדע קאָמונע, ניט אונטערדריקען, נאָר, אדרבה, העלפען פאנאנ־דערוואקסען זיך יעדען איינעם'ס אינדיווידועלע כאַראַקטער־שטרי־כען. און איך בלייב ביי דער מיינונג, אז עס איז א סך בעסער פאַר דעם אידישען סאָציאַליזם, ווען ער וועט ניט זיצען און וואַרטען, ביז עס וועט אויסוואקסען א נייע פּאַרטיי, וואָס וועט אין דעם „קאַמפּף אום'ס האזיין" איינשלינגען אַלע אַנדערע, נאָר ווען ער וועט שוין איצטער צונויפגיסען אַלע זיינע כחות, ווייל זייערע בעשטרעבונגען שליסען איינע די אַנדערע ניט אויס.

א צווייטער פּונקט, אין וועלכען איך געה זיך פאנאנדער מיט חבר ראטנער, ליעגט אין דער פראגע, וואָס זאָל אייגענטליך פער־אייניגט ווערען: די אַנשויאונגען פון די פּאַרטייען אָדער זייערע האַנדלונגען. לויט ווי איך האָב פערשטאַנען חבר ראטנער, זענען פאַר איהם וויכטיגער פאַר אַלץ די אַנשויאונגען, — יענער גאַנצער געביי פון טעאָרעטישע בעגרינדונגען, האָפענונגען אויף דער צוקונפט, חשבונות מיט דעם „סטיכישען פּראָצעס" (וואָס ווערען, אגב אורחא, געמאַכט אָהן דעם בעל הבית) און דערגלייכען, און וואָס יעדע ריכטונג האָט אויפגעבויט אויף איהר אייגענעם שטייגער... אָט די פערשיידענע טעאָרעטישע אַטמאָספערען זאָלען זיך סינטעטיש צונויפגיסען אינאיינעם. דערביי וועלען, פער־שטעהט זיך, פון אַלע אַטמאָספערען מוזען כעמיש אַרויסגעשליי־דערט ווערען יענע געדאַנקען, וואָס וועלען ניט קאָנען הויזען איינע מיט די אַנדערע אין איין שעפּפערישען סינטעז.

פאַר מיר אָבער זענען די טעאָרעטישע אַנשויאונגען פון א וועלכער עס איז פּאַרטיי גאָר ניט אַזוי וויכטיג. א פּאָליטישע פּאַרטיי איז א פעראייניגונג פון יענע מענשען, וואָס האָבען בשותפות'ע ציעלען און בשותפות'ע וועגען ווי אַזוי די ציעלען צו דערגרייכען. אין דעם פּונקט בלייב איך ביי מיין אַלטער אפיקורסות פון דעם יאָהר 1889, אז די פערשיידענע „איזמען", מיט וועלכע איינער בעגרינדעט זיין פּראָגראם, זענען אַקוראַט אַזוי גוט א פּריוואַט־זאַך, ווי, להבדיל, די רעליגיאָן. שטעלט אייך פאָר, איינער א גלויביגער מיזאַנטראָפּ וויל ווערען א סאָציאַליסט דער־

פאַר, וואָס ער איז זיכער, אַז דער סאָציאַליזם וועט אַלעמען מאַכען פאַר פריידענקער און ממילא וועלען מיר אויף יענער וועלט זיך אַלע מוזען פרעגלען אין אשמדאי׳ס פעך און שוועבעל. וואָס זאָל דאָס אונז אַארען? אויב ער איז ווירקליך שטאַרק פעראינטערעסירט, דער סאָציאַליזם זאָל מקוים ווערען און מענשען זאָלען ווערען פריי־דענקער, אויב ער פיהרט זיין קאַמפף פאַר׳ן סאָציאַליזם לויט די זעלביגע טאַקטישע פּרינציפען, וועלכע אויך מיר ווענדען אָן, איז ער אַ גאַנץ גוטער גענאָסע, ווען אפילו מיר מעגען אַלע זיין שטאַרק מסופק, צי זיין פּריוואַט־ענדציעל — די יסורים אין גיהנום — וועלען ווען עס איז פערווירקליכט ווערען. און ווען אפילו דער אשמדאי אַליין זאָל קומען און אַנערקענען דעם סאָציאַליסטישען פּראָגראַם און די סאָציאַליסטישע טאַקטיק, וואָלט איך איהם בכבוד גדול אריינגענומען אין דער פּאַרטיי. זאָל ער זיך בלייבען ביי זיינע אינדיווידועלע מיינונגען. אין אַ פּריוואַטען געשפּרעך וואָלט איך, ווי איך האָף, געקאָנט בעווייזען איהם קלאָר ווי דער טאָג, אַז ער איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, ווייל בעצם איז ער נישט מעהר ווי אַ פינסטערער חלום פון אַ פינסטערען עבר.

קוים אָבער איז פאַר אונז וויכטיג דער פּראָגראַם פון האַנד־לונגען און ניט דער פּראָגראַם פון אַנשויאונגען, פּלאָגט מיך שוין גאָר ווייניג די פראַגע: וועלען די פערשיידענע טעאָרעטישע ליקיאָרען בלייבען, ווי פריהער, אין פערשיידענע פלאַשען, אָדער מען וועט פון זיי אויסדעסטילירען אַ גאַנץ נייע „סינטעטישע" משקה, אין וועלכע עס זאָלען זיך לאָזען הערען אַלע זייערע בעסטע פערפיומען? אונז דאַרף אינטערעסירען נאָר דער פונקט, אַז אין דעם פּראַיינינגונגס־פּראָגראַם זאָלען אויפגענומען ווערען אַלע אַר־בייטען, וואָס אין זיי זענען פעראינטערעסירט די פערשיידענע פּאַרטייען, אויב נאָר די אַרבייטען גופא שליעסען איינע די אַנדערע ניט אויס. איך האָב אין צוויי אַרטיקלען וועגען דער פעראייני־גונגס־פראַגע מיך געמיהט צו בעווייזען, אַז די אַרבייטען שליעסען באמת איינע די אַנדערע ניט אויס, אַז אין די הענד פון ווייט און ברייט בליקענדע מענשען וואָלטען זיי איינע די אַנדערע פיעל, זעהר פיעל געהאָלפען.

עס קאָן זיין, אַז אין אָט דעם וויכטיגסטען פונקט פון מיינע אַרגומענטען האָב איך געמאַכט אַ טעות. איך זעה איהם לעת־עתה

נאָך ניט איין און ער דאַרף מיר בעווייזען ווערען. כל זמן מען האָט מיר אָבער ניט אויפגעוויעזען מיינע גרייזען, בלייב איך ביי דעם פריהערדיגען שטאַנדפּונקט: דער פעראייניגונגס־פּראָגראם, וואָס די פּועלי־ציון האָבען אָנגענומען אויף זייער פּערטען צונויפפאָהר אין שיקאַגאָ, איז אַ פּלאַטפאָרם, וואָס נעהמט אין זיך אַריין אַלע אַרביימען, די בונדיסטישע אַזוי גוט ווי די טעריטאָריאַליסטישע און די פּועלי־ציוניסטישע.

דאָס איז אפשר נאָך ניט גאַנץ קלאָר פאַר די, וואָס האָבען מעהר נישט ווי אויבערפלעכליך דורכגעלעזען דעם פעראייניגונגס־פּראָגראם. איך וועל דעריבער אַ ביסעל מעהר בעלייכטען יענע פּונקטען זיינע, אין וועלכע ער דריקט אויס דעם „בונדיזם“ און דעם „טעריטאָריאַליזם“. דעם „סערפּיזם“ מעגען מיר דאָ אַרויסלאָזען דערפאַר, ווייל ער איז פּרינציפּיעל ניט מעהר ווי אַ פעראייניגונג פון די צוויי. זיינע פּראַקטישע פאָדערונגען אָבער, אין וועלכע ער געהט זיך פאַנאַנדער מיט׳ן „בונד“, געהען אַקוראַט אַזוי גוט אַריין אין דעם פּראָגראם, ווי די פאָדערונגען פון די איבעריגע פאַר־טייען. וואָלט עס ניט געווען אַזוי, וואָלט איך מיך בשום אופן ניט געקאָנט אָנשליסען אָן דעם פּראָגראם.

לאָמיר אָנהויבען מיט דעם בונדיזם. ווען איך רעד וועגען „בונד“, מיין איך אַלע מאָל ניט יענע עלעמענטען זיינע, וואָס זענען פערמאַסקירטע אסימילאַטאָרען; אויך ניט די פון איהם, וואָס זענען זיך גלאַט אַזוי פעראינטערעסירט אין אינטערנאַציאָנאַלע גערעכ־טיגקייט און פערלאַנגען, מען זאָל אויך „איהם“, דעם אידען, הייסט עס, געבען, וואָס איהם קומט: אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָ־נאָמיע. זאָל „ער“ זיך (מהיכא תיתי!) ענטוויקלען זיין אייגענע קולטור, אויב „ער“ האָט דעם ווילען און די כחות דערצו. רעד איך וועגען דעם בונד, מיין איך נאָר יענע נאַציאָנאַל־געשטימטע בונדיסטען, וואָס זענען באמת וואַרעמע, גוטע אידען, וואָס זענען באמת פעראינטערעסירט, אַז די אידישע אַרבייטער־מאַסען זאָלען קעמפּפען פאַר אַ זעלבסטשטענדיגע, פּראָגרעסיווע נאַציאָנאַלע ענט־וויקלונג פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק.

אָט דער בונדיזם איז אין מיינע אויגען די העכסטע פאָרם פון דעם אידישען פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַלען געדאַנק. זיין תוך איז, אַז דאָס אידישע פאָלק מוז קעמפּפען פאַר זיין דערהאַלטונג

און ענטוויקעלונג אונטער אַלע אומשטענדען, וואו ער זאָל ניט זיין צווזעעט און צושפּרייט, קיין מאָל ניט פערלירען דעם מוטה און די האָפענונג אויף אַן אייגענעם קיום אין דער וועלט. אַזאַ נאַציאָ־נאַליזם איז דער זיכערסטער, דער געטרייעסטער צו די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק. זיין איבערגעבענהייט צו דעם פאָלק איז ניט אָבהענגיג פון וועלכע עס איז בעזונדערע בעדינגונגען. ער „בעיאהט", ווי דער טייטש זאָגט, די אידישע עקזיסטענץ א ב ס אָ־לוט. אַזאַ בונדיסט איז ניט קיין „איד בתנאי", ניט קיין איד מיט אַ „במה דברים אמורים", ווי מיין פריינד יהואָש האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט. זיין נאַציאָנאַליזם איז דעריבער אַן אַבסאָ־לוטער, אויף וועלכען מען קאָן זיך אונטער אַלע אומשטענדען פער־לאָזען.

ווי וויכטיג עס איז פאַר דעם אידישען פאָלק צו האָבען אַ זעלכע איבערגעבענע קינדער, קאָן אונז קלאָר מאַכען אַ קליינע מעשה'לע, וואָס האָט ניט לאַנג פּאַסירט. אויף דער פינפ־טער קאָנוועגשאָן פון די פּועלי ציון אין מאָנטרעאָל, האָט חבר צוקערמאַן, איינער פון די הייסעסטע נאַציאָנאַליסטען, וועלכע איך קען, ארויסגעזאָגט דעם געדאַנק, וואָס הערשט כמעט ביי אַלע פּועלי ציון, אַז די גאַנצע נאַציאָנאַלע אַרבייט אין גלות האָט נאַר יעמאָלט אַ זין, ווען זי קאָן אָנווייזען אויף ציון ווי אויף איהר לאָגישען ענדציעל. קוים זאָגט מען זיך אָב פון דעם ענדציעל, אַזוי פער־ליערט די אַרבייט אין גלות יעדע בעדייטונג און יעדען ווערטה. און תוך כדי דבור האָט דער זעלביגער חבר געלאָזט דורכבליקען, אַז זיין גלויבען אין ציון איז שוין איצטער ניט אַזוי פעלזען־פעסט, ווי אַמאָל. מוז מען דאָך ניט ווילענדיג זיך אַ פרעג טהאָן: וואָס וועט ווערען פון זיין גאַנצער איבערגעבענקייט צו דעם אידישען פאָלק, זאָלען חלילה די ספיקות אין ציון אין גאַנצען אויסעסען ביי איהם דעם גלויבען אין דעם „ענדציעל"? לאָגישערהייט מוז מען קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז ווי נאַר ער וועט פערליערען די האָפע־נונג אויף ציון אָדער אויף אַן אַנדער לאַנד, אַזוי וועט דאָס אידישע פאָלק אויס'ן שטעל פערליערען אין איהם אַן איבערגעבענעם טהוער און פריינד. און פון דער זעלביגער אַרט זענען כמעט אַלע ציוניס־טען, טעריטאָריאַליסטען און ניט קיין קליינער טייל פון די סער־פּיסטען. ביי זיי אַלעמען איז דער אידישער נאַציאָנאַליזם ניט

מעהר ווי אַ „מצוה התלויה בארץ“, אַ בעפעהל, וואָס הענגט אָב פון דעם לאַנד. אויס האָפּענונג אויף אַן אייגען לאַנד, — אויס איד. ווי ביי די רעליגיעזע אָרטאָדאָקסען, רחמנא לצלן: אויס תפילין, אויס איד. ר ע ל א ט י ו ו ע אידען זענען זיי אַלע, אידען מיט אַן אָבמאַך, מיט אַ קאָנטראַקט, מיט אַ „באַם“. באַם חלילה די געשיכטע (אָדער זייער דרש אויף דער געשיכטע) וויל ניט האַלטען קיין וואָרט אין דעם פּונקט פון אַן אייגען לאַנד, מעגען אויך זיי ברעכען דעם קאָנטראַקט, און מען איז פּטור פון אַלע התחיבות צו דעם אידישען פאָלק.

גאַנץ אַנדערש איז דער נאַציאָנאַל געשטימטער בונדיסט. לאָגיש איז זיין צוגעבונדענקייט צו די אידישע אינטערעסען אַן אייביגע, אַן אבסאָלוטע, אָהן תנאים און אָהן קאָנטראַקטען. אויף זיין טרייקייט קאָן דאָס אידישע פאָלק פעסטער רעכענען און מעהר בויען, ווייל דער בונדיסט איז אַ פ אָ ל ק ס נאַציאָנאַליסט, און כל זמן עס וועט זיין אַ אידיש פאָלק, וועלען די בונדיסטען זיין מיט איהם. די אַנדערע ריכטונגען זענען אָבער דאָס רוב ניט מעהר ווי לאַנד־פּאַטריאָטען, און אויף זייער ארבייט וועט דאָס פאָלק קענען רעכענען נאָר אַזוי לאַנג, ווי עס וועט זיין אַ האָפנונג אויף אַן אייגען לאַנד.

עס איז דעריבער קלאָר, אַז אין די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק ליעגט, דער בונדיזם זאָל זיין דער יסוד פון יעדען ערנסטען נאַציאָנאַל־אידישען פּראָגראַם; ער זאָל זיין אַ „קרן קימת“, אַן אומבעריהרליכער פאָנד, פון וועלכען מיר טאָרען זיך קיין מאָל ניט אָבזאָגען, ווייל נאָר ער קאָן דעם נאַציאָנאַלען געדאַנק פעראהיטען פון באַנקראָט. עס איז דעריבער ווירקליך אַן עגמת־נפש, וואָס די וויעדער־ערוואַכונג פון דעם „בונד“ געהט אָן אַזוי לאַנגזאַם. און וואָלט איך געוואוסט נאָר, מיט וואָס איך קאָן איהם העלפען אין זיין וויעדער־ערוואַכונג, און וואָלט ער ניט אָבגעשטויסען מיין הילף, ווי אַ קרבן מיט אַ מום, — כלעבען, קיין אָנשטרענגונג פאַר איהם וואָלט פאַר מיר ניט געווען צו שווער... כל זמן ער וויל ניט אָדער ער קאָן ניט אריינגעהן אין די פּעראייניגונגס־פּאַרטיי, זאָל ער לעבען און ארבייטען, ווי ער פערשטעהט. אָבער וויסען מעג ער, אַז ער האָט געוויס פּלאַץ אויך אין דער פּעראייניגונגס־פּאַרטיי, ווייל ז י י ן גרונד־געדאַנק, וואָס דאַרף ווערען דער הערשענדער

ביי דער גאַנצער אידישער אַרבייטערשאַפט, איז, לויט דער פּראַק־טישער זייט, אין גאַנצען אַריינגענומען געוואָרען אין דעם פּער־איינינגונגס־פּראָגראַם.

„די פּאַרטיי", לייענען מיר אין דעם פּראָגראַם, „נעהמט אויף די נאַציאָנאַלע אַרבייט אין גלות, כּדי אויפצוהויבען די עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַלע, קולטורעלע און פּאָליטישע לאַגע פון דעם אידישען פאָלק אין די גלות־לענדער; א) זי קעמפּפט פאַר דער נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער גלייכבערעכטיגונג פון דעם אידישען פאָלק אין די גלות־לענדער; ב) זי קעמפּפט מיט אַלע כחות געגען דער אַסימילאַ־ציאָן און די אַסימילאַציאָנס־טענדענצען; ג) זי זוכט אויפצוהויבען די קולטורעלע לאַגע פון דעם אידישען פאָלק אין גלות, בענוצענדיג זיך דערביי מיט די צוויי שפּראַכען — העברעאיש און אידיש; ד) זי זוכט צו עפענען פאַר דער אידישער פאָלקס־מאַסע נייע פּראָ־דוקטיווע אַרבייטס־קוועלען, וואָס זאָלען פערשטאַרקען איהרע עקאָ־נאָמישע פּאָזיציעס".

אַזוי זאָגט דער פּראָגראַם.

איך מוז מודה זיין: דאָ איז אַ וואָרט ניט געזאָגט געוואָרען פון דעם בונדיסטישען טעאָרעטישען יסוד, אַז דאָס אידישע פאָלק מוז קעמפּפען אומעטום פאַר זיין דערהאַלטונג און ענטוויקעלונג, אַלץ איינס, צי עס וועט ווען עס איז האָבען אַן אייגען לאַנד אָדער ניט. אָבער די טעאָרעטישע יסודות זענען איבערהויפּט אַרויס־געלאָזען געוואָרען פון פּראָגראַם. אין איהם ווערען אָנגעגעבען נאָר די פּראַקטישע אַרבייטען, און אויך זיי ווערען פאָרמולירט נאָר אין די אַלגעמיינסטע שטריכען. פּראַקטיש אָבער איז אין יענעם פּאַ־ראַגראַף אָנגעפּיהרט געוואָרען אַלץ, צו וואָס אַ בונדיסט קאָן נאָר שטרעבען.

קעמפּפען מיט אַלע כחות אַנטקעגען דער אַסימילאַציאָן, הייסט פּשוטו כּמשמעו: מ י ט א ל ע כ ח ו ת קעמפּפען פאַר די דערהאַלטונג פון דעם אידישען פאָלק. תּמיד זיין בעשטרעבט אויפצוהויבען די לאַגע אויף אַלע געביטען פון זיין לעבען, הייסט תּמיד קעמפּפען פאַר זיין ענטוויקעלונג אין גלות. קעמפּפען פאַר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ג ל י י כ ב ע ר ע כ ט י ג ו נ ג מוז לאָגיש אין זיך איינשליעסען דעם קאַמפּף פאַר אַלע יענע פּ אָ ל י ט י ש ע

פּ אַ ר מ ע ן, וואָס זאָלען קאָנען פערווירקליכען אין לעבען די דאָזיגע נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג.

די פראגע, וואָס האָט פאַנאַנדערגעטיילט דעם בונד און דעם סערפּ; וואָס זאָל דאָס זיין: אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע אָדער אַ נאַציאָנאַל־פּאָליטישע (אַ אידישער סיים), איז דאָך ניט קיין פּרינציפּיעלע, נאָר אַ ריין־טאַקטישע. קאָן די נאַציאָנאַלע און פּ אָ ל י ט י ש ע גלייכבערעכטיגונג אַ ם ב ע ס ט ע ן דורכגעפיהרט ווערען דורך דעם בונד'ס פּראָגראַם, וועט יעמאָלט קיינער זיך ניט איינ'עקשנ'ען אינ'ם סיים. וועט זיך אָבער אַרויסשטעלען, אַז די איינציג־ריכטיגע פּאָליטישע פאָרם פון אַ נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, איז דער סיים, (ווי איך, צ. ב., גלויב), ו ו ע ט מ ע ן מ ו ז ע ן ק ע מ פּ פ ע ן פ אַ ר 'ן ס י י ם. דער עיקר איז דער גרונד־פּרינציפּ, וואָס ליעגט אין דער פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער גלייכבערעכטיגונג. דער פּעראייניגונגס־פּראָגראַם האָט דעם פּרינציפּ קלאָר און דייטליך אָנגענומען און מיט דעם גופא קלאָר און דייטליך אַרויסגעגעבען זיין הסכמה צו אַלע גלות־אַרבייטען פון דעם „בונד" און פון דעם „סערפּ", אין זייער גאַנצען גרויסען אומפאַנג, אָהן אַ שום תנאי, אָהן אַ שום בעשרענקונג, און ניט נאָר פאַר רוסלאַנד, נאָר אויך אומעטום, אין אַלע גלות־לענדער, אויף דער גאַנצער וועלט, אין דער נייער אַזוי גוט ווי אין דער אַלטער.

# דער נייער פּראָגראַם פון דער „פעראייניגונגס״־פּאַרטיי

## דריטער אַרטיקעל:

### דער טעריטאָריאַליזם, און דעם פעראייניגונגס־פּראָגראַם פון די פּועלי־ציון.

ווי אַ בונדיסט צו אַ בונדיסט איז ניט גלייך, אַזוי איז אויך ניט גלייך אַ טעריטאָריאַליסט צו אַ טעריטאָריאַליסט. פאַרהאַן טעריטאָריאַליסטען — און ביז אהער זענען זיי, לײדער, געווען דאָס רוב — וואָס מען קאָן זיי אָנרופען „מענשען מיט טרומייטערס“. עס שטעלט זיך אוועק אויף אַ הויכען בארג אַזאַ מין מענש מיט אַ טרומייטער אין דער האַנד און לאָזט אריינשאַלען אין דער מחנה ישראל זיין הילכיגען, פּאָדערענדען און שטראָפענדען אויסגעשריי: „אידען, געננג אייך צו זיין שקלאַפען! אידען, גענוג אייך צו פוילען אין גלות! אידען, אין טעריטאָריע אריין!“

פון דער הויך פון זיין שפּיץ בארג זעהט ער ניט די ווירקליכע לאַגע פון דעם אידישען פאָלק, בענעהמט ער ניט די געשיכטע פון די לעצטע צוויי הונדערט יאָהר, וואָס האָבען אוועקגעלעגט דאָס אידישע פאָלק אויף אַ קראַנקען־בעט. ער בערעכענט ניט, ווי צו־שלאָגען די אידישע קראַפט איז, ווי פערמאַטערט דער פאָלקס־ווילען, ווי אָבגע׳חלש׳ט די ענערגיע, ווי עלענד און פער׳יתומ׳ט עס איז געוואָרען אַ פאָלק, וועמען די בעסערע קינדער האָבען פערלאָזען. דעם טרומייטער־מענש קומט גאָר אין זינען ניט אריין, אַז איידער דאָס פאָלק וועט זיך קאָנען ערנסט צוהערען צו זיין דערהויבענעם רוף, מוז עס פריהער ארויסגעהן פון הין־הער־פּלעט; אַז עס מוז פריהער פאַר אַלץ טראַכטען וועגען אַ לעבען איבערהויפּט און ערשט דערנאָך זיך פעראינטערעסירען מיט דעם פּראָבלעם פון אַ נאַהמאַ־לען, פרייען, זעלבסטשטענדיגען לעבען; אַז קודם כל מוז עס גע־פלאָגט ווערען פון דער דאגה וועגען אַ היים איבערהויפּט, וואו עס

זאָל קאָנען קומען צו זיך, ארומקוקען זיך, אויף וואָסער וועלט עס איז, ווייעדער אָנזאמלען נאציאָנאַלע לעבענס־ענערגיע און דערנאָך ערשט ערנסט זאָרגען וועגען אַן א י י ג ע נ ע ר היים.

דעם טרומייטער־מענש ארען נים אָט די אלע זאכען. ער שחוט זיך זיינס: ער שאלט אין דער מחנה...

סוף־כל־סוף מוז ער אָבער בעמערקען, אז זיין שאלען צוגעהט זיך טרויעריג אין דער לופט און וועקט נים קיין אָברוף אין די הערצער פון פאָלק. יעמאָלט הויבט זיך אָן די טראַגי־קאָמעדיע פון דעם טרומייטער־מענש. ביסלעכווייז ווערט ער אלץ מעהר און מעהר אונגעדולדיג. באַלד ווערט ער שוין גאָר גראָב און אָנגעטראָטען אין די בעסטע געפיהלען, ביז ער ווערט אין גאנצען ברוגז און קעהרט זיך אום צום פאָלק מיט׳ן רוקען. איצט טרעט אריין דער הארץ־צורייסענדער פינאַל. ער שליידערט אוועק אין צאָרן זיין טרומייט, בטל׳ט אוים אלע זיינע שעהנע, בייז־געוואָרענע חלומות אויף די קעפ פון די „פערשאָלטענע שקלאפען", לעגט צונויף „די נוצלאָזע הענד אויף דער לעדיגער ברוסט" און — ווערט פערגליווערט אין דער גרויסאַרטיגער פאָזע פון א בעליידיגטען, נים־פערשטאנענעם נביא.

פארהאן אָבער אויך אַן אנדער ארט טעריטאָריאליסטען. זיי שטעהען נים אויף דעם שפּיץ בארג, נאָר אין דעם זומפּיגען, מיט גיפטיגע גאזען אָנגעזאָפּטען אידישען טהאָל. זיי קוקען זיך צו צו דער לאַגע און דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק אין די מזרח־איירָאָפּעאישע לענדער און זיי זעהען:

די קריסטליכע פעלקער, ביי וועמען די אידען האָבען געשפּיעלט די ראָליע פון פערמיטלער, שטרענגען אָן אלע זייערע כחות אויסצו־קומען אָהן דעם אידען. קריסטליכע האנדעלס־געזעלשאפטען און קאָנסום־געזעלשאפטען שפּראָצען ארוים, ווי שוואָמען נאָך א רעגען. דער קריסטליכער קליין־בירגער, דער אלטער שונא פון דעם אידי־שען הענדלער און דעם אידישען בעל־מלאכה, נוצט אוים די בעווע־גונג צוליעב זיינע אייגענע אינטערעסען און טראָגט אין איהר אריין זיינע אידעען און אידעאַלען, פול אָנגעזאָפּט מיט ראסען־האס און רעליגיעזער פערפאָלגונג. די רעגירונגען, פון תמיד ווי מיט א מאַג־נעט צוגעצויגען צו רעאקציאָנערע שטרעמונגען, שיצען דעם אנטי־

סעמיטיזם באַלד פערשטעלטערהייט ווי אין עסטרייך, באַלד אָפען אָהן אַ ברעקעל בושה, ווי אין רוסלאַנד און רומעניען.

אין רוסלאַנד ווערט דער אַנטיסעמיטיזם דער צענטראַלער פּונקט פון דער רעגיערונגס־פּאָליטיק. אין פּוילען ווערט ער דער לאָזונג פון דער פּראָגרעסיווער און אפילו פון דער ראַדיקאַלער עפענטליכער מיינונג.

דער קאַפּיטאַליזם, וואָס הויבט זיך ערשט אָן פּאַנאַנדערצוואַקסען אין די דאָזיגע לענדער, טרייבט די פּויערים פון דאָרף אין שטאָדט אריין, און דאָרטען שטופּען זיי ארויס דעם אידישען ארבייטער אפילו פון ריין־אידישע פאַבריקען און ווארשטאַטען. און בעת די קריסטליכע ארבייטערשאַפט וויל (בעוואוסט אָדער אונבעוואוסט) אָברייניגען די אינדוסטריע פון אידישע הענד, זוכט דער קריסטליכער מיטעלקלאַס ארויסשטופען פון איהר דעם אידישען אונטערנעהמער...

דאָס אידישע פאָלק ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ מעהר אָבגעשניטען פון יעדען מקור חיונה, און דער אַלטער אייביגער „נע ונד“ ווערט ווידער געצוואונגען צו נעהמען זיך קראַנקערהייט פאַר זיין אַלטען וואַנדער־שטאָק און לויפען, וואוהין די פיס טראָגען.

מיט אַ פערקלעהמטען הארץ מוז זיך יעדער איינער פרעגען: וואו ליעגט דאָס לאַנד, וואו דער אידישער וואַנדערער זאָל ענדליך געפינען אַ מקום מנוחה?

און וואָס מעהר מען ווערט בעקאַנט מיט די לענדער, וואוהין עס טראָגט סטיכיש דער אידישער וואַנדער־שטראָם, אַלץ קלאָרער ווערט פאַר איינעם, אַז אין קיין לאַנד, וואָס איז שוין בעזעצט מיט ניט־אידישע איינוואוינער, וועט דער איד ניט געפינען די געוואונשטע רוה. וואוהין ער זאָל ניט קומען, וועט ער געפינען אַן אַטמאָספערע, וואָס איז פול מיט אַ בעהאַלטענער שנאה צו איהם, און ווי נאָר ער וועט טיעפער אריינדרינגען אין איהר, וועט די אַלטע בייזע שנאה זיך פונאַנדערפלאַקערען מיט אַ העלישען פייער. וואוהין ער זאָל ניט קומען, וועט ער בלייבען אין אַ שוואַכער מינאָריטעט.

און עס וואַקסען אָן אַלץ נייע און נייע שטראָמען פון אידישע וואַנדערער. זאָל מען זיי לאָזען געהן אין דעם אַלטען וועג? זאָל מען זיי לאָזען פערשטאַרקען יענע בייזע פלאַגען, וועלכע די אַלטע שטראָמען האָבען שוין אומעטום ארויסגערופען אַנטקעגען זיך?

און קאָן מען זיין זיכער, אז די אַלטע עמיגראַציאָנס־וועגען וועלען בלייבען אָפען? זעהען מיר דען ניט, אז די וועגען ווערען אַלץ ענגער און ענגער?

פאָראויסזעהענדע מענשען זענען שוין לאַנג ארויסגעטרעטען מיט דער נביאות, אז אויך אין דער פרייער אַמעריקא וועט מוזען קומען אַ מאָמענט, ווען די טהירען וועלען צוגעשלאָסען ווערען פאַר דעם אימיגראַנט, אָדער ווענינסטענס, געבויט ווערען אזוי ענג, אז נאָר גאָר אַ קליינער טייל פון דעם אידישען וואַנדער־שטראָם וועט קאָנען אריין דורך זיי. עס וועלען ניט העלפען אַנטקעגען דעם קיין פראָטעסטען, קיין רייסען קברים אין דעם נאָמען פון דעם אַלמענשליכען יושר, ווי דער אַלמענשליכער יושר האָט אונז ניט געהאָלפען אין דער גאַנצער צייט פון דעם אידישען גלות.

די דאָזיגע שרעקליכע נביאות האָלט שוין איצט ביים פער־ווירקליכט ווערען, און אַלץ ברענענדיגער ווערט דאָס פראָבלעם פון דער אידישער עמיגראַציע. דעם ענטפער אויף ד ע ם פראָבלעם גיט אָבער דער מאָדערנער טעריטאָריאַליסטישער געדאַנק. מיט פייער־אותיות שרייבט ער איהם אויף דעם אידישען נאַכטליכען הימעל: דאָס אידישע פאָלק מ ו ז האָבען אַן אייגענע היים. מען מ ו ז אויסגעפינען אַ לאַנד, וואו די אידישע איינוואַנדערער זאָלען קאָנען ווערען די מאַיאָריטעט, וואו זייער איינוואַנדערונג זאָל ניט זיין אַ פערבייטען איין גלות אויף דעם אַנדערען, נאָר די בעפרייאונג פון גלות איבערהויפּט.

וואָס זאָל זיין דאָס לאַנד, וואָס זאָל אין דער נעכסטער צוקונפט — און ניט אין די משיח־טעג — קאָנען אריינגעהמען אין זיך די אידישע וואַנדערשאַפט?

פאַר די אויגען פליהט דורך ווי אַ בליץ דער געדאַנק: „א ר ץ י ש ר א ל!" אָבער, אַך! ליידער מוז דער בליץ תיכף פערלאָשען ווערען. וואָס פאַר אַ בעדייטונג ארץ־ישראל זאָל ניט האָבען פאַר דער ווייטער צוקונפט פון דעם אידישען פאָלק, פאַר דער איצטיגער וואַנדערונג איז זיין ווערטה גלייך נול. דאָס קראַנקע, אָרעמע אידישע פאָלק האָט נאָך ניט קיין כחות צו פערווירקליכען דעם ציוניזם. נאָר אַ רייך פאָלק, אַ שטאַרק פאָלק, אַ געאייניגט פאָלק און אַ געזונד פאָלק קאָן באמת נעהמען אויף זיך די אויפגאַבע ווידער אויפצולעבען די אַלטע פערלאָזענע היים און איינצופלאַנצען דאָר־

טען אַ זעלבסטשטענדיגען אָריגינעלען אידישען לעבען. אמת, בעסערע, אָבגעקליבענע כחות פון דעם אידישען פאָלק קאָנען שוין איצטער פערזעען דאָרטען צואוואָרפענע קערענדלעך, פון וועלכע עס זאָלען אין דער ווייטער, ווייטער צוקונפט ארויסוואקסען אידישע פלאַנצונגען. אָבער דעם פּראָבלעם פון דער אידישער וואנדערונג קאָן ציון איצטער נ י ט פערענטפערען; דער ענטפער אויף דעם פּראָבלעם ליעגט אין דעם ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ז ם און נאָר אין איהם.

דער טעריטאָריאַליזם — דאָס בעשטרעבען אויסצוגעפינען ערגעץ וואו אין חוץ לארץ אַן אייגענע היים פאַר דעם עמיגראַנטען־שטראָם איז דעריבער אַ נויט, וואָס איז אויסגעוואַקסען פונ'ם לעבען, און מוז אַריינגעהן, ווי אַן אייגענער יסוד, אין דעם פּראָגראַם פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט.

און דער פּראַקטישער טייל פונ'ם טעריטאָריאַליזם, אויב ניט זיין טהעאָרעטישע בעגרינדונג, איז אַריינגענומען געוואָרען אין דעם פעראייניגונגס־פּראָגראַם פון די פּועלי־ציון.

„די פּאַרטיי", שטעהט דאָרטען געשריעבען שוואַרץ אויף וויס, „נעהמט אויף די אַרבייט פון רעגולירען די אידישע וואַנדערונג: א) זי זוכט צו לענקען דעם עמיגראַציאָנס־שטראָם נאָך ארץ־ישראל, ב) אויף וויפיעל דער עמיגראַציאָנס־שטראָם קאָן ניט געלענקט ווערען נאָך ארץ ישראל, זוכט די פּאַרטיי צו רעגולירען די עמיגראַציאָן אויף אַזאַ אופן, וואָס זאָל אַם בעסטען בעפריעדיגען די עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַל־קולטורעלע און פּאָליטישע אינטערעסען פון דער אידישער וואַנדערונגס־מאַסע".

איך מוז מודה זיין, אַז דער פּונקט איז אַם שלעכטעסטען רעדיגירט געוואָרען אין דעם פעראייניגונגס־פּראָגראַם. די שולד פאַלט געווים אויך אויף דעם שרייבער פון אַט די צייליען, וואָס איז געווען אַ מיטגליעד פון דער רעדאַקציאָנס־קאָמיסיע און האָט געמאָגט אַביסעל שטייפער און פער'עקשנ'טער זעהן, אַז דער טעריטאָריאַליסטישער גרונד־געדאַנק זאָל ניט אַרויס אַזוי בלאָס. מען דאַרף אָבער האָבען אין זין די אומשטענדען, אונטער וועלכע עס איז בעשאַפען געוואָרען דער פעראייניגונג־פּראָגראַם. אין דער רעדאַקציאָנס־קאָמיסיע זענען געווען צוויי פערטרעטער פון די ס. ט. און אייגענטליך איז אויף זיי געלעגען דער חוב אָבצוהיטען די אינטע־

רעסטן פון זייער ריכטונג. אין יענער צייט אָבער זענען די דאָזיגע פערטרעטער געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון דעם מעסאָפאָטאַ־מישען טרוים און זיי האָבען געלעגט מעהר געוויכט אויף דעם פונקט, וואָס שליסט איין אין דעם בעגריף „ארץ ישראל" אויך די „נאַכבאַר־לענדער", איידער אויף דעם פונקט פון רעגולירען די אידישע וואַנדערונג.

אָבער ווי בלאָס דער לעצטער פונקט זאָל ניט זיין פאָרמולירט, זיין ווירקליכע טעריטאָריאַליסטישע בעדייטונג קאָן בשום אופן ניט אָבגעלייקענט ווערען. אמת, ער איז ארומגעבונדען מיט א תנאי: „אויף וויפיעל דער עמיגראַציאָנס־שטראָם קאָן ניט געלענקט ווערען נאָך ארץ־ישראל". אָבער דער תנאי קאָן קיינמאָל ניט זיין אין דער לאַגע אָוועקשטעלען זיך אין וועג דער נויטיגער פערווירקליכונג פון דעם טעריטאָריאַליזם.

ממה נפשך! קאָן דער עמיגראַציאָנס־שטראָם געלענקט ווערען נאָך ארץ־ישראל אזוי, אז דאָרטען זאָל בעשאַפען ווערען א אידישע פרייע היים, וואָס זאָל פערענטפערען די אָנגעוועהטאָגטע נויטען פון דער אידישער מאַסע, וואָלט יעמאָלט געוועזן אַן אונ־פערצייהליכער קאַפּריז, אָדער נאָך ערגער: א מורא'דיגער פערברע־כען ניט אויסצונוצען די געלעגנהייט. זאָלען די ציוניסטען ארויס־טרעטען מיט קלאָרע פאַקטישע בעווייזען, אז דאָס לאַנד ישראל איז שוין איצטער אים שטאַנד ארייננצונעהמען אין זיך און געבען חיונה דער אידישער וואַנדערונגס־מאַסע, און קיין פערנינפטיגער און עהרליכער מענש וועט ניט קאָנען א פּיפּס טהאָן אנטקעגען דעם ציוניזם.

אלא — וואָס דען? אויך די ציוניסטען וועלען מוזען מודה זיין, אז דער עמיגראַציאָנס־שטראָם קאָן ניט געלענקט ווערען נאָך ארץ ישראל. יעמאָלט וועט פון זייער זייט זיין א מורא'דיגער פערברעכען, ווען זיי וועלען זיך אָבזאָגען צו ארבייטען אין איינעם מיט די איבעריגע פּאַרטייען אויף דעם פּראָבלעם, ווי אזוי „אם בעסטען" צו רעגולירען די וואַנדערונג.

און ווי קאָן מען זי אם בעסטען רעגולירען?

איך בין זיכער, אז קיין בר־דעת וועט מיר ניט אויפוואַרפען קיין „מהרש"א־פשט'לעך", ווען איך וועל זאָגען, אז עס איז דאָ נאָר א י י ן אופן, ווי אזוי „אמבעסטען (א מ ב ע ס ט ע ן!) צו

בעפריעדיגען די עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַל־קולטורעלע און פּאָליטישע אינטערעסען" פון די אידישע וואַנדערונגס־מאַסען. און דאָס איז דער טעריטאָריאַליזם. ווי גוט די אינטערעסען זאָלען ניט זיין בע־פריעדיגט אין אַ וועלכען עס איז שוין בעזעצטען לאַנד, אַ מ ב ע־ס ט ע ן קאָנען זיי בעפריעדיגט ווערען נאָר אין אַן איינענער חיים...

די פראַגע בלייבט, פערשטעהט זיך, אָפען, צי עס איז דאָ אַ מ ע ג ל י כ ק י י ט צו פערווירקליכען יענעם איין־איינציגען אופן פון רעגולירען די אידישע וואַנדערונג. אָבער די מעגליכקייט־פראַגע קאָן מיט דעם זעלבינגען רעכט אוועקגעשטעלט ווערען ביי יעדען אַנדערען פּונקט פון דעם פעראייניגונגס־פּראָגראַם. איז די פער־ווירקליכונג פון דעם ציוניזם מעגליך? איז די נאַציאָנאַלע און פּאָ־ליטישע גלייכבערעכטיגונג אין גלות מעגליך? איז אפילו אַ נאָר־מאַלע אידישע יוניאָן־בעוועגונג מעגליך? דער ענטפער, וואָס מען קאָן דערווייַלע געבען אויף אַזעלכע פראַגען איז: דאָס לעבען האָט נאָך ניט בעוויזען די א ו נ מ ע ג ל י כ ק י י ט פון אַלע אָט די ציעלען. פון דער אַנדער זייט ברענגט עס אַלץ שאַרפער אַרוים זייער נויטיגקייט. ערשט די אַרבייט צוליעב די ציעלען קאָן בעווייזען, וועלכע פון זיי זענען געווען מעגליך און וועלכע ניט. די א ר ב י י ט אָבער, וואָס האָט אין זין יענע ענדציעלען, איז א ב ס אָ ל ו ט מעגליך און עס זענען דאָ גענוג אידישע סאָציאַליסטען, וואָס גלויבען היים און ערנסט אין דעם ערפאָלג פון זייער מיה.

די צרה ביז אַהער איז געווען, וואָס יעדער איינער האָט גע־גלויבט נאָר אין דער מעגליכקייט פון זיין אידעאַל און האָט פאַנאַ־טיש אָבגעלייקענט די דורכפיהרבארקייט פון דעם אַנדערענ'ס שטרעבונגען. אַן אָפּטימיסטישע און פעסימיסטישע דאָגמאַטיק איז געווען דער גרונד־שטריך פון דעם גאַנצען אידיש־סאָציאַליסטישען דענקען. אַ בלינדער ראַזעווער גלויבען אין דער דורכפיהרבארקייט פון דעם אייגענעם אידעאַל איז געגאַנגען האַנד־אין־האַנד מיט אַן אַקוראַט אַזאַ בלינדען גלויבען, אַז דעם געגנער'ס אידעאַלען זענען אויף אייביג פעראורטיילט צו בלייבען פּרוכטלאָז. די לאַגע פון דעם אידישען פאָלק איז אָבער אַזאַ, וואָס פערוועהרט אונז דעם לוקסוס פון דער שכור'ער דאָגמאַטיק מיט איהרע אבסאָלוטע תשובות אויף אַלע שאלות. אונזער לאַגע פאָדערט אַ ניכטערען, ערנסטען ק ב י־

ט י צ י ז ם, וואָס זאָל אונז אָבהיטען פון איבערגעבאַפּטע, אויף קיין זאַך ניט בעגרינדעטע האָפענונגען, ווי אויך פון אַ ניט בערעכ־טינטען יאוש.

נאָך הונדערטער יאָהרען פון משיח־חלומות, נאָך אַ גאַנצען יאָהרהונדערט „אַסימילאַציאָנס־אילוזיעס", טרעט ערשט איצטער דאָס אידישע פאָלק ארויס אויף דעם וועג פון ווירקליכער, רעאַלער פּאָליטיק, — צום ערשטען מאָל אין זיין געשיכטע זינט דעם חורבן בית שני! צו שרעקליך איז זיין לאַגע אין דער געגענוואַרט, צו געבעלדיג איז זיין וועג אין דער צוקונפט: עס קאָנען נאָך ניט זיין קיין אַבסאָלוטע ענטפערס אויף אַלע זיינע פראַגען.

ווערט זיך איהם איינגעבען צו דערהאַלטען זיין לעבען אין דער פיינדליכער סביבה פון גלות?

וועט אפשר דער איינוואַנדערונגס־שטראָם אריינפיהרען איהם אין אַ לאַנד, וואָס וועט דורך זיין רייכקייט און שעהנקייט מאַכען איהם פערגעסען אַלע זיינע פּלאָגען און דערשטיקען זיין בענקשאַפט נאָך דער אַלטער פּאַלעסטינישער היים?

אָדער אפשר איז גאָר אָנגעשריעבען אין דעם בוך פון דער אייביגער גערעכטיגקייט, אַז די זיפצען און קלאָגען פון דורות זאָלען ניט פערקלינגען אָהן שפּורען אין דעם אונענדליכען וועלטען־רוים; אַז די אייביגע בענקשאַפט נאָך ארץ ישראל, וואָס האָט אין משך פון יאָהרען און יאָהרען געלעבט אין דער ברוסט פון זיינע בעסטע קינ־דער, זאָל זיך ניט אויסלאָזען מיט אַ ציניש גערעכטער און אַ ביטערען שפּאָט; אַז דער גאַנצער אינהאַלט פון דער טראַגישער אידישער געשיכטע, וואָס האָט אַ זין נ אָ ר אין דער ליעבע צו דעם אַלטען לאַנד, זאָל ניט אָבגעלייקענט ווערען ווי אַ וויסטע פאַנ־טאַזיע; אַז דער קאַמפּף פון גענעראַציאָנען פאַר אַן אידעאַל זאָל זיך סוף כל סוף ענדיגען מיט אַ פערדיענטען זיעג; אַז כאָטש איין מאָל אין דעם צווישען־פעלקערליכען לעבען זאָל די גערעכטיגקייט בעקו־מען איהר רעכט...

ווער וויים?....

ליידער, קאָן דאָס קיינער ניט וויסען. אָבער איינס איז זיכער: דאָס פאָלק געהט ארויס פון זיין לעטאַרגישען שלאָף. ביסלעכווייז ווערען אין איהם ווידער אויפגעוואַכט נייע לעבענס־ענערגיען און זיי צווינגען איהם צו זיין פאָרזיכטיג אין זיין יעדען שריט, ניט

אוועקצושטעלען זיין גאַנצען גורל אויף איין איינציגער קאָרט, אויסצונוצען י ע ד ע געלעגענהייט, י ע ד ע מעגליכקייט אין זיין קאַמפף פאַר לעבען און ענטוויקלונג.

און וואָס מעהר כחות עס וועלען, א דאַנק דער נאַציאָנאַלער ארבייט אין גלות, אָנוואַקסען אין איהם, וואָס קלאָרער עס וועט פאַר איהם ווערען זיין לאַגע, אַלץ קרעפטיגער וועט ער אָבשטויסען פון זיך אַלע יענע „מאָנאָ־פּינטעליסטען“, אַלע יענע איינגע פּאַנאַ־טיקער, וואָס ווילען איהם פערצאַמען אַלע וועגען אחוץ איינעם, דעם וואָס פיהרט צו זייער אָבגאָט; אַלץ טרייער וועט ער צושטעהן צו די, וועלכע פערצאַמען איהם נאָר איין וועג, — דעם וועג צום נאַציאָנאַלען זעלבסטמאָרד, — און עפענען איהם פיעלע וועגען, וואָס קאָנען איהם פיהרען צו גליק און פרייהייט.



# די אידישע שפּראַך־בעוועגונג און די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ*)

די אידישע שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ האָט אַרויס־גערופען ביי דעם עולם און אין דער פּרעסע קודם כל אַ סך שפּאַט און וויץ...

דאָס וואָלט געווען שלים סאַי פאַר איהר, סאַי פאַר מיר, דעם רעדאַקטאָר פ ון „דאָס נייע לעבען", וואָס שטעהט אין דער שפּראַ־כען־פראגע אויף דער פּאָזיציע פון דער קאָנפערענץ.

צום גליק האָט זי אַרויסגערופען ניט נאָר שפּאָט און וויץ. איהרע רעזולטאַטען האָט מען בעגעגענט אויך מיט אַ ביטערער שנאה און אַ בעהאַלטענעם כעס. און דאָס איז שוין עפּעס ווערטה. אַנטקעגען גלייכגילטיגע זאַכען פּראָטעסטירט מען ניט מיט כעס און גאַל. זי האָט אויך אַרויסגערופען אַ „פּאָלקאָמענע גלייכגיל־טיגקייט". אין פלוג איז עס קשה, ווייל גלייכגילטיגקייט געהערט דאָך ניט צו געפיהלען, וואָס קאָנען אַרויסגערופען ווערען. די קאָנפערענץ האָט אָבער בעוויעזען אַן אונמעגליכע זאַך: ביי אַ געוויסען טייל פון עולם האָט זי אַרויסגערופען אַ „פּאָלקאָמענע גלייכגילטיגקייט" — אמת, פון אַ גאַנץ בעזונדער מין, פון דעם סאָרט, וואָס ווערט געמאַכט מיט פערביסענע ליפּען...

פון דער אַנדער זייט אָבער איז די אידישע שפּראַך־קאָנפערענץ בעגעגענט געוואָרען מיט אַ סך אמת'ער סימפּאַטיע, לעבהאַפטען אינטערעס און אַפילו מיט התלהבות און בעגייסטערטע איבער־געבענקייט.

אַ פּאַסירונג וואָס רופט אַרויס אַזוי פיעל פערשיידענע גע־

---

*) אויס אַ בעריכט וועגען דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ וואָס איז איבערגעגעבען געוואָרען אין אַ פערזאַמלונג, צונויפגערופען פון דעם פעראיין „דאָס נייע לעבען". (יאַנואַר 1909).

פיהלען און געדאַנקען, קאָן ניט זיין קיין צופעליגע אין דעם גע־שיכטליכען לעבען פון א פאָלק. וואָס עס זאָל ניט זיין איהר צו־קונפט, ידי געגענוואַרט בעגעהט זיך מיט איהר ווי מיט א וויכטיגער ערשיינונג, מיט וועלכער מען מוז זיך רעכענען און וועלכע מען מוז פערשטעהן. די צוקונפט וועט בעווייזען, צי די גאַנצע אידישע שפּראַך־בעוועגונג איז געווען נאָר א קליינער פּאַראַגראַף אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק, אָדער א שער־בלעטעל צו א גאַנץ נייעם פּרק. לעת עתה מוזען מיר אָבער איינזעהן, אז די אידישע שפּראַך־בעוועגונג איז אויסגעוואַקסען פון דעם אידישען לעבען גופא; דאָס הייסט, אז זי איז א טייל פון דער אידישער געשיכטע.

דערפון פערשטעהט איהר שוין אליין דעם שטאַנדפּונקט, וואָס איך וויל אָננעהמען אין מיין בעריכט. איך וויל רעדען צו אייך ניט ווי א צייטונגסרעפּאָרטער, און ניט ווי אַן אדוואָקאַט. איך וויל די טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ בעטראַכטען, ווי א היס־טאָריקער, און אויפדעקען די וואָרצלען, וואָס האָבען זי ארויס־גערופען אין לעבען.

* * *

אומעטום, וואו מיר האָבען צו טהאָן מיט א וויכטיגער פּאַ־סירונג אין דעם לעבען פון א פאָלק, דאַרפען מיר געדענקען, אז זי וואָלט בשום אופן ניט געקאָנט זיין וויכטיג, ווען זי וואָלט ניט געוואָרען אַרויסגערופען פון א בעשטימטער וויכטיגער לעבענס־נויט. און פון אלע לעבענס־נויטען, וואָס ווייזען זיך ארויס אין דעם לעבען פון א פאָלק, זענען אלע מאָל אַט־וועלכע דריי די וויכ־טיגסטע:

ערשטענס, די ס אָ צ י א ל ־ ע ק אָ נ אָ מ י ש ע נויט: דאָס בעשטרעבען פון יעדען איינצעלנעם צו פערבעסערען זיין מאַטער־יעלע לאַגע, צו פערשאַפען זיך א לייכטערען און רייכערען לעבען.

צווייטענס, די ק ו ל ט ו ר ע ל ע נויט. מיר לעבען איצטער ניט אין דער צייט פון באַרבאַריזם. מיר זענען ארומגערינגעלט מיט אַן אטמאָספערע פון ציוויליזאַציע און קולטור. יעדער איינער פון אונז וויל און מוז וויסען, וואָס עס טהוט זיך אין דער ארומיגער וועלט און אין דער געזעלשאַפט. ער וויל פערשטעהן, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דער מענשהייט און וואָס עס קומט איצטער פאָר ביי די פערשיידענע פעלקער ובפרט ביי דעם אייגענעם פאָלק.

יעדער איינער פון אונז וויל אויך און מוז, — איינער מעהר, איינער ווענינער, — געניסען פון דער קונסט.

די דריטע נויט איז די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע. די איצטיגע מענשהייט איז צוטיילט אין פעלקער. יעדעס פאָלק קעמפּפט אינ־סטינקטיוו פאַר זיין קיום, און פאַר זיין ווייטערדיגען נאַציאָנאַלען וואַקסען. עס זוכט צו בעשאַפען אַזעלכע לעבענס־בעדינגונגען פאַר זיך, וואָס זאָלען איהם געבען די מעגליכקייט צו זיין אויף דער וועלט און צו קאָנען אונגעשטערט זיך נאַציאָנאַל ענטוויקלען.

לאָמיר זעהן, וואָס פאַר אַ ראָלע אָט די דריי לעבענס־נויטען האָבען געשפּיעלט אין דער אידישער שפּראַכען־בעוועגונג, וואָס האָט געפיהרט צו דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ.

אין פלוג וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז די סאָציאַל־עקאָנאָ־מישע נויט איז ניט ביכולת אַרויסצורופען אַ אידישע שפּראַך־בעוועגונג. אדרבה, זי געהט, דאַכט זיך, להיפך צו די מאַטעריעלע אינטערעסען פון איטליכען איינצעלנעם אידען. דער, וואָס האָט נאָר די אידישע שפּראַך פאַר אַ כלי־זין אין דעם עקאָנאָמישען קאַמפּף, האָט ניט פיעל שאַנסען אַרויסצוגעהן אַ זיעגער פון איהם. מיר וואוינען צווישען פרעמדע פעלקער, און וויל איינער מיט זיינע עלענבויגענס צושלאָגען זיך צו אַ העכערער סאָציאַל־עקאָנאָמישער מדרגה, מוז ער זיך צופּאַסען צו דעם פרעמדען „אַרום" און קודם כל זיך אויסלערנען און גוט בעהערשען די שפּראַך פון זיין פרעמדער נאַציאָנאַלער סביבה. בלי ספק האָט דער דאָזיגער פאַקט געשפּיעלט די גרעסטע ראָלע אין דעם אויסוואַקסען פון דער אַסימילאַציע, וואָס האָט געוואָלט פערענטפערן קודם כל די עקאָנאָמישע און קולטורעלע לעבענס־נויט פון יעדען אידישען יחיד.

בליקט מען אָבער טיעפער אריין אין דעם ענין, זעהט מען, אַז אפילו אין דעם פרט פון סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען פאַלען ניט תמיד צונויף די אינטערעסען פון דעם איינצעלנעם מיט די אינטערעסען פון אַ גאַנצען כלל, צו וועלכען דער יחיד געהערט. מען איז ניט נאָר אַ סוחר, אַן אַרבייטער, אַ סטודענט, אַ דאָקטאָר. מען געהערט צו דעם אידישען סוחר'ישען קלאַס, צו דעם אידישען אַרבייטער קלאַס, צו דער אידישער סטודענטענשאַפט, צו דער אידישער געבילדעטער אינטעליגענץ. זייער לאַגע, — די ריין סאָציאַל־עקאָנאָמישע, — העננט אָב פון דעם, וואָס פאַר אַ געוויכט

דאָס אידישע פאָלק האָט, ווי אַ בעשטימטע נאַציע, אין דעם לעבען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. בפרט איז דאָס אמת פאַר אַזעלכע לענדער, ווי עסטרייך, רוסלאַנד, אונגאַרן, וואו די מדינה בעשטעהט ניט פון איין איינציגען פאָלק, נאָר פון אַ סך פערשיידענע פעלקער. דער אידישער הענדלער קאָן, ווי אַ יחיד, מאַכען ערגעץ וואו גוטע געשעפטען אויסנוצענדיג די פרעמדע, ניט אידישע שפּראַך. אָבער אויב די אַרומיגע פעלקער בעטראַכטען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, ווי אַ וועניגער חשוב'ען טייל פון דער געזעלשאַפט; אויב זיי לאָזען אַרויס אַ געשריי: „קויפט ניט ביי קיין אידען!" — מוז דער אידישער האַנדעלס־קלאַס, ווייל ער אָדער ניט, זיך פיהלען פער־פאַלגט גאָר ניט ווי הענדלער, נאָר ווי אַ טייל פון אַ בעשטימטען פאָלק, און ער ווערט געצוואונגען צו פערטיידיגען זיין עקאָנאָמישע פּאָזיציע ניט ווי אַ הענדלער־קלאַס, נאָר ווי אידען. מיט אַנדערע ווערטער, דאָס לעבען טרייבט די אידישע סוחרים צו קעמפּפען אַנטקעגען אַזאַ סיסטעם, וואָס מאַכט דאָס אידישע פאָלק פאַר אַ וועניגער חשוב'ען טייל אין דעם לאַנד. דאָס לעבען צווינגט זיי פריהער אָדער שפּעטער צו קעמפּפען פאַר נאַציאָנאַלע גלייכבערעכ־טיגונג פון דעם אידישען פאָלק.

און די זעלביגע זאַך איז אויך מיט'ן אַרבייטער, מיט'ן סטו־דענט, מיט'ן דאָקטאָר. אויך אין דער אוניווערזיטעט, צ. ב., פיהלט מען אויף שריט און טריט גאַנץ גוט, צו וועמען מען געהערט: צו אַ חשוב'ער אָדער צו אַ שפּל'ער נאַציאָן. אין וואָס פאַר אַ לאַגע עס זאָל זיך ניט געפינען דער יחיד, וועט ער פריהער אָדער שפּעטער בעמערקען, אַז זיין פּערזענליכער עקאָנאָמישער מעמד העננגט אָב דאָס רוב פון דעם אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלען מצב, אין וועלכען עס געפינט זיך זיין פאָלק. אָבער וואָס הייסט עס: קעמפּפען פאַר נאַציאָנאַלע גלייכע רעכט? די טעאָריע און די פּראַקטיק פון לענ־דער מיט אַ געמישטער נאַציאָנאַלער בעפעלקערונג האָט שוין לאַנג אָוועקגעשטעלט אַ וויכטיגען כלל: נ א צ י א נ א ל ע ג ל י י כ ־ ב ע ר ע כ ט י ג ו נ ג ה י י ס ט — ג ל י י כ ב ע ר ע כ ט י ג ו נ ג פ ו ן ש פּ ר א כ ע ן. אַלץ, וואָס די רעגיערונג פון אַ לאַנד נעהמט אָן און אונטערשטיצט, ווען דאָס פּאַסירט אין איין שפּראַך, מוז אָנגענומען און אונטערשטיצט ווערען, אויך ווען דאָס פּאַסירט אין די אַנדערע שפּראַכען פון די פעלקער, וואָס געהערען צו איהר.

ווען דער פּויל און דער רוטען האָבען אַ רעכט צו בויען זייערע אייגענע שולען, צו לערנען זייערע קינדער אין פּויליש אָדער רו־טעניש, און די רעגיערונג גיט זיי אַלע רעכט, וואָס זענען פערבונדען מיט אַ בילדונגס־גראַד, מוזען די זעלביגע רעכט געגעבען ווערען אויך די אידישע קינדער, וואָס ענדיגען אַ אידישע שולע אין דער אידישער שפּראַך. אַז ניט, הייסט עס, די אידישע נאַציע ווערט אָנגעזעהן, ווי אַ וועניגער חשוב׳ער טייל פון דער גאַנצער געזעל־שאַפט. אויב דער פּויל און דער רוטען האָבען אַ רעכט צו פער־לאַנגען, אַז דאָס געריכט־הויז, פאַר וועלכען זיי קומען מיט זייערע קלאָגען, זאָל זיין געצוואונגען צו פערשטעהן פּויליש אָדער רוטעניש און אויסצוהערען דעם קלאָגער אין זיין אייגענער נאַציאָנאַלער שפּראַך, — זאָלען די זעלביגע שפּראַך־רעכט געגעבען ווערען אויך יענעם לשון, וועלכען דאָס אידישע פאָלק וויל בעטראַכטען פאַר זיינס. אַז ניט, הייסט עס, די אידישע נאַציע איז אַ וועניגער חשוב׳ער טייל פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

נאַציאָנאַלער קאַמפּף איז שפּראַכען־קאַמפּף, נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג איז גלייכבערעכטיגונג פון שפּראַכען.

אָבער פאַר וועלכער שפּראַך זאָל קעמפּפען דאָס אידישע פאָלק? וועלכער לשון זאָל זיין אָפיציעל זיין נאַציאָנאַלער לשון: אידיש אָדער העברעאיש? עס איז גענוג נאָר אָוועקצושטעלען די פראַגע, כדי איינצוזעהן דעם ענטפער קלאָר ווי דער טאָג. נעהמט די שאַרפסטע געגנער פון אידיש, די היציגסטע חסידים פון העב־רעאיש, וועלכע האָבען נאָר אַ ברעקעל האָפנונג צו דערגרייכען גלייכע נאַציאָנאַלע רעכט אין גלות, און וועלכע רופען אין קאַמפּף צוליעב זיי ניט נאָר אויפ׳ן פּאַפּיער אין די פּאַראַגראַפען פון זייער געגעבענוואָרטס־פּראָגראַם, נאָר בפועל ממש, אין לעבען גופא, — ווייזט מיר אָן, זאָג איך, איינעם פון זיי, וואָס זאָל אויף איין מינוט קאָנען גלויבען, אַז די גלייכבערעכטיגונג פון דער העברעאישער שפּראַך קאָן דערגרייכט ווערען, און אַז אויב זי וועט דערגרייכט ווערען, וועט זי ברענגען אַ וועלכע עס איז פּעולה דעם אידישען פאָלק.

וואָס עס זאָל ניט זיין די צוקונפט פון העברעאיש אין אַן אייגענעם לאַנד, קיינער קאָן ניט גלויבען אין ערנסט, אַז העב־

רעאיש קאָן ווערען די פאָלקס־שפראך פון די אידישע מאסען אָדער איינע פון די גערינכטס־שפראכען ביי די קריסטליכע פעלקער. געגען דעם אידישען פאָלק נאציאָנאלע גלייכע רעכט אויף דעם יסוד פון העברעאיש וואָלט געהייסען — געבען דעם פאָלק א שטיין, אָנשטאָט ברויט. און אָט דעם שטיינערנעם פאקט צוברעכען זיך אָלע טענות, וואָס ווערען ארויסגעשטעלט אנטקעגען דעם, אז אידיש זאָל זיין די נאציאָנאלע שפראך פון אידישען פאָלק אין יענע גלות־לענדער, וואו די גרויסע מאסען רעדען אידיש.

די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די אידישע מאסען, וואָס פערלאנגען אָהן א שום הנחה די נאציאָנאלע גלייכבערעכטיגונג פון אידישען פאָלק, פערלאנגען אין דער זעלביגער צייט די נאציאָנאלע גלייכבערעכטיגונג פון דער א י ד י ש ע ר שפראך. עס ליעגט אין זייער אינטערעס צו פאָדערען קלאָר און דייטליך און אָהן א שום קאָמפּראָמיס, אז די אידישע שפראך זאָל אומעטום, — אין דער שול, אין דער ליטעראַטור, אין דער אוניווערסיטעט און פון געריכט אנגענומען ווערען, ווי א נאציאָנאלע שפראך פונ׳ם אידישען פאָלק.

מיר האָבען זיך אזוי לאנג אָבגעשטעלט אויף דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער לעבענס־נויט, ווייל אויף איהר איז לייכטער צו דעמאָנסטרירען דעם נאציאָנאַל־פּאָליטישען קערן פון דער אידישער שפראכען־פראגע. אין תוך אריין איז ניט וועניגער וויכטיג די קולטורעלע לעבענס־נויט אין דער אידישער שפראך־בעוועגונג. דאָס פאָלק קאָן נאָר יעמאָלט אויפהויבען זיך צו א העכערער קולטורעלער מדרגה, ווען עס וועט האָבען ביי זיך אין דער היים זיינע אייגענע קולטור־קוואלען, ווען עס וועט שעפּען אלע זיינע קענטעניס און דעם גאנצען גענוס פון קונסט, ליטעראטור און וויסענשאפט פון דער שפראך, אין וועלכער עס רעדט, וועלכע עס פערשטעהט. ווען די אינטעליגענץ פון א פאָלק פיהרט איהר קולטורעלען לעבען אין א שפּראך, וואָס איז פרעמד דעם פאָלק, יעמאָלט מוז זיין אָן אָבגרונט צווישען איהר און דעם פאָלק, יעמאָלט מוזען די קוואלען פון דער פאָלקס־ליטעראטור און קולטור תמיד זיין זעמדיג און קאַרג. נאָר יעמאָלט, ווען די אינטעליגענץ וועט שאפען קולטור און געניסען זי אין דער זעלביגער שפראך, וואָס דאָס פאָלק רעדט, קאָנען רייכער ווערען די קוואלען און די קאנאלען, וואָס שפּייזען

און בעוועסערן די קולטור־פעלדער פון דעם פאָלק. העברעאיש קאָן אָבער ניט ווערען די שפּראַך פון פאָלק; ס'איז דעריבער קלאָר ווי דער טאָג, אז די קולטורעלע לעבענס־נויט פון די מאסען פאָדערט מיט דערזעלבינער קראַפט, ווי זייער סאָציאַל־עקאָנאָמישע לעבענס־נויט, אז אידיש זאָל ווערען די שפּראַך פון דער אינטעליגענץ.

און אזוי ווי די סאָציאַל־עקאָנאָמישע און די קולטורעלע לעבענס־נויטען, אזוי צווינגט אויך דעם אידישען פאָלק זיין נ אַ צ י אָ נ א ל ע לעבענסנויט צו געהן אויפ'ן זעלביגען וועג און צו שטעלען זיך דאָס זעלביגע ציעל. א פאָלק, וואָס געפינט זיך אין אזא לאגע, ווי דאָס אידישע, נויטיגט זיך אין א בעזונדערער בעהעפטונגס־קראפט, וואָס זאָל ארומרינגלען אַלע איהרע מיטגליעדער און מאכען פון זיי איין איינציג גאנצעס. פריהער האָט די ראָלע פון דער בעהעפטונגס־קראפט געשפּיעלט די אידישע רעליגיע מיט די אידישע מנהגים און די אידישע קליידונג. די רעליגיע האָט ארומגענומען אַלע צווייגען און זייטען פון אידישען לעבען אזוי, אז מיט יעדען אָטעם, וואָס דער איד האָט געאָטעמט, מיט יעדען פולס־שלאָג פון זיין הארץ, האָט ער געמוזט, ווילענדיג ניט ווילענדיג, אויסדריקען זיין צוגעהעריגקייט צום אידישען פאָלק און זיין סאָלידאַריטעט מיט'ן היסטאָרישען גורל פון דער אומה. די אידישע קליידונג איז געווען ניט נאָר א רעליגיעזער מנהג, נאָר אַן אונבעוואוסטער אָדער בעוואוסטער פּראָטעסט און א דעמאָנסטראַציע. די אידישע רעליגיע האָט אָבער איצטער כמעט שוין אין גאנצען פערלאָרען איהר נאציאָנאַלע בעהעפטונגס־מאכט. אַן אַנדער קראפט מוז אויסגענוצט ווערען, וואָס זאָל שפּיעלען דיזעלביגע ראָלע; און עס איז ניטאָ קיין אַנדער קראפט אויף דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען אזוי גוט איבערנעהמען דער רעליגיע'ס אויפגאַבע, ווי דער אידישער לשון.

אויב איינער איז א טיעף רעליגיעזער איד, אָבער זיין רעליגיעזיטעט טרעט ארויס אין א מאָדערנער איירָאָפּעאישער פאָרם; אויב איינער איז א גליהענדער ציוניסט אָדער טעריטאָריאַליסט, און שפּינט זיינע נאציאָנאַלע צוקונפטס־האָפענונגען אין די שעהנסטע געדאנקען און שירים, אין דעם שעהנסטען ביאליק'שען העברעאיש, איז זייער אַלעמענ'ס „אידישקייט", זייער צוגעבונדענקייט צו דעם

אידישען פאָלק פאַר דער דרויסענדיגער וועלט ניט ניכר, ניט בולט. זאָל אָבער אפילו דער ערגסטער אסימילאַטאָר, דער גרעסטער פושע ישראל לייענען עפענטליך א אידישע צייטונג, רעדען עפענטליך אידיש, וועט אָט דער פאַקט אליין איהם בעהעפטען צום אידישען פאָלק, מיט א סך א שטאַרקערער מאכט, איידער די אלטע רעליגיע אָדער דער נייער אידעאל.

איך פערזענליך מיין, אז וואָס עס זאָל ניט זיין די צוקונפט פון אידישען פאָלק אין די ווייטע דורות, וואָס ליעגען פאַר אונז, ביי דער איצטיגער לאַגע פון דעם אידישען פאָלק איז פשוט אן עהרען־זאַך, אן עהרען־חוב פון יעדען אידען, סיי דעם נאציאָנאַ־ליסט, סיי דעם אסימילאַטאָר, סיי דעם פרומען, סיי דעם אויפגעּ־קלערטען, נישט צו פערלאָזען דאָס פאָלק עפענטליך, נאָר צו דעּ־מאָנסטרירען זיין צוגעהעריגקייט צו דער פערפאָלגטער אומה. אויב פריהער, אין דער אסימילאציאָנס־פעריאָדע, איז געווען אן עהרען־זאַך פאַר דער אינטעליגענץ, צו דעמאָנסטרירען אין יעדען מאָ־מענט פון איהר לעבען איהר צוגעהעריגקייט צו דער אייראָפּעאי־שער ציוויליזאציע, איז אין אונזער צייט אויסגעוואקסען פאַר איהר א נייער מאָראלישער בעפעהל: ו ו י י ז א ר ו י ס מ י ט י ע ד ע ן א ָ ט ע ם, ו ו א ָ ס ד ו א ָ ט ע מ ס ט, מ י ט י ע ד ע ן פ ו ל ס ש ל א ג פ ו ן ד י י ן ה א ר ץ ד י י ן ב ע ל א נ ג ע ן צ ו ד ע ם א י ד י ש ע ן פ א ָ ל ק, ד י י ן ס א ָ ל י ד א ר י ט ע ט מ י ט ז י י ן ה י ס ט א ָ ר י ש ע ן ג ו ר ל ! און דאָס איז מעגליך פאַר אלע אידען, פאַר אלע פאַר־טייען, קלאסען און ריכטונגען נאָר אויף איין אופן: אין דער פאָרם פון צוגעהעריגקייט צו דער אידישער שפּראַך.

אָט דאָס זענען די דריי וואָרצלען, וואָס זענען טיעף איינגעּ־וואקסען אין די לעבענס־נויטען פון די אידישע מאסען און וואָס האָבען ארויסגערופען די אידישע שפּראַך־בעוועגונג.

אָבער דיזעלביגע קולטורעלע לעבענס־נויט, וואָס צווינגט די מאסען צו שטעהן פאַר אידיש, דיקטירט דער אינטעליגענץ, וואָס גיכער צו פערגעסען אידיש און זוכען בילדונג און קולטור אין די פרעמדע שפּראַכען. דאָס נאציאָנאלע זעלבסטבעוואוסטזיין פון די מאסען קאָן אויפגעוועקט ווערען דורך די אידישע שפּראַך און די אידישע ליטעראַטור, ווי אָרעם זיי זאָלען ניט זיין. זיי, די מאסען,

הויבען ערשט אָן צו לעבען בעוואוסט־נאַציאָנאַל. די נאַציאָנאַליס־טישע אינטעליגענץ אָבער האָט איהרע היסטאָרישע טראַדיציעס. איהר אויג איז צוגעצויגען צו יענער גלענצענדער צייט, ווען די אידען האָבען געלעבט אין ארץ ישראל און האָבען גערעדט זייער אייגענע העברעאישע שפּראַך, איינע פון די רייכסטע און שעהנסטע שפּראַכען אויף דער וועלט. איהר נאַציאָנאַלער בעוואוסטזיין איז דעריבער זעהר אָפּט צונויפגעגאָסען מיט אַ הייסען און טיעפען גלויבען, אַז העברעאיש וועט ווידער ווערען די שפּראַך פונ'ם גאַנצען פאָלק. דער אָבגרונד צווישען די אינטערעסען פון די מאַ־סען און די אינטערעסען פון דער אינטעליגענץ, — יענער טיעפער אָבגרונד, וואָס הערשט אין דער גאַנצער אידישער גלות־געשיכטע, — ווערט פאַר אונז אויפגעדעקט אויך אין דער שפּראַך־פראַגע.

די טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ האָט אָבגעשפּיעגעלט אין זיך ניט נאָר דעם היפך פון אינטעליגענץ און מאַסע, נאָר אויך אַלע אַנדערע היפּכים פונ'ם אידישען לעבען: ציוניזם און „בונ־דיזם", פרומע אידישקייט און פריידענקערטום, די בורזשואַ־וועלט און די פּראָלעטאַרישע וועלט.

ס'איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס די אַרבייט פון דער קאָנפערענץ האָט זיך ניט געקאָנט האַלטען אין די ריין פילאָלאָגישע גרעניצען, וועלכע די איינבערופער האָבען אַרומגעצירקעלט אַרום איהר. ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט האָט דער וואול־קאַן פון די אינגווענינסטע סתירות אַרויסגעפּלאַצט און שנעל אַראָב־געשווענקט דעם דינעם פילאָלאָגישען צודעק. די גרונד־פראַגע פון אַלע פראַגען האָט געמוזט פערענטפערט ווערען קודם כל: זאָל מען קעמפּפען פאַר אידיש ווי פאַר אַ נאַציאָנאַל־פראַגע אָדער ניט?

פון די מיינונגען, וואָס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרען אין דער דעבאַטע, איז פּרץ'ם מיינונג די אָריגינעלסטע און אינטערעסאַנ־טעסטע. „אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך", האָט ער גע'טענה'ט, „איז אַזאַ לשון, אויף וועלכען דאָס פאָלק רעדט און פון וועלכער די אינטעל־ליגענץ שעפּט איהר קולטור און בילדונג. בעטראַכטען מיר העב־רעאיש און אידיש, געפינען מיר, אַז זיי האָבען ביידע קיין רעכט ניט אויף דעם טיטעל „נאַציאָנאַל". העברעאיש איז שוין אויס נאַציאָנאַלע שפּראַך, ווייל דאָס פאָלק האָט שוין אויפגעהערט צו רעדען העברעאיש; אידיש איז נאָך ניט קיין נאַציאָנאַלע שפּראַך,

ווייל די אינטעליגענץ שעפּט נאָך ניט פון איהר איהר בילדונג און קולטור. אונזער אויפגאבע דארף זיין, אויפהויבען אידיש, וואָס איז לעת עתה א פאָלקס־שפּראך פון די מאסען, צו דער מדרגה פון א נאציאָנאלער שפּראך פאר דאָס גאנצע פאָלק און דער אינטעליגענץ".

דער ענטפער, וואָס די טשערנאָוויצער שפּראך־קאָנפערענץ האָט געגעבען אויף דער פראגע, איז בעקאנט. זי האָט אָנגענומען דעם געדאנק, אז דאָס אידישע פאָלק, אזוי גוט ווי א סך אנדערע פעלקער, האָט אָדער קאָן האָבען, ניט נאָר איין נאציאָנאלע שפּראך, נאָר צוויי אָדער עטליכע. און דעריבער איז אידיש ניט די נאציאָנאלע שפּראך, נאָר א נאציאָנאלע שפּראך.

וואָלטען היינטיגען טאָג אלע אידען פון דער גאנצער וועלט געוואוינט אין איין לאנד; און וואָלט אין דעם דאָזיגען לאנד געהערשט דאָס פּרינציפּ פון דעמאָקראטישער זעלבסט־פערוואלטונג — וואָלטען יעמאָלט לכל הפּחות דריי שפּראכען געהאט גלייכע רעכט: *העברעאיש*, *אידיש* און *שפּאניאָליש*. און אָט די דריי שפּראכען וואָלטען נאָך מיט מעהר רעכט געקאָנט אָנגערופען ווערען „נאציאָנאלע", איידער, למשל, די דריי אָפיציעלע שפּראכען פון דער שווייץ; ווייל אויף דער גאנצער וועלט איז ניטאָ ניט איין פאָלק, וואָס זאָל בעטראכטען העברעאיש, אידיש אָדער שפּאניאָליש פאר זיין שפּראך. זיי זענען אלע נאציאָנאל־*אידישע* שפּראכען.

די צייט און די אומשטענדען האָבען פערלאנגט, מען זאָל אין א וואָסער עס איז פאָרם עפענטליך דערקלערען, אז די אידישע שפּראך, וועלכע איז אזוי שטארק צונויפגעבונדען מיט דער סאָציאל־עקאָנאָמישער, קולטורעלער און נאציאָנאלער לעבענס־נויט פון די אידישע מאסען, זאָל אויפהערען בעהאנדעלט צו ווערען ווי א שטיף־קינד, ווי א צוגעוואָרפענע, נאָר מען זאָל זי בעהאנדלען, ווי א נאציאָנאלע שפּראך; און עס זאָל געשאפען ווערען אן אָרגאניזאציע, וואָס זאָל קעמפּפען פאר איהר „קולטורעלע, געזעלשאפטליכע און נאציאָנאלע גלייכבערעכטיגונג".

די טשערנאָוויצער שפּראך־קאָנפערענץ האָט קיין אנדער ארבייט ניט געקאָנט אויספיהרען, סיידען די, וואָס איז איהר דיקטירט געוואָרען פון דעם היסטאָרישען מאָמענט, וועלכען מיר לעבען

איצטער איבער. זי האָט אויסגעפיהרט די ארבייט, אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך געווען אונטער די געגעבענע בעדינגונגען.

אין דעריין ליעגט איהר היסטאָרישע בעדייטונג — וואָס עס זאָל ניט ווערען פון דעם אידישען פאָלק, וואָס עס זאָל ניט ווערען פון דער אידישער שפראך, און וואָס עס זאָל ניט ווערען פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע די טשערנאָוויצער שפראך־קאָנפערענץ האָט בעשאַפען.



# אידיש און העברעאיש*)

דער הײנטיגער ארטיקעל שטיצט זיך אויף יענע פונקטען פון דעם פעראייניגונג־פראָגראַם, וואו עס ווערט געזאָגט, אז די פּארטיי „קעמפפט מיט אַלע כחות געגען דער אסימילאציאָן און די אסימילאַציאָנס־טענדענצען“, און אז „זי זוכט אויפצוהויבען די קולטורעלע לאגע פון דעם אידישען פאָלק אין גלות, בענוצענדיג זיך דערביי מיט די צוויי שפראַכען — העברעאיש און אידיש“.

די פראגע וועגען דער נאציאָנאַלער שפּראַך, אָדער די נאציאָנאלע שפראַכען פון דעם אידישען פאָלק, האָט דער פראָגראַם מיט א כיון געלאָזען אונבעשטימט. א פּארטיי, וואָס זעהט, אז אַלע סאָציאַליסטישע עלעמענטען זאָלען זיך פעראייניגען אויף דעם באָדען פון פּראַקטישע ארבייט, האָט געמוזט אויסמיידען אַזעלכע טהעאָרעטישע פּרינציפּען, וואָס וואָלטען, אָהן צווייפעל, געפיהרט צו נייע מחלוקות און סכסוכים. פאַר דער פּראַקטישער ארבייט אין די גלות־לענדער איז וויכטיג, אז מען זאָל אויסנוצען ביידע שפּראַכען אין דעם קאַמפף אַנטקעגען דער אַסימילאַציאָן; אַז מען זאָל זיך מיט ביידע בעדיענען צוליעב דער אויפהויבונג פון דער קולטור־מדרגה פון דעם אידישען פאָלק. וואָס פאַר א ראָלע די ביידע שפּראַכען זאָלען און וועלען שפּיעלען אין דער צוקונפט; וועלכע פון זיי זאָל זיין די איינציגע נאציאָנאַלע שפּראַך פון דעם אידישען פאָלק, און איז עס איבערהויפּט נויטיג, אז עס זאָל זיין אַן איין איינציג נאציאָנאלע שפּראַך, — דאָס זיינען פראַגען, וואָס קאָנען איבערגעלאָזען ווערען צו דעם געוויסען פון די איינצעלנע חברים. דער עיקר איז: אין דער פּראַקטיק זאָלען זיי געהן האַנד אין האַנד, און די הויפּט־ציעלען פון דער נאציאָנאַלער ארבייט אין גלות זאָלען ניט ארויסגעלאָזען ווערען פון אויג: די בעקעמפפונג פון דער אסימי־

*) יאַנואַר—מאַי, 1911.

לאַציע און די פערשטאַרקונג פון אַן אייגענער קולטורעלער ענט־ וויקלונג.

אָבער דוקא דערפאַר, וואָס מיר האָבען ניט קיין פּאַרטיי־ דאָגמאַ וועגען דעם שפּראַכען־פּונקט, האָט יעדער איינער פון אונז אַ רעכט אַרויסצוזאָגען זיין פּריוואַט־מיינונג וועגען דעם ענין און טהעאָרעטיש צו קעמפּפען צוליעב דעם, אַז די חברים זאָלען זיך שטעלען אויף זיין שטאַנדפּונקט.

מיר גיבען דאָ איבער איניגע אַרגומענטען, וואָס האָבען אונז געפיהרט צו דעם רעזולטאַט, אַז אויב אַן איינהייטליכע איינציגע שפּראַך איז אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט פאַר דאָס אידישע פאָלק, האָט דאָס די אידישע שפּראַך בעדאַרפט זיין על פּי שכל און על פּי יושר. עס איז אָבער אַ גרויסע שאלה, אויב אָהן אַזאַ איינציגע שפּראַך וועט זיך דאָס אידישע פאָלק ניט קאָנען בעגעהן אין זיין ווייטערדיגער נאַציאָנאַלער ענטוויקלונג. מען טאָר ניט פערגעסען, אַז דער ערגסטער צוואַנג, וועלכען מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען אינ׳ם פּאָליטישען לעבען, איז דער שפּראַכען־צוואַנג, און אַז געבילדעטע, פרייהייטליכע פעלקער זעהען מיט אַלע כחות אויסצומיידען יענעם שפּראַכליכען איבער־וואָג, וואָס איין פּאָלקס־גרופּע האָט איבער דער אַנדערער.

וואָלטען מיר איצטער געלעבט אַלע אין איינעם, אין איין איינ־ ציגען לאַנד, יעמאָלט וואָלט דער פרייהייטליכער אידישער סאָציאַ־ ליזם געמוזט קעמפּפען פאַר די גלייכבערעכטיגונג פון אַלע יענע שפּראַכען, וועלכע ווערען גערעדט פון די אידישע מאַסען. אינסטי־ טוציאָנען וואָלטען געמוזט בעשאַפען ווערען, וואָס זאָלען זיכערען די קולטורעלע און שפּראַכליכע אויטאָנאָמיע פון יעדער בעדייטענ־ דער אידישער גרופּע, אַלץ איינס צי איהר לשון איז „אַן אייגענער" אָדער „אַ פרעמדער". פעראייניגט אויף איין טעריטאָריע, בעפעס־ טיגט דורך די מאַכט פון פּאָליטישער זעלבסט־פערוואַלטונג, וואָלט די עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק שוין דורך דעם גופא געווען געזיכערט, און זיין נאַציאָנאַלע ענטוויקלונג וואָלט געקאָנט געהן אין דער זעלביגער ריכטונג ווי די ענטוויקלונג פון אַ סך אַנדערע מאָדערנע פיעל־שפּראַכיגע שטאַאַטען: די שווייץ, בעלגיען, עסט־ רייך, רוסלאַנד, וואָס מוזען בויען זייער געזעלשאַפטליכען לעבען אויף דער גרונדלאַגע פון פיעל־שפּראַכיגקייט און גלייכבערעכטיגונג.

דער „סערפיזם“, וואָס האָט אונטער דעם איינפלוס פון דער עסט־רייכישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, אַרויסגעבראַכט די פּערענטפערונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע פאַר אַלע אונטערדריקטע פעלקער, וואָלט אויך אין דער אידישער אויטאָנאָמער געזעלשאַפט געזיכערט די פרייהייטליכע ענטוויקעלונג פון יעדער אידישער פאָלקס־גרופּע, לויט איהר אייגענעם ווילען.

אין גלות אָבער איז די לאַגע אַביסעל אַן אַנדערע. כדי אַ פאָלק זאָל זיך קאָנען דערהאַלטען און ענטוויקלען, צוזעעט און צושפּרייט צווישען די איבעריגע פעלקער, מוז עס אָנווענדען געוויסע קינסט־ליכע מיטלען, וואָס זאָלען שאַרפער אונטערשטרייכען זיין נאַציאָ־נאַלע זעלבסטשטענדיגקייט און פערשיידענקייט פון דער אַרומיגער וועלט. דאָס קאָן מען דערגרייכען אָדער דורך דעם מיטעל פון אַ וועלכען עס איז רעליגיעזען גלויבען, אָדער דורך אַן אייגענער קול־טור, אויפגעבויט אויף דער גרונדלאַגע פון אַ בעזונדער שפּראַך.

וועגען דעם רעליגיעזען שיידונגס־מיטעל, פאַר וועלכען עס האַלטען זיך, גאָך איצטער אינסטינקטיוו, די גרויסע מאַסען פון דעם פאָלק, האָבען מיר דאָ ניט אַ סך וואָס צו רעדען. אין די אויגען פון יעדען פרייהייטליך געזינטען סאָציאַליסט מוז די רעליגיאָן זיין ניט מעהר ווי אַ פּריוואַט־זאַך. מען קאָן און מען זאָל בשום אופן פון איהר ניט מאַכען קיין אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אַנגעלעגענהייט. דער גאַנצער אונגליק, די גאַנצע טראַגעדיע פון דעם אידישען זיין אין גלות ביז אַהער האָט געשטאַמט דערפון, וואָס דער איינצעלנער איד איז געצוואונגען צו האָבען בעשטימטע רעליגיעזע מיינונגען, כדי איבערהויפּט צו קאָנען זיין אַ איד. די נאַציאָן איז אַ דאַנק דעם געווען געצוואונגען אַריינצורייסען זיך אין די קדשי־קדשים פון דער אידישער נשמה און צו קאָנטראָלירען אַלע איהרע רעגונגען און געפיהלען. אַזאַ גייסטיגע דעספּאָטישע מאַכט, וואָס די נאַציאָן האָט געהאַט איבער דעם אידען'ס נשמה, האָט געמוזט פיהרען צו אַ גייסטיגער רעוואָלוציאָן פון דעם אידישען פּראָגרעסיווען אינדי־ווידואום. אויב אידישקייט איז נאָר אַ בעשטימטער רעליגיעזער גלויבען, קאָן איך נאָר אַזוי לאַנג בלייבען אַ איד, ווי לאַנג אין מיין הארצען לעבט דער אידישער גלויבען. קוים אָבער זעה איך איין, אַז דער גלויבען קאָן שוין מעהר ניט אויסהאַלטען די קריטיק פון דעם פּראָגרעסיווען געדאַנק, מוז איך מיך אָבזאָגען פון דער אידי־

שער רעליגיע און ממילא אויך פון דעם אידישען פאָלק. דער רעליגיעזער שמד, אָדער דער ריין־קולטורעלער שמד, וואָס רופט זיך אָן „אסימילאַציאָן", איז דעריבער אַ לאָגישער, נויטווענדיגער פועל־יוצא פון יענעם גרונד־פּרינציפּ, אויף וועלכען עס איז געווען אויפ־געבויט די גאַנצע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק אין גלות. דער קולטור־משומד איז אַ נויטווענדיגע קאָנסעקווענץ פון דעם „ישראל ואוריתא חד".

זאָל די צוגעהעריגקייט צו דעם אידישען פאָלק זיין אַקוראַט אַזוי נאַטירליך און פרייהייטליך, ווי די צוגעהעריגקייט פון יעדען יחיד צו זיין אומה, יעמאָלט מוזען פאָלק און אינדיווידואום, אמת, אַרומגענומען ווערען מיט איין איינציגער גייסטיגער מאַכט, אָבער מיט אַזאַ גייסטיגער מאַכט, וואָס זאָל לאָזען דעם אינדיווידואום זיך פריי ענטוויקלען, אין וועלכער ריכטונג ער וויל. עס מוז זיין אַ געמיינזאַמע קולטורעלע אַטמאָספערע, געגוג ברייט, זי זאָל קאָנען אַריינגעהמען אין זיך אַלע שאַטירונגען פון דעם מענשליכען גע־דאַנק: אַלע „אמת'ען" און אַלע „שקרים", די אַטעאיסטישע כפירה, אַזוי גוט ווי דעם תם'עוואַטען אַלט־פעטערליכען גלויבען. אַזאַ איינהייטליכע נאַציאָנאַלע אַטמאָספערע, וואָס בינדט אַלעמען צו־נויף און לאָזט אַלעמען פריי, איז אַ קולטור אין אַן אייגענער שפּראַך. די שפּראַך איז יענע בעהעפטונגס־קראַפט, וואָס מאַכט פון איינצעל־מענשען אַן איינהייטליכען אָרגאַניזם און רוקט אַרויס שאַרף פאַר די אויגען זיין זעלבסטשטענדיגקייט און פערשיידענ־קייט פון דער אַרומיגער וועלט.

עס איז דערביי לחלוטין קיין נפקא־מיניה ניט, וואָס פאַר אַ שפּראַך דאָס זאָל ניט זיין; די איינציגע בעדינגונגען איז — איהר פערשיידענקייט פון די אַרומיגע שפּראַכען. יענע גרופּע פון דעם אידישען פאָלק, וואָס רעדט איצטער האָללענדיש, וואָלט אין אַן אַנדער, ניט האָללענדישער סביבה (צום ביישפּיעל, אין אַמעריקאַ), געקאָנט בויען איהר אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען אויף דעם יסוד פון דער האָללענדישער שפּראַך, בעת אין האָללאַנד איז האָללענדיש אַ סם־המות פאַר דער אידישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, אַ פּרינ־ציפּ, וואָס גראָבט אונטער איהר זעלבסטשטענדיגקייט. דאָס איי־גענע איז אויך מיט יענער גרופּע פון דעם אידישען פאָלק, וואָס רעדט איצטער ענגליש. אין אַמעריקאַ און ענגלאַנד איז ענגליש

א גיפט, וואָס פער׳סמ׳ט די וואָרצלען פון דעם אידישען לעבען. אָבער אריבערגעטראָגען אין אַן אַנדער שפּראַכליכער סביבה (צום ביישפּיעל, קיין עסטרייך), וואָלט אַן ענגליש־רעדענדע אידישע פאָלקס־גרופּע זיך געקאָנט שטיצען אויף איהר בעזונדער שפּראַך, ווי אויף אַ פאַקטאָר, וואָס האַלט אויף איהר נאַציאָנאַליטעט און דערמעגליכט איהר נאַציאָנאַלע ענטוויקעלונג.

צום אונגליק, אָדער צום גליק, קאָנען מיר ניט פריי פערטיילען די פערשיידענע אידישע פאָלקס־גרופּען צווישען די פערשיידענע פעלקער אַזוי, אַז זיי זאָלען אומעטום זיך אָבשיידען דורך זייער שפּראַך. וואָלט מען איבערהויפּט געקאָנט רעגוליערען די אידישע בעפעלקערונג נאָך דעם אייגענעם ווילען, וואָלט דאָס בעסטע געווען — „אריינרעגולירען" זי אין אַן אייגען לאַנד. עס האָט זיך אָבער דער אידישער געשיכטע פערוואָלט צו מאַכען אַן אינטערעסאַנטען עקספּערימענט, אין דעם זין, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס בעשריעבען. די אַסימילאַטאָרישע קראַפט פון דער דייטשער סביבה האָט ארויסגעצוואונגען אויף אַ בעשטימטער אידישער פאָלקס־גרופּע איינעם פון די דייטשע דיאַלעקטען. וואָלטען די אידען געבליבען אין דייטשלאַנד, וואָלט דער פאקט געווען אַ טריאומף פון אַסימילאַציאָן. די געשיכטע האָט אָבער פערטריבען די דייטשע אידען אין אַ סלאַווישע סביבה, און דער דייטשער דיאַלעקט, בערייכערט מיט אידישען גייסט און העברעאישע ווערטער, איז געוואָרען איינער פון יענע שטאַרקסטע און בולט׳סטע סמנים, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס די אידישע נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט. דאָס אייגענע האָט אויך געטראָפען מיט אַ טייל אידען, וואָס האָבען געלעבט אין שפּאַניען. אין שפּאַניען האָבען אידען גערעדט שפּאַניש, ווייל די שפּאַנישע אַסימילאַציאָנס־קראַפט האָט זיי גובר געווען. אָבער, ארויסגעריסען פון שפּאַניען און פערוואָרפען אין דעם ווייטען מזרח, איז די שפּאַניאָלישע שפּראַך, אָדער דער „לאַדינא", געוואָרען אַ נאַציאָנאַלער סימן פאַר אַ בעשטימטער אידישער פאָלקס־גרופּע, וואָס שיידט זי אָב סיי פון די ארומיגע פעלקער, סיי פון די איבעריגע אידישע פאָלקס־גרופּען.

די איבעריגע שפּראַכען, וועלכע די אידישע פאָלקס־גרופּען בענוצען אויף דער גאַנצער וועלט, האָבען ניט געהאַט דעם זעלביגען מזל, אָדער שלים־מזל, — ווי איהר ווילט, אַזוי נעהמט עס אָן.

די איטאַליעניש־רעדענדע אידען וואוינען אין איטאַליען, די האָלענ־דיש־רעדענדע — אין האָלאַנד; פראַנצויז ווערט געברויכט פון אידען אין פראַנקרייך און אז. וו. וויפיעל שפראַכען, אזוי פיעל קאַנאַלען, וואָס פיהרען אָב די נאַציאָנאַלע לעבענס־קראַפט פון דעם אידישען פאָלק און גיסען זי אריין אין די קולטורעלע אטמאָספערע פון די אַרומיגע פעלקער. א פרייע ענטוויקעלונג פון די אסימי־לאַטאָריש־ווירקענדע שפּראַכען וואָלט געהייסען ניט מעהר און ניט ווענ־יגער, ווי דאָס פערשווינדען אָדער אָבשוואַכען פון יענעם קול־טורעלען, פראָגרעסיווען פאַקטאָר, אויף וועלכען די אידישע פאָלקס־גרופּען קאָנען זיך שטיצען אין זייער אינסטינקטיווען דראַנג צו אַן אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען. ריין־אידישע שפּראַכען, וואָס קאָנען נעהמען אויף זיך די ראָלע צו העלפען דעם גאַנצען אידישען פאָלק אין זיין נאַציאָנאַלען עקזיסטענץ־קאַמפּף זענען דאָ נאָר דריי: העב־רעאיש, אידיש און שפּאַניאָליש. פון די דריי שפּראַכען מוזען די אידישע פאָלקס־גרופּען זעהן אַרויסצוקריגען אַלץ, וואָס זיי קאָנען אונז געבען פאַר דעם עקזיסטענץ און דער ענטוויקעלונג פון אונזער פאָלק.

ליידער זענען אָט די געדאַנקען נאָך אין גאַנצען פרעמד יענער אידישער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ, וואָס האָט אָנגעשריעבען אויף איהר פאָהן: „די נאַציאָנאַלע ווידערבעלעבונג פון דעם אידישען פאָלק". עס איז ניט דאָ דער אָרט, אַריינצולאָזען זיך אין אַ היס־טאָרישע חקירה וועגען יענע אורזאַכען, וואָס האָבען אַרויסגעבראַכט דעם יאַקאָבינישען געדאַנק פון „איין פאָלק — איין שפּראַך" און פון יענער היפּאָטעטישער העברעער־נאַציע, וואָס מוז איינשלינגען אַלע אידישע פעלקער. *) מיר ווילען דאָ, ריין צוליעב פּאָלעמישע ציעלען, אָוועקשטעלען זיך אויף דעם זעלביגען שטאַנדפּונקט פון „איין פאָלק — איין שפּראַך" און בעווייזען, אַז אונזער אידישער לשון האָט גענוג רעכט צו פערלאַנגען, ער זאָל ערקלערט ווערען פאַר די איינציגע שפּראַך פון דער אידישער „נאַציע".

„לאַדינאַ" ווערען מיר דערווייל אין גאַנצען אַרויסלאָזען פון שפּיעל. מיר זענען ליידער ניט בעקאַנט מיט דער דאָזיגער, געוויס

*) פערגלייך איבען אונזער אַרטיקעל: „צו דער טעאָריע פון נאַ־ציאָנאַליטעט".

זעהר אינטערעסאנטער אידישער שפראך־פארם, און פאר „לאדינא“ האט צו קעמפפען נאר יענע אידישע פאלקס־גרופע, וואס איז, צו־ליעב נאציאנאל־קולטורעלע טעמים, פעראינטערעסירט אין זיין ווייטערדיגען דערהאלטען זיך און ענטוויקלען זיך.

מיר מוזען אבער קודם כל אבראמען פון וועג עטליכע טענות ותביעות, וואס זענען ארויסגעשטעלט געוואָרען אנטקעגען אידיש און וואס דארפען בעווייזען, פאר וואס אידיש טאר ניט ווערען די נאציאנאלע שפראך פון דעם אידישען פאלק.

גאר אין אנהויב בעגעגענען מיר זיך מיט דעם ארגומענט, אז אידיש איז גאר קיין שפראך ניט, נאר א „זשארגאן“. דער אויסדרוק „זשארגאן“ ווערט געברויכט אזוי הארטנעקיג און אזוי אפט, אז עס קאן גאר קיין ספק ניט זיין, צוליעב וואס דאס ווערט געטהאן. דאס וויל מען לכתחילה ארויפווארפען אן אום־חן אויף דער אידי־שער שפראך, בעהאנדלען זי ווי א נידעריגערע בריאה, וואס זאל אפילו אין חלום נישט טראכטען, אז זי האט א רעכט צו שטעלען זיך אין איין ליניע מיט אלע אנדערע בכבוד'ע שפראכען. א שפראך און א זשארגאן, מיינט מען, איז אזוי, ווי אן אמת'ער נאטירליכער בריליאנט און א טויט, געשליפען גלעזעל; ווי זעמעל־מעהל און קלייען, ווי א נארמאלע שעהנע מענשען־פיגור און א העסליכער הויקער. אזוי וועניגסטענס מיינט מען.

מען האט אבער אין דעם פונקט א גוואלדיגען טעות. וואלט מען בעסער בעקאנט געווען מיט דער געשיכטע און דער טבע פון שפראכען, וואלט מען אהן א ברעקעל מיה געקאנט איינזעהן, אז צווישען „שפראך“ און „זשארגאן“ איז גאר ניטא יענער אונגע־הויערער תהום, וועלכען מען וויל מיט אזא התמדה אויסגראבען. אלע שפראכען פון דער איצטיגער מענש־הייט זענען אמאל געוועזען זשארגאנען, ווייל אלע שפראכען שטאמען אב פון א געוויסער צאהל אור־שפרינגליכע לשונות, וואס זענען שוין לאנג פערשוואונדען. סלאַ־וויש, גריכיש און לאטיין שטאמען מן הסתם אב פון דער שוין אויס־געשטארבענער אינדא־גערמאנישער שפראך. אראביש, סיריש און העברעאיש האבען זיך ענטוויקעלט פון איין איינציגען אור־סעמי־טישען לשון. פראנצויז, איטאליעניש און שפאניש האבען זיך ענטוויקעלט פון לאטיין. וואס היינט אבער איין שפראך האט זיך

ענטוויקעלט פון אַן אַנדער שפּראַך? דאָס הייסט, אַז די פריהערדיגע שפּראַך האָט זיך ביי אַ גרופּע פון מענשען גענומען איבעראַנדערשען, פערליערען איהר פריהערדיגע פאָרם, „פערדאָרבען“ ווערען, אויסוואַקסען אין אַ „זשאַרגאָן“.

ווען פון דעם פריהערדיגען לאַטיינישען וואָרט „נאַציאָ“ איז אין ענגליש געוואָרען דאָס וואָרט „ניישאָן“ און אין פראַנצויזיש דאָס וואָרט „נאַס׳יאָן“, איז דאָס ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ פערהויקערונג, אַ זשאַרגאָניזירונג פון אַ פריהערדיגער שפּראַך־פאָרם, אַקוראַט אויף דעם זעלביגען אופן, ווי דאָס דייטשע וואָרט „קינדבעט“ איז אין אידיש „פערזשאַרגאָניזירט“ געוואָרען אין דאָס וואָרט „קימפּעט“. דאָס איז דער וועג, אויף וועלכען אַלע איצטיגע שפּראַכען זענען אויסגעוואַקסען פון די פריהערדיגע לשונות. רוסיש, פּויליש און טשעכיש זענען ניט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר „פערהויקערונגען“ אָדער „זשאַרגאָנען“ פון אַלט־סלאַוויש. קוים רייסט זיך אָב אַ וועלכע עס איז פאָלקס־גרופּע פון איהר אורשפּרינגליכען שטאַם, קוים פערליערט זי דעם פּסיכישען פאָדעם, מיט וועלכען זי איז געוועזען צוגעבונדען צו איהם, אַזוי הויבט אָן איהר לשון זיך צו „פערהויקערן“, און פון איהם וואַקסט סוף כל סוף אַרויס אַ גאַנץ אַנדער בריאה. זשאַרגאָן איז דעריבער פּרינציפּיעל לחלוטין ניט פערשיידען פון שפּראַך. „זשאַרגאָן“ איז אַ נייע שפּראַך, וואָס האַלט אין ווערען. שפּראַך איז אַ „זשאַרגאָן“, וואָס האָט זיך שוין אויסגעקריסטאַליזירט אין געוויסע פעסטע פאָרמען.

אונזער לשון שטאַמט פון אַ דייטשען דיאַלעקט, „מיטעל־הויך־דייטש“, וואָס האָט זיך אָבגעריסען פון זיין מוטער־שטאַם און האָט זיך גענומען „פערהויקערן“ אויף אַן אייגענעם שטייגער. די געזעצען, וואָס האָבען געהערשט אין מיטעל־הויך־דייטש, האָבען זיך אָנגעהויבען צופּאַסען צו נייע בעדינגונגען, אין וועלכע יענער דיאַלעקט האָט זיך גענומען ענטוויקלען ביי דעם אידישען פאָלק. דאָס אידישע פאָלק האָט אין אידיש־דייטש אריינגעגאָסען אַ סעמיטישען שטראָם פון ווערטער און גראַמאַטיקאַלישע כללים, וועלכע זענען איהם לכתחילה געוועזען אין גאַנצען פרעמד. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ פּראָצעס פון צונויפשטימונג און צונויפפּאַסונג, אין וועלכען דער גערמאַנישער גייסט פון דעם מיטעל־הויך־דייטש האָט

געמוזט צונויפגעשמאָלצען ווערען מיט דעם סעמיטישען גייסט פון דעם אידישען קאָפּ צו איין איינציגער, העכערער איינהייט.

איז אידיש נאָך אַ זשארגאָן, אָדער איז שוין דער „זשארגאָן" אויסגעוואקסען צו דער מדרגה פון אַ שפּראַך? ד אָ ס צ ו פ ע ר ע נ ט פ ע ר ן א י ז ג אָ ר נ י ט א ז ו י ו ו י כ ט י ג. אויב איהר נעהמט אָן, אַז אידיש איז נאָך אַ זשארגאָן, הייסט עס פּשוט, איהר זאָגט: „די שפּראַך איז נאָך יונג". יוגענד איז אָבער קיינמאָל ניט קיין חסרון, ניט ביי שפּראַכען, ניט ביי מענשען. אמת, אונז קומט עס אויס לעכערליך, ווען מען בעהאַנדעלט אידיש ווי נאָך אַ יונגען בחור און מען פערגעסט, אַז אונזער לשון האָט אזוי שטילערהייט ניט נאָר דערלעבט צו „חופּה וקדושין", נאָר האָט שוין ארויסגעבראכט פון זיך אייניגע א י י ג ע נ ע דיאַלעקטען און „זשארגאָנען": פּויליש־אידיש, ליטוויש־אידיש א. ד. גל. ווי די מעשה איז, אין דער צונויפגיסונג פון דייטש און העברעאיש איז בעשאפען געוואָרען אַ באָדען, אין וועלכען עס זענען איינגעפלאַנצט געוואָרען יענע וואָרצלען, פון וועלכע עס קאָן ארויסוואקסען די שעהנקייט פון „פּאוסט", גע'כפל'ט מיט דער שעהנקייט פון שיר־השירים...

אזא צונויפגיסונגס־פּראָצעס פון צוויי לשונות איז ניט קיין נייס אין דער געשיכטע פון מענשליכע שפּראַכען. ע נ ג ל י ש איז אזא מין זשארגאָן, וואָס שטאַמט פון גערמאַנישע און ראָמאַנישע עלעמענטען. די פאָרמען, אין וועלכע עס גיסען זיך אויס די צוויי פערשיידענע שטראָמען, ווערען בעשאפען אונבעוואוסט פון דעם פאָלק, אָבער זיי לויפען אָב, לויט גאַנץ בעשטימטע פילאָלאָגישע געזעצען. אויך דאָס אידישע פאָלק קאָן ניט זיין קיין אויסנאַהם, קיין יוצא מן הכלל. האָבען זיך איין מאָל אין זיין בעוואוסטזיין צונויפגעגאָסען צוויי פערשיידענע שפּראַך־שטראָמונגען, האָט עס געמוזט, ווילענדיג ניט ווילענדיג, אריינברענגען זיי אין וועלכע עס איז אייגהייטליכע פאָרמען. עס איז די אויפגאַבע פון דער יונגער אידישער פילאָלאָגיע אויסצוגעפינען יענע פאָרמען, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט ארויסגעבראכט, כדי צו בעוועלטיגען דעם שפּראַך־מאַטעריאַל, וואָס איז אריינגעדרונגען אין זיין שכל.

**עס איז באמת אַ שאָבד און אַן עגמת נפש, וואָס די אידישע**

פילאָלאָגיע געפינט זיך נאָך אין אזא קינדישען, אונבעהאָלפענעם צושטאַנד. דאָס בעווייזט, ווי וועניג אונזערע געלערנטע אינטערעסירען זיך איבערהויפּט מיט דעם פאָלק און מיט יענע פּראָצעסען, וואָס שפּיעלען זיך אָב אין דעם טונקעלען קאַמער פון זיין אונבעוואוסטען שאַפען. אָבער לייקענען, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט זעלבסטשטענדיג איבערגעאַרבייט דעם מיטעל־הויך־דייטשען מאַטעריאַל אויף אַן אייגענעם אופן און לויט געוויסע אַלגעמיינע פילאָלאָגישע כללים, קאָן נאָר דער, וואָס האָט קיין ברעקעל בעגריף ניט וועגען יענעם פּראָצעס, אין וועלכען עס ווערען געבאָרען שפּראַכען. זאָגען, אַז דער אידישער קאָפּ האָט ניט איבערגעאַנדערשט, לויט אַ בעשטימטער אייגענער פּסיכאָלאָגיע, דעם מיטעל־הויך־דייטש, הייסט זאָגען, אַז דער איד האָט איבערהויפּט ניט קיין פּסיכאָלאָגיע, אַז אידען זענען אַ פאָלק פון גאָר אָהן אַ נשמה, אַן עם הדומה לחמור... איהר קאָנט דעריבער אָבשעצען לויט זיין אמת'ען ווערטה דעם שעהנעם „נאַציאָנאַלען“ קאָמפּלימענט, וואָס די אידישע נשמה בעקומט פון אונזערע „היפּער־נאַציאָנאַליסטען“, בעת זיי שפּייען אין פּנים אַריין דער אידישער שפּראַך און וואַרפען איהר אויף, אַז זי איז אַ „זשאַרגאָן“...

זיין אַ זשאַרגאָן הייסט, אויפ'ן ערגסטען פאַל: זיך געפינען אין אַ יונגען ענטוויקעלונגס־צושטאַנד, און נאָר די קאָנען זעהן אין דעם אַ שאַנד פאַר דער אידישער שפּראַך, וואָס מיינען, אַז נאָר אָבגעשטאָרבענע מומיעס קאָנען זיין שעהן און פערדיענען אונזער רעספּעקט. פאַר אונז איז יוגענד דוקא אַ מעלה און גאָר ניט קיין קליינע. אויב אין זיין צושטאַנד פון אַ זשאַרגאָן האָט אידיש שוין בעוויעזען אַזוי פיעל גאונות, אַזוי פיעל רייכקייט און שעהנקייט, היינט וואָס האָבען מיר צו האָפען, ווען די אידישע שפּראַך וועט בערייכערט ווערען מיט נייע בעוואוסט־שאַפענדע כחות, ווען זי וועט ווערען זעלבסט־בעוואוסט, דאָס הייסט, פערשטעהן איהר אייגענע טבע און די תנאים פון איהר אייגענער פּראַכט?

אויב אָבער אין דער פילאָלאָגיע קאָן מען נאָך מאַכען אַ וועלכען עס איז אונטערשייד צווישען זשאַרגאָן און שפּראַך, צווישען דעם צושטאַנד פון „ווערן“ און דעם צושטאַנד פון „געוואָרען“, טאָר די פּאָליטיק אַזאַ חלוק בשום אופן ניט מאַכען. אַז אַ בעשטימטע שפּראַך איז אַ „זשאַרגאָן“, קאָנען מיר ערשט יעמאָלט

אויסגעפינען, ווען מיר פערגלייכען זי מיט דעם מוטער־שטאם, פון וועלכען זי האט זיך אבגעצווייגט. דער פאליטיקער דארף זיך אבער רעכענען ניט מיט דעם שטאם און זיין שייכות צו דעם צווייג, נאר מעהר נישט ווי מיט דעם צווייג גופא.

שטעלט אייך פאר, אז אלע גערמאנישע דיאלעקטען וואלטען על פי נס פלוצלונג פערשוואונדען געווארען פון דער וועלט, אזוי אז פון זיי וואלט קיין זכר ניט געבליבען, אבער אידיש וואלט ניט פערשוואונדען. וועמען וואלט יעמאלט ארויף אויפ'ן זין, אז אידיש איז ניט קיין שפראך, נאר א זשארגאן? ווי באלד עס וואלטען ניט געווען קיין אנדערע דיאלעקטען, מיט וועלכע מען זאל קאנען פערגלייכען אידיש און ארויסגעפינען, אז עס איז א „פערהויקער־רונג" פון אן אלטער שפראך, וואלט מען געמוזט זעהן אין איהם דעם נארמאלסטען פערטרעטער פון א שפראך־ריכטונג, וואס האט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער גאנצער שפראכען־וועלט. איז דען אידיש שולדיג, וואס די איבעריגע דייטשע דיאלעקטען זענען ניט אויסגעשטארבען? און צו וואס זאלען מיר פערלאנגען זייער טויט? זאלען זיי זיך לעבען און ענטוויקלען, בתנאי אז מען זאל אויף דעם גרונד פון זייער לעבען ניט ארויסברענגען קיין טויט־אורטייל פאר אונזער שפראך.

מען מעג בויען פערשיידענע פילאזאפישע חקירות און סברות, כדי צו דערקלערען, ווי אזוי אידיש האט זיך אבגעשפאלטען פון מיטעל־הויך־דייטש; אבער דאס קאן ניט געבען דעם פאליטיקער קיין רעכט צו בעהאנדלען אידיש אנדערש, איידער אנדערע שפרא־כען. פאר דעם פאליטיקער און פאר'ן סאציאלאג זענען ניטא קיין „זשארגאנען". אלע זענען זיי שפראכען, דאס הייסט א סכום פון ווערטער, אין וועלכע מענשען דריקען אויס זייערע געדאנקען. דער־קלערט די אדער יענע פאלקס־גרופע, אז דער אדער יענער „זשאר־גאן" גיט איהר דעם נויטיגען סכום ווערטער, ווערט דערמיט גופא דער זשארגאן אויפגעהויבען צו דער מדרגה פון א שפראך. פאר דעם פרייהייטליכען פאליטיקער, וואס לייקענט אב דעם אונטער־שייד פון הערשענדע פאלקס־גרופען און בעהערשטע, איז אויך ניטא און טאר ניט זיין קיין חילוק צווישען הערשענדע שפראכען און בעהערשטע, צווישען „הארינטעס" און „דיענסט־מוידען". אלע

גרופּען האָבען דאָס זעלביגע רעכט, אַלע שפּראַכען זענען גלייכע מיוחסים.

דאָס איז אָבער אין דער פּאָליטיק. אין דער פילאָלאָגיע, אין דער קולטור־וויסענשאַפט און אין דעם נאַציאָנאַלען קאַמפּף פאַר א בכבוד'ען זיין אויף דער וועלט איז געוויס דאָ א גרויסער אונטער־שייד צווישען קריסטאַליזירטע „זשאַרגאָנען", וואָס האָבען שוין דעם דיפּלאָם אויף דעם טיטעל „שפּראַך", און יונגע, „שטודירענ־דע" זשאַרגאָנען, וואָס האַלטען ערשט דעם עקזאַמען אויף דעם דיפּלאָם. וואָלט זיך די פּאָליטיק ניט אריינגעמישט אין דעם ענין און וואָלט די בייזוויליגע עם הארצות ניט געמאַכט פון דעם טערמין „זשאַרגאָן" א שפּאָט־און־שטאָך־וואָרט, יעמאָלט וואָלטען מיר, די ליעבהאָבער און אָנהענגער פון אידיש, זיך לחלוטין ניט געדאַרפט שעהמען מיט דעם יוגענדליכען צושטאַנד פון אונזער שפּראַך.

און מיר זאָלען זיך טאַקע מיט דעם ניט שעהמען! סוף־כל־סוף, — וואָס געהען אונז אָן די בייזוויליגע עם־הארצים? מיט אַלע כחות זעהען זיי איצטער אויסצוגראָבען א תהום צווישען זיך און אונזער פאָלק; מיט יעדען טאָג וועלען זיי אַלץ מעהר מוזען פערליערען זייער שליטה אויף דעם פאָלקס מוח און הארץ. די וויטערדיגע ענטוויקעלונג פון אונזער אידישען פאָלק איז שוין אזוי ענג צונויפגעוואקסען מיט דער ענטוויקעלונג פון אונזער אידישער שפּראַך, אז אויב די העברעער וועלען ניט וועלען בלייבען אַליין אין פעלד, וועלען זיי געצוואונגען זיין, צו ווענדען זיך צום פאָלק אין זיין שפּראַך, צו פּראָפּאַגאַנדירען זייערע אַנטי־אידישע געדאַנקען אין אידיש; און וויפיעל גיפט עס זאָל ניט שטעקען אין דעם אינ־האַלט פון זייער פּראָפּאַגאַנדא, וועט די אידישע פאָרם גופא פון זייערע רייד מאַכען, אַז די בלעם'ס זאָלען מוזען בענשען דאָר־טען, וואו זיי ווילען שילטען. מיט יעדען נייעם סכום אידישע רייד, וואָס זיי וועלען אריינגיסען אין אונזער פאָלק'ס בעוואוסט־זיין, וועלען זיי ניט ווילענדיג בעדייכערן דעם רייסענדען שטראָם פון אידיש.

לאָמיר דעריבער רעדען אפען צווישען זיך, אקוראט ווי יענער קאַמפּף אנטקעגען אונז וואָלט שוין לאַנג אויף דער וועלט ניט געווען.

עס איז פאַר אונז קיין ברעקעל געפאַהר ניט אין דעם, וואָס

מיר וועלען מודה זיין, אז אונזער אידיש האָט נאָך ניט **אויסגע־קריסטאַליזירט** אַלע זיינע שפּראַך־פאָרמען; אז עס האַלט אין דעם פּראָצעס פון ו ו ע ר ן; אז עס לעבט איצטער איבער דעם פּע־ריאָד פון א שטורמישען, גאָונישען זיך — פאַנאַנדערבליהען.

אידיש מאַכט איצטער דורך יענע שפּראַכליכע ענטוויקלונגס־פאַזע, וואָס מ א ק ס מ י ו ל ע ר האָט אַ נאָמען געגעבען די „דיאַלעקטישע“. אין אזא ענטוויקלונגס־פאַזע בעשטעהט די שפּראַך פון פערשיידענע איינצעלנע, בלויז געשפּראַכענע דיאַלעקטען, וואָס קעמפּפען איינע מיט די אַנדערע פאַר די אויבערהערשאַפט. די פער־שיידענע פאָרמען פון די איינצעלנע דיאַלעקטען שטויסען זיך צונויף, רייבען איינע די אַנדערע אָב, ביז עס ארבייטען זיך אויס גאַנץ נייע בשותפות׳ע געשטאַלטען. די ליטעראַטור שפּיעלט יעמאָלט לפי ערך נאָך א שוואַכע ראָליע אין דעם פּראצעס פון׳ם שפּראַכליכען וואַקסען. ערשט שפּעטער, ווען איין דיאַלעקט איז, א דאַנק געוויסע אומשטענדען, גובר אַלע אַנדערע, ווען ער ווערט דער הערשענדער אין דער ליטעראַטור און די ליטעראַרישע שפּראַך ווערט די הערשענדע מאַכט אין דעם לעבען פון׳ם פאָלק, ערשט יעמאָלט צוימט די ליטעראַטור איין די ווילדע קאַסקאַדען פון דעם דיאַלעקט און פערוואַנדעלט זיי אין אַ רוהיגען מעכטיגען שטראָם.

ווי שנעל און אפט האָבען זיך געביטען די פאָרמען פון די דייטשע דיאַלעקטען ביז צו דער צייט פון ליוטהער׳ן! זייער גראַמאַ־טיק, זייער וואָרט־בוי, זייערע כללים פון שטעלען איין וואָרט נאָכ׳ן אַנדערען האָבען זיך געביטען אזוי האַסטיג, ווי די אומריסען פון די וואָלקענס אין א ווינטיגען טאָג. נאָר—אָט איז געקומען ליוטהער, האָט איבערגעזעצט די ביבעל אין הויך־דייטש און האָט אַרויפגע־וואָרפען אויף די אַקסלען פון ז י י ן דיאַלעקט די מלכות׳דיגע מאַנטיע פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך; און פון יעמאָלט אָן איז הויך־דייטש געוואָרען דער קיסר איבער אַלע דיאַלעקטען. זיינע געזעצען זענען געוואָרען בעפעהלען פאַר יעדען געבילדעטען דייטש. דאָס איינענע האָט אויך פּאַסירט מיט דעם ל אָ נ ד אָ נ ע ר דיאַלעקט, וואָס האָט גובר געווען אַלע אַנדערע „זשאַרגאָנען“ פון די בריטישע אינזלען.

הפנים, אז אַן ענליכער פּראָצעס וועט זיך אָבשפּיעלען אויף ביי אונז. איינער פון די אידישע דיאַלעקטען, — דער ליטווישער,

גאליציִשער, פּויִלישער, דרום־רוסישער, בעהמיש־מעהרישער, אונ־
גארישער, אָדער רומענישער, — וועט געווינען די אויבערמאכט
אין דער ליטעראטור, אויף דער ביהנע און אין דער שולע, און
זיינע געזעצען וועלען ווערן א „מוז“ פאר יעדען געבילדעטען אידען.
וועלכער דיאלעקט וועט דאָס זיין? מען קאָן וועגען דעם פּונקט
ניט זאגען קיין נביאות. ביי אונז, אידען, ווערט דער פּראצעס
שווערער געמאכט דורך אן אייגענטימליכען פאקט, וואס האָט
געפעהלט ביי אלע אנדערע פעלקער. דאָס איז דער פאקט, וואס
אלע אידישע דיאלעקטען האָבען דיזעלביגע ש ר י י ב ־ א ר ט,
ביי א זעהר פערשיידענער אויסשפּראך. וואלטען מיר איצט געווען
געצוואונגען אנצו־ווענדען לאטיינישע בוכשטאבען, וואלט דער
קאמפּף פון די דיאלעקטען און זייערע אויסשפּראכען געמוזט פא־
נאנדערברענגען זיך גאר אויף א געהויבענעם שטייגער. עס איז
אפשר א גליק פאר דער פּעריאדע, אין וועלכער מיר לעבען איצטער,
וואס דער קאמפּף איז צוגעדעקט און איינגעהאלטען דורך דעם
בשותפות׳ען מאנטעל פון דעם העברעאישען, — ריכטיגער:
א ס י ר י ש ע ן, — אלף־בית.

דער דיאלעקטישער כאראקטער פון אונזער שפּראך־פּעריאדע
דערקלעהרט אונז אויף דעם ענין וועגען דער א י ד י ש ע ר
ג ר א מ א ט י ק, וואָס איהרע מבולבל׳ע פארמען מאכען אן אזא
פרעהליכען געפילדער אין דעם לאגער פון אונזערע געגנער און וואס
האָבען ארויסגעבראכט דעם צווייטען ממזר־בלבול אויף אידיש, אז
דאָס האָט כלל־און־כלל נישט קיין גראמאטיק.

לאָמיר זיך א ווײלע אבשטעלען אויף דער טענה.

איך האָב שוין אין אן אנדער אָרט*) געהאט די געלעגענהייט
צו ענטוויקלען דעם געדאנק, אז שפּראך אהן גראמאטיק איז א זאך,
וואָס קאָן ניט געמאָלט זיין אין א מציאות, אלץ איינס, ווען מיר
האָבען צו טהאָן מיט אן אויסגעוואקסענעם שפּראך־אָרגאניזם,
אָדער נאָך גאר מיט א יונגען „זשארגאן“. ווי עס איז ניטא קיין
טאג אהן א דאטע, ווי עס איז ניטא קיין קלימאט אהן א טעמפּע־
ראטור, אזוי קאן ניט געמאלט זיין, א סכום מענשען זאלען אויס־

---

*) אין מיין אַרטיקעל: "דאָס אידישע פאָלק און די אידישע שפּראך"
(אונטערגעשריבען דר. ג. גאָידאָנאָוו) אין „פריינד“ פאָר דאָס יאָהר 1904.

דריקען זייערע געדאנקען אין א סכום ווערטער, און אין זיי, אין די ווערטער, זאלען ניט שטעקען קיין גראמאטיקאלישע כללים. די זעהר ווייניגע אויספארשונגען, וואס זענען געמאכט געווארען אין די לעצטע יאָהרען, האָבען ווירקליך בעוויעזען, אז אידיש האָט אין זיך געוויסע כללים, וואס שטאמען ניט נאר פון דעם אלגעמיינעם שכל, וואס דריקט זיך אויס אין אלע שפּראכען אויף דעמזעלבינגען אופן; ניט נאר כללים, וואס שטאמען פון מיטעל־הויך־דייטש און העברעאיש, נור אויך ריינע כללים פון דער אידישער שפּראך, וואס מען קאן ניט אנטרעפען זיי ערגעץ וואו אנדערש. דאָס קאן אנדערש ניט זיין. אז ניט, וואלט אידיש געווען א רעטעניש פאר דעם ווי־סענשאפטליכען געדאנק, אן אויסנאהם, וואס פאר איהם וואָלט די וויסענשאפט ניט געקאנט געפינען קיין דערקלעהר.

אָבער לאָמיר צוגעבען אויף א ווײלע, אז מיר האָבען דאָ פאר אונז אן איינציג־ארטיגען „שפּיעל פון דער נאטור“, גאָט׳ס א וואונדער, וואס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דעם געוועהנליכען דרך הטבע. פרעגט זיך די שאלה: איז וואס עסט איהר זיך אָב דערפון דאָס הארץ? ווערען די שפּראכען בעשאפען צוליעב דעם, כדי אין זיי זאלען הערשען גראמאטיקאלישע כללים? ווי איז, ווען מיר זעהען פאר אונז א שפּראכליכען ארגאניזם, וואס דערפילט אלע אויפגאבען פון א שפּראך, פערענטפערט אלע איהרע פראָב־לעמען אהן יענע אברים, וואס אלע איבעריגע שפּראכליכע ארגאניזמען מוזען בענוצען? פאר וואס מוז אזא שפּראך זיין ניעדריגער, איידער אלע? פאר וואס ניט זאגען פערקעהרט, אז זי איז העכער איידער אלע אנדערע, ווייל זי לאזט פריי יעדען אינדי־ווידיאום ארייגגיסען זיין ווארט־מאטעריאל אלע ווײלע אין אנדערע פארמען אזוי, ווי דאס געפעלט בעסער זיין נשמה, ווי דאָס קלינגט בעסער זיין אויער?

וואס איז די אויפגאבע פון א שפּראך? איז ניט איהר אויפ־גאבע צו בעשרייבען מיט ווערטער די געדאנקען און די פארשטע־לונגען אזוי, אז עס זאל בולט ארויסטרעטען יעדער בויג זייערער, יעדער פארבאָרגענער פאלד זייערער אין די רייד? אויב א שפּראך קאן דאָס אויספיהרען אָהן גראמאטיק, איז יעמאלט א גרויסע דאגה איינעם, וואס פון דעם „פערדעלע“ ווערט אין א תוך כדי דבור א „־ער“ און א „די“ און א „דאָס“?

אָבער — שפּאַס אַן אַ זייט!

אין דער אמת'ען איז די צרה נ י ט — וואס אידיש האָט ניט און לאָזט ניט צו קיין גראַמאַטיק, — נאָר וואס זי האָט צופיעל גראַמאַטיקען.....

עס איז געווען אַ צייט, ווען אידיש איז געווען בלויז אַ ג ע ר ע ד ט ע שפּראַך, און יעדע שטאָדט און שטעדטיל האָבען גערעדט אידיש אויף זייער אייגענעם שטייגער. אין יעדעם פּלעק האָט די שפּראַך־שאַפּענדע מאַכט פון פאָלק געשפּינט איהרע איינענע גראַמאַטיקאַלישע נעצען, זיך נישט געקימערט וועגען יענע נעצען, וואס אַן אנדער פּלעק האָט געשפּינט פאַר זיך. אונטער דער שליטה פון דער ארומיגער סביבה, אין דער ענגער אבגעשלאָסענער אַטמאָספערע האָט זיך יעדע קהילה אונבעוואוסט אויסגעאַרבייט איהר גראַמאַטיק. אין איין אָרט האָט געווירקט דער רוסישער „קאָן" אָדער דער העברעאישער „סוס", און עס איז געוואָרען „ד ע ר" פערד, אין דעם אָרט — „די רוסישע „לאָשאַד'" און עס איז געוואָרען „די" פערד (אויב עס איז וויקליך ערגעץ וואו דאָ אַזאַ גראַמאַטיקאַלישע פאָרם), און אין אַ דריטען אָרט האָט ס'דייטשע „דאָס" גובר געווען אַלע זיינע קאָנקורענטען.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען די צייט פון דעם גרויסען אומרודער אין דעם אידישען לעבען. אַלע גראַמאַטיקאַלישע אָרטיגע פאָרמען זענען ארויס אויף די ליכטיגע וועלט און האָבען זיך גענומען צונויפשטויסען אין איינעם, און דער שר, וואָס איז ממונה אויף דעם דקדוק, האָט אין גאַנצען פערלאָרען זיין קאָפּ.

איך האָב אויף מיר גופא געקאָנט מאַכען די בעמערקונג, אַז בעת איך בין געזעסען רוהיג אין דער שווייץ, האָב איך געשריעבען גראַמאַטיקאַליש און סטיליסטיש אַ סך אַן איינהייטליכערען אידיש, איידער איצטער, ווען מיך רינגעלט ארום דער ניו־יאָרקער ברויזענדער אידישער ים *). פריהער וואָלט מיר אויפ'ן זין ניט ארויף שרייבען דאָס וואָרט „פּראָגראַם", „לעבען" א. אַז. וו. ניט מיט

---

*) בנוגע צו שפּראַכליכע פאָרמען איז דער אידישער קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק באמת אַ ברויזענדער ים, וואָס האָט כמעט אַלע טאָג אַן אַנדער אויסזעהן. אין אַלע פּרטים דערמאָהנט ער שוועקליך דאָס דאָזיגע בילד — סיידען, אפשר, פון אַ „לעבער"־ים...

זייער דייטשען ארטיקעל. אָבער דאָ האָבען זיך די יוצרות צומישט. איך ד ע נ ק אפטמאָל „דער" פּראגראם און „די" פּראגראם, „דער" לעבען און „דאָס" לעבען, ווייל אזוי הערט עס מיין אויער, אזוי זעהט עס מיין אויג אין דער פּרעסע. און ווייל ניו־יאָרק ווייס ניט, וואס איז דאָס אזוינס „צייט צו טראכטען", ווייל ניו־יאָרק האָט אין גאנצען מבטל געווען דעם פּרינציפּ פון „צייט", רייד איך און שרייב, ווי עס קומט מיר ארויף „אויפ'ן צונג" („דער" צונג!) און ווי עס גיעסט זיך ארויס פון דער פּעדער. איך האָב אין גאנצען א מאך געטהאָן מיט'ן האנד („דאָס" האנד!) אויף דער גראמא־טיק.... זאָלען זיי, די גראממאטיקאלישע פּארמען, אויסקעמפּפען צווישען זיך זייער שטרייט, זיי וועלען עס מ ו ז ע ן טהאָן. דער־נאָך וועלען מיר אלע צושטעהן צו דעם זיעגער....

די איבריגע טענות אנטגעגען אידיש קאָנען מיר דורכנעהמען בקיצור.

„אידיש קלינגט ניט שעהן. ס'איז איינע פון די מאוס'ע שפּראכען אין דער וועלט", הערט מען אפט טענה'ן זיינע געגנער, און זעלטען־ווען וועלען זיי זיך ניט פּערגינען דעם נחת צו ברענגען אייך א פּאָר משלים פון דעם מארק־ווייבער־אידיש, וואס זאלען אילוסטרירען די העסליכע קלאנגען פון דעם אידישען לשון. ווענינ־סטענס, קאן איך מיט דאנקבארקייט מיך דערמאהנען נאָר אן זעהר ווענינע געגנער, וואס האָבען אין דער מינדליכער פּאלעמיק ניט אויסגענוצט דעם בעריהמטען ווילנע'ר „צוקאטשקעט און צוהאטש־קעט און צודראטשקעט".

אויך דא, ווי אין כמעט אלע טענות אנטגעגען אידיש, קאן זיך דער געגנער ניט בעפרייען פון זיינע סוביעקטיווע סימפּאטיען און אנטיפּאטיען. איך וויל דערמיט, פערשטעהט זיך, ניט זאגען, אז א ל ע קלאנגען פון א ל ע שפּראכען זענען אביעקטיוו גלייך אנגענעהם, און אז נאָר דער סוביעקטיווער, אינדיווידועלער גע־שמאק מאכט א שפּראך שעהן אדער העסליך אין אונזערע אויגען. איך ווייס אליין גאנץ גוט, אז עס זיינען דא אלגעמיין־מענשליך שעהנע און העסליכע קלאנגען און אז ניט אלע שפּראכען קאָנען שטעהן אויף דער זעלביגער מדרגה פון פּאָעטישער שעהנקייט. עס קאָן גרייליך זיין, — וועניגסטענס, דוכט מיר אזוי, — אז אויב די וויסענשאפט וואלט אויסגעפונען אויף זיכער א מאסשטאב אויף

אויסצומעסטען די קלאַנג־שעהנקייט פון אַ שפּראַך, וואָלטען פאַר דעם לאַרבער־קראַנץ זיך געקאָנט ראַנגלען נאָר צוויי לשונות: העברעאיש און איטאַליעניש, — די שפּראַכען פון די צוויי מוזיקאַ־לישע הויך־בעגאַבטע פעלקער, און אז דעם פּרייז וואָלט אפשר געוואונען העברעאיש.

פון דעסטוועגען האָט מען דאָך ניט דעם ריכטיגען בעגריף, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָליע אין דער עסטהעטישער אַבשעצונג פון שפּראַך־קלאַנגען עס שפּיעלט דער סוביעקטיווער, אינדיווידועלער געשמאַק. ענגליש קלינגט דאָך סוף־כל־סוף ניט אַזוי מאוס. אָבער הערט, צ. ב. ווי ענגליש ווערט כאַראַקטעריזירט פון אַ — היינריך היינע! זיי נעהמען, זאָגט ער אויף די ענגלענדער, אַ טוץ ווערטער אין מויל, האַקען זיי, קייען זיי און שפּייען זיי ווידער אַרויס — און דאָס רופען זיי אַ לשון! אָדער נעהמט פ ר אַ נ צ ו י ז, די שפּראַך, וואָס האָט די רעפּוטאַציע פון דער עלעגאַנטסטער און שעהנסטער אין דער וועלט. פון דעסטוועגען זעהט, וואָס פאַר אַ תכלית עס מאַכט פון איהר אַ — שאָפּענהויער! די פראַנצויזישע שפּראַך, שרייבט ער, מיט איהרע העסליכע ענדונגען און די נאָז־קלאַנגען איז דער שלים־מזל'דיגסטער ראָמאַנישער זשאַרגאָן (בזה הלשון: „דער עלענדסטער ראָמאַנישער זשאַרגאָן"!), די ערגסטע פערהויקערונג פון לאַטייניש ווערטער.... און אויב איהר ווילט, איז אָט דער שטרענגער משפט גאָר קיין וואונדער ניט אין דעם מויל פון אַזאַ בעגייסטערטען ליעבהאַבער פון די קלאַסישע שפּראַכען, ווי שאָפּענהויער איז געוועזן. קאָן מען דען באמת פערגלייכען דעם ברייטען, פול־קלינגענדען לאַטיינישען „אַמאַרא" (ליעבען) מיט דעם צונויפגעקוועטשטען, ציעגענעם „עמע" פון דעם פראַנצויזישען „זשאַרגאָן"?... דאַרף מען נאָך אַ בעסערן בעווייז, ווי סוביעקטיוו דער מענש איז ביי דער אַבשאַצונג פון שפּראַכען־קלאַנגען?

אָדער נעהמט טאַקי דעם היסטאָריש־געוואָרענעם „צור־קאַטשקעט" פון אונזער לשון אליין. דוכט זיך אייך ניט, אַז די מאוסקייט פון דעם וואָרט ליעגט אין זיינע קלאַנגען גופא? געוויס, דוכט זיך דאָס; פון דעסטוועגען איז דאָס אַ געוואַלטיגער טעות: מיר האָבען אין אַנדערע שפּראַכען גאַנץ עהנליכע קלאַנגען־צונויפ־שטעלונגען און פון דעסטוועגען בעליידיגען זיי ניט קיינעמס וואוילגעבוירענעם אויער. „כאַפּען קעטץ" איז אין ענגליש: „טו

קעטש קעטס". הערט זיך נאָר איין אין די קלאַנגען אליין: מיט וואס איז „צו־קאטש־קעט" ערגער, איידער „טו־קעטש־קעטס"? אונזער אידישער אויער ווערט אבער בעליידיגט פון יענעם מאוסען וואָרט, ניט ווייל ער בעשטעהט פון שלעכטע קלאַנגען (דאָס דוכט זיך נאר אזוי), נאָר ווייל — דאָס וואָרט איז א ש ל ע כ ט ע ר א י ד י ש, ווייל זיינע קלאַנגען זענען פרעמד צו די געוועהנליכע קלאַנגען פון אונזער לשון. דערפון איז אבער דאָך ממילא געדרונגען, אז ביי דעם אבשפּאָטער אליין לעבט ערגעץ־וואו אונבעוואוסט די פארשטעלונג פון א ש ע ה נ ע ם אידיש, פון וועלכען דער פרעמ־דער „צוקאטשקעט" גרילצט אזוי מאוס ארויס....

און בכלל זיינען אלע ביישפּיעלען, וועלכע מען ברענגט כדי צו בעווייזען די מאוסקייט פון דער אידישער שפּראך, אלע מאָל ביי־שפּיעלען און בעווייזען, אז עס איז דא א ש ע ה נ ע אידישע שפּראך, וואָס מאכט די ביישפּיעלען אזוי העסליך: ריין פאר זיך, אין זייערע קלאַנגען ליעגט גאָר ניט די מאוים׳דיגע מאוס׳קייט, וועלכע מען וויל דעמאנסטרירען. אפילו די „צעהן טישטשי כפרות" זענען דערפאר א ביישפּיעל פון א פערהויקערטען לשון, ווייל „טישטשי" איז באמת ניט קיין אידיש ווארט. וואלט דאָס פאלק אלע מאָל אנשטאט „טויזענד" געזאגט „טישטשי", וואלט שוין דע־מאָלט דער ביישפּיעל ניט געטויגט, ווייל ער וואָלט זיך ניט גע־וואָרפען אין די אויגען.

די שעהנקייט אָדער די מאוסקייט פון דעם גערעדטען וואָרט העננט זעהר פיעל אב, פון דעם מויל, וואס רעדט, פון דער אויס־שפּראך, פון דער אינטאנאציע, פון דער געצוינגענקייט אדער דעם געדויער פון דעם וואקאל, פון דער הארטקייט אָדער ווייכקייט, מיט וועלכער מען רעדט ארויס דעם קאנסאנאנט. „א חרראָד אררהום און אררהום", ווי דאָס קלינגט אין מאנכע ליטווישע גע־גענדען, קאן טאָקי איינעם צווינגען צו פערשטאָפּען די אויערען. אָבער אויך דאָס פאלק־איטאליעניש אין מאנכע איטאליענישע דערפער קאָן איינעם איבערקעהרען אלע געדערים. ווי נאָר עס ענט־וויקעלט זיך אביסעל ביים פאָלק דער עסטהעטישער געשמאק, אזוי ווירקט דאָס אויף די א ו י ס ש פּ ר א ך. די ביהנע און דאָס רעטשיטירען ברענגען אריין שעהנקייט אין איהר, און דורך די

שולע דרינגט די נייע שעהנקייט אריין אפילו אין די שפראך פון דער גאס.

מיט דעם איבערגעהן צו א העכערען לעבען אין דער שעהנער ליטעראטור וואקסט און בילדט זיך אויס א שעהנערע קלאנג־צונויפשטעלונג פון די ווערטער גופא. מעהר פאר אלע טהוט אויף די פאעזיע, בפרט די לירישע. דער געבארענער פאעט האָט די גליקליכע איינגעשאפט אויסצוקלייבען די שעהנסטע ווערטער, פון וועלכע ער ברענגט ארויס א הארמאניש־קלינגענד געוועב. אויף אזא'ן אופן ווערט בעטאפען אַן אונבעוואוסטער נא־טירליכער אָבקלייב פון הארמאנישע שפראך־קלאנ־גען, וואס לעגט ארויף זיין שטעמפעל אויף די ווייטערדיגע ענט־וויקלונג פון דער שפראך־שעהנקייט. פרוג און מ. ראזענפעלד האָבען זעהר פיעל אויפגעטהאָן אין דעם פרט. איבערהויפט ראזענפעלד, וואָס איז באמת איינער פון אונזערע גלענצענדסטע שפראך־קינסט־לער. א שאָד נאָר, וואס ער איז ניט אין גאנצען אבגעהיט אין דעם פונקט און ערלויבט זיך אַן אנדערש מאָל א גראָב־קלינגענד ווארט, וואס פערדארבט דעם גאנצען עפעקט פון זיין שפראך־מוזיק. פיעל אויסגעהאלטענער זיינען אונזערע „יונגע“: פ. הירשביין, נסתר, מנחם, איינהאָרן, לאפין. אין די קלאנגען פון זייער לירע (אין פּראָ־זע און שיר) איז אונזער שפראך ניט צו דערקענען מעלאָדישער געוואָרען, איידער זי איז געווען. און זי האלט דאָך נאָך ערשט ביי דעם אנהויב פון איהר ליטעראַרישען וואקסען! אונזער שפראַך־ענטוויקלונג האָט דאך איהר קלאסישע פעריאָדע נאָך פ א ר זיך און ניט הינטער זיך, און שוין איצטער האָט זי גענוג שעהנע קלאנג־שעהנקייט אין זיך, אום נישט צו דארפען זיך שעהמען „פאר לייטען“.

„אָבער אידיש איז א ר ע ם“, הער איך אַן אנדער קלאס געגנער. „ארעם אין אבסטראקטע בעגריפען. ס'איז אין איהם ניט אויסצודריקען קיין איין איינציגען אנשטענדיגען טיעפען געדאנק!“ וואָס אמת איז אמת! אָרעם אין א סך ענינים איז אידיש, אין אבסטראקטע, ווי אין קאָנקרעטע. און דאָס איז מיר אלע מאָל געווען א חדוש נפלא. נעהמט, צום ביישפּיעל, די בעגריפען, וואָס דריקען אויס די פערשיידענע ארטען פון בעוועגען־זיך. מיר האָבען: געהן, לויפען, פאהרען, שפּרינגען, קריעכען, ריהרען־זיך, טרייסלען,

שאַקלען און אַזוי ווייטער. עס האָט אָבער ביז גאָר דער לעצטער־צייט געפעהלט דאָס וואָרט פאַר דעם אַלגעמיינעם בעגריף: „ב ע ו ו ע ג ו נ ג", וואָס איז איבערגענומען געוואָרען פון דייטש לפי־ערך גאָר ניט לאַנג.

פון וואַנען שטאַמט די דאָזיגע אָרעמקייט? איז דאָס דער נאַטירליכער דלות פון דעם ע ם ־ ה א ר ץ, וואָס האָט ניט די געלעגענהייט, זיך אויפצוהויבען אין די געדאַנקען העכער איידער דער איינצעל־פאַל, אָדער ליעגט דאָס אין דער טבע פון דעם אידישען גייסט — צו ד י י נ ק ע ן מעהר אין קאָנקרעטע ב י ל ד ע ר, איידער אין אַבסטראַקטע בעגריפען? איך נעהם זיך ניט אונטער צו פערענטפערען די שאלה. אָבער דאָס קאָן דאָך יעדער לייכט איינזעהן, אַז אין דער אָרעמקייט איז ניט שולדיג ניט די שפּראַך, נאָר דער ג י י ס ט. ווייל, אויב דער גייסט וואָלט גענויטיגט זיך אין דעם אַבסטראַקטען בעגריף: „זיך־בעוועגען", וואָלט ער גאַנץ גרינג לכתחילה געקאָנט איבערנעהמען איהם פון דעמזעלביגען קוואַל, פון וועלכען ער האָט געשעפּט זיין „זיך־טרייסלען" און „זיך־שאַקלען".

אין אידיש פעהלען אויך אַ סך ווערטער, וואָס זאָלען אויסדריקען די פערשיידענע אַרטען פון ביימער און געוויקסען, פון שטיינער, ערדען און וואַסערן, פון אַ סך קלענערע חיות און פויגעל (די גרעסערע האָט ער כמעט אַלע). איז אין דערין אויך די שפּראַך שולדיג, און ניט די אידישע נשמה? אָדער ריכטיגער: יענעם לעבען, וואָס האָט אַבגעריסען דאָס אידישע פאָלק פון דער נאַטור?

ווילט איהר וויסען, וואָס עס געהט אַב דער אידישער נשמה, שטודירט, וואָס עס פעהלט דער אידישער שפּראַך. מיט דעם אויפבליהען פון דער אידישער ליטעראַטור ווערט אויך רייכער די אידישע נשמה. דער מחבר מ ו ז זיך שוין אַן עצה געבען: דער דיכטער און קינסטלער, כדי איבערצוגעבען, וואָס ער ז ע ה ט, דער דענקער און איבערזעצער פון וויסענשאַפטליכע ווערק, כדי גענוג איבערצוגעבען דעם אַבסטראַקטען בעגריף, דאָס איז אַ שווערע אַרבייט אין אָנהויב. אַ סך פרעמדע ווערטער מוזען איבערגענומען ווערען, אַ סך ניי־בילדונגען ווערען דערביי בעשאַפען פון דעם שפּראַך־טאַלאַנט, און נאָר ווייניגע בלייבען לעבען אין דעם קאַמפּף פאַר עקזיסטענץ. אָבער דער זעלביגער פּראָצעס האָט זיך ביי אַלע

אנדערע שפּראַכען אבגעשפּיעלט אויף דעם זעלביגען אופן, ווי ער שפּיעלט זיך אב אין אידיש. די „מאַקראַסטופי", שאַראַפּיכי" און „שאַראַקאַטי" האָבען אין רוסיש ניט נעקאַנט ארויסשטופּען די „גאַלאָשי", דעם „קי" און דעם „ביליאַרד"; אָבער די „פּראַמיש־ליענאָסט" האָט גענומען גאַנץ גוט הויזען מיט דער „אינדוסטריא" און איז געוואָרען איהר סינאָנים....

געדענקט איהר די קריטיק פון דער רוסישער שפּראַך, וועלכע די רוסישע, פּראַנצויזיש „פּאַרלירענדע" אינטעליגענץ, האָט אַנגע־ווענדעט נאָך אין גריבאָיעדאָוו׳ס צייטען? געדענקט איהר דעם „פראנצוויזעל פון באָרדאָ" אין „גאָריע אָט אומא"?

„נו, ווי וואָלט איהר, א שטיינער, איבערזעצט: „מאַדאַם" צו „מאַד׳מואַזעל"?

„נישיים: „סודאַריניא"? „סודאַריניא!" כאַ־כאַ! כאַ־כאַ! אַן אימה!

„סודאַריניא!" כאַ־כאַ! כאַ־כאַ! א גרויל!"

און די שפּראַך האָט גענומען און האָט איבערגעזעצט, דעם געלעכטער אויף צו־להכעיס, דוקא: „סודאַריניא", און די „סודאַ־ריניא" לעבט אין דער שפּראַך ביז אויף דעם היינטיגען טאָג.

דוכט אייך ניט, אז א סך פון אונזערע אַנטי־אידישיסטען זענען דאָס רוב א גלגול פון דעם „פּראַנצוזיק איז באָרדאָ"?

א סך נייע ווערטער זיינען אין דער לעצטער צייט ב ע ש אַ־פּ ע ן געוואָרען אין דער אידישער שפּראַך, וואָס זיינען שוין אריין גענומען געוואָרען אין דעם אַלגעמיינעם אוצר. א סך טראָגען זיך נאָך אַרום אין דער לופטען, און ניט אַלעמען פון זיי איז אַנגעשריע־בען א לאַנג לעבען. נאָך א גאַנצער אוצר ליעגט אָפען פּאַר אונז, פון וואַנען מיר האָבען ערשט איצטער גענומען שעפּען: העברע־איש און ע ב ר י ־ ט י י ט ש, — איבערהויפּט דער לעצטער קוואַל, מיט וועלכען מיר זענען נאָך גאָר אַזוי ווענינ בעקאַנט... ווי די מעשה איז, וועגען דער רייכקייט פון דער שפּראַך האָבען מיר ניט פיעל וואָס צו זאָרגען. עס הענגט אָב פון א ו נ ז צו מאַ־כען זי איינע פון די רייכסטע.

„אידיש איז דאָך אָבער ניט א ו נ ז ע ר שפּראַך", קלינגט א טענה פון אַן אנדער זייט. „ס׳איז א פרעמדע שפּראַך פון א נער־מאַנישען שבט, און ווייל זי איז א פרעמדע שפּראַך וועט אונזער

פאָלק זי אוועקשטויסען פון זיך, ווי עס האָט אוועקגעשטויסען אַלע אַנדערע פרעמדע שפּראַכען, אויף וועלכע עס האָט גערעדט אין גלות: אַראַמעאיש און סיריש, אַראַביש און שפּאַניש".

אָביעקטיוו גערעדט, איז די טענה זעהר אַ ריכטיגע: אידיש שטאַמט פון דער פרעמד און טראָגט אַלע סמנים פון איהר פרעמדער געבורט נאָך בולט אויף זיך. אָבער אין אַזעלכע אינטימע פראַגען, ווי די שפּראַך־פראַגע, איז דער אָביעקטיווער, פילאָלאָגיש־ווי־סענשאַפטליכער אמת גאָר אַ ברעקעל קיין אמת ניט. עס פרעגט זיך די שאלה: ווי לעבט די אידישע שפּראַך אין דעם בעוואוסטזיין פון דעם פאָלק, אין דער טיעף פון זיין נשמה, — ווי זיין שפּראַך, אָדער ווי אַ פרעמדע? שטעלט איהר אָבער אַזוי אוועק די שאלה, יעמאָלט מוזט איהר צוגעבען, אַז דעם פאָלקס בעוואוסטזיין מאַכט אַ גרויסען אונטערשייד צווישען אַלע אַנדערע שפּראַכען, וואָס דאָס פאָלק האָט גערעדט, און דעם אידיש. יעדע פרעמדע שפּראַך האָט דאָס פאָלק גערעדט מיט דעם בעוואוסטזיין, אַז זי איז אַ פרעמדע, ד. ה. אַז עס איז דאָ אַן אַנדער פאָלק אויף דער וועלט, וואָס רעדט יענע שפּראַך, און וואָס איז איהר אייגענטליכער בעל־הבית. אידיש ווערט גערעדט מיט דעם בעוואוסטזיין, אַז ס'איז דאָ נאָר איין איינציג פאָלק אויף דער וועלט, וואָס רעדט דעם לשון, און דאָס זענען די אידען. „טייטש" האָט אין דעם בעוואוסטזיין פונ'ם איד קיין ברעקעל שייכות ניט צו אידיש. העכסטענס איז עס פאַר איהם אַ פער־דאָרבענע נאָכקרימענעס פון דעם שעהנעם אידישען לשון. אַזוי דענקט און פיהלט דאָס פאָלק.

„אידיש ווערט ניט גערעדט פון אַלע אידען אויף דער וועלט. אַן איינהייטליכע נאַציאָנאַלע שפּראַך דאַרף אָבער אַרומנעהמען אַלע טיילען פון דעם פאָלק."

אונזער ענטפער אויף דער טענה איז: אידיש ווערט גערעדט פון אַ געוואַלדיג־גרויסער מאַיאָריטעט פון אונזער פאָלק. וואָס איז גרינגער דורכצופיהרען: אַלע זאָלען אָננעהמען אַ שפּראַך, וועלכע קיינער רעדט ניט און פערשטעהט ניט (העברעאיש, וואָס ווערט פערשטאַנען פון אַ קליינע מינאָריטעט און ווערט גערעדט פון אַ פערשווינדענד קליינעם פּראָצענט פון דער מינאָריטעט), אָדער די

מינאָריטעט זאָל אננעהמען דעם לשון פון דער געוואלדיג גרויסער מאַיאָריטעט? אויב מיר שטעהען אויף דעם שטאנדפונקט, אז עס מוז זיין איין איינציגע שפּראַך פאר אלע אידען, אז אלע אידישע פעלקערשאפטען דארפען שטרעבען ניט צו א פרייער פעדעראציע, וואו יעדע פון זיי זאָל קאָנען אויף איהר אייגענעם אופן אויס־דריקען און ענטוויקלען איהר אידישע מענשליכקייט, נאָר דוקא צו ווערן איין־איינציג פאלק מיט איין שפּראַך פאר אלעמען, — איז יעמאָלט דער לייכטעסטער און דער גערעכטעסטער וועג, אידיש זאָל ווערן די דאזיגע איין־איינציגע נאציאָנאלע שפּראַך.

— „אבער אידיש פערשווינדט!“

די טענה, אז אידיש וועט ניט אָנהאלטען לאנג, האָט נאָך א שטיקעל זין אין דעם מויל פון אַן אסימילאַטאָר, האָט אָבער קיין ברעקעל זין ניט אין דעם מויל פון א העברעאיסט. אידיש, לאָמיר זאָגען, פערשווינדט. אָבער העברעאיש איז דאָך שוין אין גאנצען פערשוואונדען. אידיש קעמפּפט הארט און שווער פאר זיין עקזיסטענץ, — אָבער העברעאיש איז דאָך שוין אין גאנצען טויט. א סך מעהר שאנסען האָבען מיר צו קאָנען אויפהאלטען א שפּראַך, וואס לעבט, צו ווערן איהרע חאקטוירים און היגיעניקער, איידער צו קאָנען נעהמען אויף זיך די ראלע פון א רבונו־של־עולם און ווערען א מחיה־מתים.

אידיש איז ווי א יונגער וואלד, וואס וואקסט אויף אַן אָאזיס אין מדבר. זאמד־שטורעמס פון ארום פערשיטען גאנצע טיילען און דערשטיקען די יונגע שפּראָצונגען. אייגענע און פרעמדע בעדוּאינען האקען מיט א כיון אויס גאנצע שטרעקעס. אָבער דער טייל וואלד, וואס בלייבט, וואקסט און ווארפט זיך פאנאנדער און שלאָגט טיעפע וואָרצלען אין דער ערד. העברעאיש אָבער איז פילאָלאָגיש א בית־עולם. לעבען קאן מען שוין פון איהם מעהר ניט ערוואַרטען.

און עס איז גאר ניט געזאגט, אז אידיש מוז פערשווינדען. דאָס אידישע פאלק האָט אין זיין קאמפּף פאר די נאציאָנאלע עקזיסטענץ ניט אכטונג געגעבען אויף די שפּראַך און ניט געבויט זיינע האָפנונגען אויף איהר, ווייל עס האָט געהאט א שטארקערען בלי־זיין, זיין רעליגיע. די צייט אבער, ווען א רעליגיעזער גלויבען קאָן ארויפגעצוואונגען ווערן אויף יעדעם איינצעלנעם, איז אויף

איבּיג פערשוואונדען. געדאנקען לאזען זיך איצטער ניט שמיעדען אין קייטען. עס מעג דער איינצעלנער איד בויען אלע זיינע וועל־טען אויף ז י י ן רעליגיעזען געפיהל; די נאציאָן האָט קיין רעכט ניט אריינצומישען זיך אין דעם יחיד׳ס קדשי־קדשים. די שפּראך אָבער לעגט ניט ארויף קיין קעיטען אויף דעם אידען׳ס געדאנק און געפיהל. זי לאזט אלע וועגען אָפען פאר זיין פארשען און זוכען, פאר זיין גלויבען און האָפען. דער אויפגעוואכטער נאציאָנאל־אידי־שער בעוואוסטזיין וועט דעריבער, א דאנק דער אינוועניגסטער אייזערנער לאָגיק פון דעם נאציאָנאלען לעבען, מוזען אוועקלעגען דעם גאנצען געוויכט אויף די דערהאלטונג און ענטוויקלונג פון דער שפּראך. און יעמאָלט, ווען דאס פאָלק וועט איינזעהן, אז א י ד י ש איז דער צעמענט, וואס קאן בעהעפטען אלע טיילען פון פאָלק צו אן איינהייטליכען אָרגאניזם, וועט עס אָנהויבען צו קעמפּפען פאר זיין שפּראך מיט דער זעלביגער הארטנעקיגקייט, מיט וועלכער א ל ע פעלקער אין זיין לאנגע קעמפּפען פאר זייער אייגענעם לשון.

מיר האָבען ביז אהער דורכגעמוסטערט אלע וויכטיגע טענות, וואס זענען ארויסגעשטעלט געווארען אנטגעגען אידיש, ווי ד י נאציאָנאל־שפּראך פון דעם אידישען פאלק, און האָבען געפונען, אז זיי אלע האָבען קיין ברעקעל ממשות ניט. עס איז ניטא קיין איין גרונד, פאר וואס אידיש זאל נ י ט דערהויבען ווערן צו דער מדרגה פון דער איינציגער אידישער נאציאָנאל־שפּראך.

מיר געהען איצטער איבער צו יענע ארגומענטען, וואס ב ע פ ע ה ל ע ן אונז צו מאכען אידיש אויב ניט פאר דער איינ־ציגער נאציאָנאל־שפּראך, איז לכל הפחות פאר דער נאציאָנאל־שפּראך פון יענער גרויסער מאיאָריטעט, וואס געברויכט זי נאך אין לעבען, אָדער קאן לייכט צושטעהן צו איהר.

פון דער פראגע, אידיש אדער העברעאיש, העגגט אָב גאָר א קלייניגקייט: די צוקונפט פון דעם אידישען פאלק; און ווען איך רעד דא וועגען דעם אידישען פאלק, ווי א גאנצען, מיין איך דעם צוקונפטיגען פ ר י י ע ן בונד פון אלע אידישע פעלקערשאפ־טען, וואס האָבען א בעוואוסטזיין פון זייער צוגעהעריגקייט צו דעם אלגעמיין אידישען שטאם.

די פופציג יאָהר גייסטיגע ארבייט פון דעם אידישען פראגרע־

סיווען נאַציאָנאַליזם, פון משה העסס אָן ביז אויף דעם היינטיגען טאָג, האָבען ארויסגעבראכט דעם אבסאלוט זיכערען רעזולטאט, אז די אסימילאציע, און נאָך מעהר, די צונויפגיעסונג מיט די ארומיגע פעלקער, איז פאר קיינעם קיין טובה ניט: ניט פאר די אידען, ניט פאר דער מענשהייט. דאָס הייסט ניט, אז די קראפט פון דער אסי־מילאציע איז אבגעשוואכט געווארען אין לעבען. אדרבה, זי איז אין די לעצטע פופציג יאָהר אויסגעוואקסען אין אן אונגעהייערער מאָס. דאָס הייסט אבער, אז די אידעע פון דער אסימילאציע האָט אויפגעהערט צו זיין א פּראָגרעסיווע און איז געווארען א ר ע א ק־צ י אָ נ ע ר ע.

עס איז מיט דער אסימילאציע, כמעט ווי מיט דעם קאטאָלי־ציזם. ער איז אויך אמאָל געווען פּראגרעסיוו און איז, זייט דער רענענסאנס־בעוועגונג, געווארען רעאקציאָנער. דאָס האָט ניט אב־געשוואכט זיין פערשפּרייטונגס־קראפט: זי איז, אדרבה, אויסגע־וואקסען; דאָס האָט אבער פערניכטעט זיין פּראגרעסיווע ראלע, זיין מאכט איבער די ב ע ס ט ע גייסטער פון דער מענשהייט. דער פּראגרעס האָט איהם פערטריעבען אין דעם לאָגער פון דער רעאקציע, אנטקעגען וועלכער עס ווערט אָנגעפיהרט דער אייביגער קאמפּף. אזוי איז אויך מיט דער אסימילאציע. איהר מאכט איבער די בעסטע גייסטער פון דעם אידישען פאָלק איז אויסגעשפּיעלט. איהר וועט מיר איצטער ניט קאָנען אָנווייזען קיין איינציגען ערנסטען אידישען דענקער, וואס אינטערעסירט זיך מיט דעם אי־דישען פאלק און וואס זאָל ו ו ע ל ע ן, אידען זאָלען זיך אסי־מילירען, ביי וועמען די נאַציאָנאַלע פערשווינדונג זאָל זיין א געוואונשענער אידעאַל. צוריק איז אַלץ, וואס לעבט און שטרעבט פארווערטס אין דעם אידישען לעבען, אין א גרעסערען אָדער קלע־נערען גראַד בעוואוסט נאַציאָנאַל. דער קאמפּף פאר א פּראגרע־סיווע, זעלבסטשטענדיגע ענטוויקלונג פון י ע ד ע ם פאָלק אויף דער וועלט איז אָנגעשריעבען געווארען אויף דעם פאָהן פון דעם פאָרטגעשריטענעם געדאַנק. דאָס האָט דער אנארכיזם געטהאָן דאָ זיין גוטס, להיפּך צו זיין אייגענעם ווילען: ער האָט דורכגעפיהרט די ליעבע און אכטונג צו יעדער זעלבסטשטענדיגקייט און פּראגרע־סיווער אָריגינאַליטעט. זאָלען דעריבער די רעאקציאָנערע עלעמענ־טען אין איינעם מיט דער אסימילאציע נאָך ווילדעווען, וויפיעל זיי

קאָנען. סוף־כל־סוף וועט דער פּראָגרעס מוזען ברענגען דעם זיעג פון דעם פּראָגרעס.

אָבער אויב אסימילאציע איז רעאַקציאָנער (ווי שטאַרק זי זאָל ניט זיין), איז אונזער פּראָגרעסיווע אויפגאַבע — קאַמפּף פאַר דעם נאציאָנאַלען לעבען. לעבען הייסט אָבער ניט גוססן, ניט זיין געצוואונגען זיך צו פערכלינען טויזענד מאָל אין דעם אויפגעברויזטען ים פון פרעמדען „ארום", ניט זיין געצוואונגען צו זעהן פאַר די אויגען, ווי פון טויזענדער שווימער געהען די הונדערטער צו גרונד. לעבען הייסט עטהעמען פריי און נאָרמאַל. לעבען הייסט האָבען פרייע מוסקולען, ניט נאָר האַלטען תמיד די הענד אָנגעשפּאַרט און איינגעפּרעסען אין די קאַלטע גלאַטע פעל פון דער שלאַנג, וואָס וויל דיך דערשטיקען. עס איז ניט קיין לעבען, ווען מען מוז זיך תמיד ראַנגלען מיט דעם טויט. דער גלות אָבער איז אונזער אויביגע לאַאָקאָאָן־טראַגיק. דער קאַמפּף פאַר'ן לעבען איז דעריבער דער קאַמפּף אנטקעגען דעם גלות. א פריי אייגען לאַנד מוזען מיר האָבען, וואו אונזער נאציאָנאַל לעבען זאָל טראָגען זיך אליין און בעפרייען אונזער אינדיווידועלען שאַפען פאַר די העכסטע מענשליכע ציעלען.

אין דעם פּונקט בין איך א פאַלשטענדיגער ציוניסט. דער ציוניזם רעדט דאָ אזוי קלאָר און פּשוט, ווי א מאַטעמאַטישע טעאָרעם. סיידען צוויי מאָל צוויי איז ניט פיער, סיידען דער קורצעסטער וועג צווישען צוויי פּונקטען איז ניט די גלייכע ליניע, נאָר די קרומע און געבראָכענע; סיידען יעמאָלט איז דער ציוניזם פאַלש.

אָבער דאָ הויבט זיך אָן, וואו אונזערע וועגען געהען זיך פאַנאַנדער. איז דער קורצעסטער וועג דער ד ו ר כ פ י ה ר ב א ר ־ ם ט ע ר? שפּיעלט ניט דאָס לעבען מיט אונז תמיד דעם שפּיעל פון „קורץ וואָס איז לאַנג" און „לאַנג וואָס איז קורץ"?

ציעהט א מאַטעמאַטישע גלייכע ליניע פון דעם פוסבאַרג ביז צו איהר שפּיץ און בערעכענט, וויפיעל מאָל איהר וועט פון איהר דאַרפען אָבטרעטען רעכטס און לינקס, וויפיעל מאָל איהר וועט מוזען ז י ך א ו מ ק ע ה ר ע ן צ ו ר י ק, כדי ארומגעהן אַן אָבגרונד, און ווייטער קאָנען געהן ארויף, ביז איהר וועט דערגרייכען דעם ענדציעל פון אייער שטרעבען.

עס איז געוויס ניט שווער אויסצומאַלען די גלייכע ליניע פון

איצט ביז שיבת ציון. ז א ל ע ן אלע ראטהשילדס און שיף׳ס ווערן ציוניסטען! זאָלען אלע אידישע גייסטיגע קרעפטע, אלע איר דישע פּראָפעסאָרען, שריפטשטעלער, קינסטלער, געלעהרטע, דיר פּלאָמאטען פון דער וועלט ניט האָבען קיין אנדער ציעל אין אויג ווי ציון! זאָל די אידישע סאציאלע ענערגיע, פערקערפּערט אין די וויקטאָר אדלער׳ס, די פּויל זינגער׳ס, די פּאָל לואי׳ס, די גערשוני׳ס זיך צונויפזאמלען וויעדער אין דעם אידישען נאציאָנאלען באסיין! זאָל דאָס ג א נ צ ע פאלק, מיט אלע פארמען פון זיין ענערגיע, מיט א ל ע פאזען פון זיין האָפען און בענקען, פון זיין טראכטען און ווילען, פון זיין שטרעבען און טהאָן א ריס טהאָן זיך מיט אמאָל צו דעם אידעאל (אך!! מען קאָן פער׳שכור׳ט ווערען פון געדאנק!) — און וועלכע מניעות קאָנען אונז נאָך שטעהן אין וועג? ווי אָן אדלער טהוען מיר יעמאָלט א פליה ארויף צו דעם שפּיץ פון׳ם בארג.

דער אומגליק איז אבער, וואס דער „זאלער" איז טויט אדער פער׳חלש׳ט אין די, וואס הארפען „זאלען".

קוקט ארום זיך מיט ניכטערע אויגען! צעהלט אויף די פינ־ גער די נעמען, וואס איהר ווייסט. האָט איהר א האפענונג, אז אין זיי זאָל זיך איצטער פאנאנדערברענען דער „זאלען"? און מוס־ טערט דורך איינעם פאר איינעם די, וואס זיינען צוגעשטאנען צו דעם אידעאל. קענט איהר גלויבען, אז ז י י וועלען איהם פער־ ווירקליכען? מיר האָבען לעת־עתה געוואונען נאָך גאר א קליינע— קליינע מאכט, און אונזער גאנצע האפענונג איז דאָס אידישע פאָלק — אין דער צוקונפט. ערשט ווען דאָס פאלק וועט ארוים פון דעם הין־הער פלעט, אין וועלכען זיין מאיאָריטעט געפינט זיך נאָך איצטער; ווען אין דעם פאלק וועט אויפגעוואכט ווערן דער בע־ וואוסטער ווילען צו א נאטירליכען לעבען אין איין אייגענעם לאנד, ערשט יעמאָלט, און נאָר יעמאָלט, איז די דורכפיהרונג פון׳ם ענד־ ציעל געזיכערט.

ווען וועט דאָס געשעהן? איך געהער בשום אופן ניט צו די אונבעדינגטע עוואָלוציאָניסטען, וואס רעכענען שיער ניט מיט געאָלאָגישע צייטמעסטען. איך גלויב אין די מ ע ג ל י כ ק י י ט פון די רעוואָלוציאָנען, פון א גרויסער אונערווארטעטער איבערקעהר־ ענגיש. אָבער רעוואָלוציאָנען זיינען ניט קיין „מוז" אין דער גע־

שיכטע, און בויען אויף זיי טאָהר מען בשום אופן ניט. דער פשוט'ער שכל און די היסטארישע ערפאהרונג האָבען, אין מיינע אויגען, בעוויעזען קלאָר ווי דער טאָג, אז ווען מען בויט נאָר אויף דער רעוואלוציאָן, לאזט מען ארויס פון אויג די עוואלוציאָן, מען פערשטיקט און פערהויקערט זי, און דער רעזולטאט קען גאר זיין — אַן אונערווארטעטער ריקשריט, ווי איצטער אין רוסלאנד. צוריק, בויט מען אויף דער עוואלוציאָן, אויף דעם לאנגזאמען, גרינדליכען ענטוויקלען זיך און וואקסען, יעמאָלט פערשטארקערען מיר מיט יעדען נייעם שריט די שאנסען פון א ראַדיקאלער רע־וואָלוציאָן.

אויך אין דעם דורכפיהרען פון אונזער נאציאָנאלען ענדציעל מוז מען איין מאל פאר אלע מאל אויסראמען די „רעוואלוציאָנערע פראזעאָלאָגיע“, יענע פאנטאסטישע געדאנקען און אונטערנעהמונ־גען, וואס ווילען זיך ניט רעכענען מיט דער ווירקליכקייט, וואָס בויען זייער טאקטיק אויף דעם פרינציפ פון דער גלייכער „לופט־ליניע“, וועלכע בינדט צונויף דעם היינט מיט דעם ענד־ציעל. אַן ארבייט אויף דורות און דורות איז דער אידעאל פון דער פרייער אידישער פעדעראציע, אַן ארבייט אָהן אויפהער און רוה אין ארץ ישראל פאר דעם איינפלאנצען פון דעם אידישען ישוב און זיין איינפונדעווען אויף פראגרעסיווע יסודות; אַן ארבייט אָהן אויפהער און רוה אין די גלות־לענדער פאר דעם נאציאָנאלען וויעדער־יונג־ווערן פון דעם אידישען פאָלק און זיין פראגרעסיווע ענטוויקלונג.

ווי איז אבער מעגליך צו פיהרען די ארבייט אין גלות אין מיטען פון דעם ברויזענדען אסימילאציאָנס־ים, שטענדיג מיט דעם מלאך־המות פאר די אויגען?

די, וואָס זעהען אין דעם אידישען לעבען נאָר דעם מלאך־המות, זענען ממילא ניט אים שטאנד א טראכט צו טהאָן אפילו וועגען א חיי־שעה, זיי האָבען אָבער ארויסגעלאזען פון חשבון איין פונקט: די לעבענסקראפט פון דעם אידישען פאָלק.

אָ, איך וויים, אז דער מאטעריאליזם וועט קומען און זאגען, אז דאָס איז א „מעטאפיזישער בעגריף“; אז אין דער ווירקליכקייט

איז נאָר ניטאָ אזא מין וועזען ווי „פאָלק" און איבער־אינדיווי־דועלע פאָלקס־כוחות. ס'איז ניט דאָ דער אָרט אריין צולאָזען זיך אין א וויכוח מיט איהם וועגען דער דאָזיגער פילאָסאָפישער פראגע. עס וואָלט אבער ניט אזוי שווער געווען צו בעווייזען איהם, אז לויט די פאָדערונגען פון א ריכטיגער וויסענשאַפטליכער מעטהאָ־דע, מוזען מיר אָננעהמען דעם זעלביגען שטאַנדפּונקט בנוגע צו פאָלק, וועלכען מארקס און ספּענסער האָבען אָנגענומען בנוגע צו געזעלשאַפט. „פאָלק" און „געזעלשאַפט" זענען אן אָרט אָרגאַניזם, מיט אייגענע אָרגאַנישע פּראָצעסען, מיט אן אייגענעם לעבען. א לעבעדיגער פאָלקס־אָרגאַניזם האָט דעם וואונ־דערליכען כוח אויסצואַרבייטען פון זיך אליין יענע זאַפטען, וואָס זענען נויטיג פאר זיין עקזיסטענץ, צו בעשאַפען יענע לעבענס־פאָרמען, וואָס זאָלען איהם העלפען אין זיין אינסטינקטיווען „קאַמפּף אום'ס דאָזיין".

די אידישע שפּראַך, די אידישע לי־טעראַטור, די אידישע גייסטיגע אַטמאָס־פערע איז אזא געגען־גיפט, וואָס דער פאָלקס־אָרגאַניזם האָט איצטער ארויס־געבראַכט און ענטוויקעלט פון זיך אלץ מעהר און מעהר, כדי צו פּאַראַליזירען דעם סם פון גלות.

אויב איינעם געפעלט ניט אָט די „מעטאַפיזישע" טהעאָריע, מיט וועלכער מיר דערקלעהרען דעם אויפבליה פון אידיש, פער־ווערט מען איהם ניט צו דערקלעהרען דעם זעלביגען פאַקט אויף וואָסער אופן ער וויל, בתנאי, אז דער פאַקט און זיין ווירקליכע, רעאַלע בעדייטונג זאָל דערפון ניט ליידען, און דער פאַקט איז ווירקליך א וואונדערליכער!

פערגלייכט די ראָלע פון דער העברעאישער און דער אידישער ליטעראַטור אין דעם קאַמפּף פון'ם אידישען פאָלק פאר זיין עקזיסטענץ און ענטוויקלונג. וואָס האָט העברעאיש אויפגעטהאָן? איך רעד דאָ ניט וועגען די קולטורעלע ווערטהען, וואָס העברעאיש האָט בעשאַפען. דאָס געהערט צו א גאַנץ אנדער קאַפּיטעל. מיר האַלטען דאָ ביי דעם קאַמפּף פאר עקזיסטענץ און ענטוויקלונג פון דעם פאָלק. וועמען האָט דער לשון־קודש

ארויסגעריסען פון דער אסימילאציאָן? וועלכע געפעהרליכע פּאָזי־ציעס האָט ער פערקרעפטיגט? וועלכע נייע פּאָזיציעס עראָבערט? וועלכע שיכטען, וואס זענען געשטאַנען אין דער געפאהר פער־שלונגען צו ווערען פון דעם ים, האָט ער אבגערעטעט? וועלכע שוין אסימילירטע עלעמענטען האָט ער ווידער אָביעקטיוו צוגעבונדען צו דעם אידישען פאָלק?

קיינע ניט, קיינעם ניט! די, וואָס לייענען העברעאיש, זענען לכתחילה געווען צוגעבונדען צו דעם אידישען פאָלק דורך דעם פאקט פון דער העברעאישער ערציהונג; ער האָט אפשר פערטיעפט זייער נאציאָנאַלען בעוואוסטזיין, אפשר ברייטער געמאכט זייער מענשליכען האָריזאָנט, — אָבער די ראָלע פון אַן אָביעקטיווען צעמענט, וואָס זאָל צונויפהאלטען די פאנאַנדערגעפאלענע פאָלקס־טיילען, האָט ער קיינמאָל ניט גע־שפּיעלט און וועט קיינמאָל ניט זיין אין שטאנד צו שפּיעלען. און דאָס איז פּשוט דערפאַר, ווייל ער איז אַ קינסטליכער און ניט קיין נאטירליכער פאקטאָר. איידער איך קאָן וועלען לער־נען זיך אָדער מיינע קינדער העברעאיש, כדי עס זאָל מיך נאציאָנאַל ערהאלטען, דאַרף איך שוין פריהער אין הארצען זיין אַ איד, ד. ה. ניט נויטיגען זיך אין קינסטליכע דערהאַלטונג. העברעאיש איז אין דעם פּונקט דיזעלבע זאַך, וואָס די אידישע רעליגיע: זיי ביידע פערלאַנגען פריהער אַ געוויסען גלויבען. אין דע־רינען ליעגט זייער ביידענס אָהנמאכט ווי אַ נאציאָנאַל־ערהאַל־טענדער פאקטאָר, וואָס זאָל ניט געהן להיפך צו דעם גרונדשטיין פון דעם פּראָגרעסיווען געדאנק, דער גלויבענס־פרייהייט.

נאציאָנאַל ערהאלטען און געבען די מעגליכקייט צו פּראָגרע־סיווער ענטוויקעלונג קאָנען נאָר נאטירליכע פאקטאָרען, וואָס ווער־קען אונבעוואוסט, וואָס ציהען צו צום פאָלק ווי אַ מאגנעטישע קראפט אפילו אַזעלכע עלעמענטען, וואָס וואָלטען, לויט זייערע בעוואוסטזיניגע געדאנקען, שוין לאַנג פערלאָזען דאָס פאָלק. דער אטעאיסט און דער קאָסמאָפּאָליט מוז שטעהן אונטער דער שליטה פון דער זעלביגער קראפט, ווי דער גלוביגער „אתה־בחרתנו“־איד. אַט דעם וואונדער האָט בעוויזען אידיש און ניט העברעאיש. ווען מיר זעהען, ווי דער „אַרבייטער־רינג“, דער „פאָרווערטס“, די „פרייע אַרבייטער שטימע“ זענען געצוואונגען,

דורך יענע העכערע נאַציאָנאַלע לעבענס־קראַפט, וואָס שטעהט הינטער זייערע בעוואוסטזיניגע האַנדלונגען, צו בעשאַפען אויפ׳ס ניי אַ קאָלאָסאַלע אידישע ווירקליכקייט, אין אַ לאַנד, וואו די ווינדען פון דעם אַסימילאַציאָנס־ים ברויזען שטאַרקער, איידער ערגיץ וואו אַנדערש, ערשט יעמאָלט הויבט אונז אָן ווערען קלאָר יענע צויבערמאַכט, וואָס ליעגט אינ׳ם אידיש. די אידיש־גייסטיגע אַטמאָספערע, וואָס וואַקסט און ענטוויקעלט זיך *נאַטירליך*, וואָס פערלאַנגט פון איין ניט קיין גלויבונגען און קיין מיינונגען, וואָס בינדט צונויף אין איינעם, להיפך צו זייער ווילען, דעם קאָנסערוואַטיווען „טאַגעבלאַט“ מיט דעם ראַדיקאַלען „פאָרווערטס“, — אָט דאָס איז די נאַציאָנאַל־ערהאַלטענדע מאַכט, אין וועלכער דאָס אידישע פאָלק נויטיגט זיך אין גלות.

איהר וואַקסען איז יענער „נאַטירליכער ענטוויקעלונגס־גאַנג“, וועלכען דאָס פאָלק אַליין האָט אויסגעקליעבען, ביי קיינעם ניט אָנגעפרעגט, און קיינעם׳ס עצה ניט געהערט. אַ דאַנק אָט דעם נאַטירליך־וואַקסענדען פאַקטאָר פון אונזער נאַציאָנאַלען לעבען, זענען *הונדערטער טויזענדער* אָבגעהיט געווארען פון אַסימילאַציאָן (די לעזער פונ׳ם „פאָרווערטס“ אַליין דאַרף מען רעכענען אויף איבער אַ פערטעל מיליאָן), זענען פיעלע אינטעליגענטע און אַסימילירטע וויעדער *צונויפגעבונדען* געוואָרען, אונבעוואוסט און להיפך צו זייער ווילען, מיט דעם לעבען פון דעם פאָלק.

אמת, דער צעמענט פערליערט זיין קראַפט ביי דעם צווייטען און דריטען דור. אָבער אויך דאָ בעמערקט זיך אָן אינטערעסאַנטע, *אונבעוואוסט־נאַציאָנאַלע* רעאַקציע, וואָס טרעט ארויס אין דער פאָרם פון איינפאַכע מענשליכע אונצופריעדענהייט מיט געוויסע ערציעהונגס־מעטאָדען און ערציעהונגס־רעזולטאַטען. עס איז אַ פאַקט, אַז אונזער ראַדיקאַלע אַרבייטערשאַפט איז שטאַרק ניט צופריעדען מיט יענעם טיפ *מענש*, וועלכען די אַמעריקאַנער „סקוהל“ פאַבריצירט. זי האָט קיין צייט ניט און קיין מעגליכקייט ניט אריין־צו־טראַכטען זיך טיעפער אין דעם ענין, און איז נוטה ארויף־צו־וואַרפען די שולד אין גאַנצען אויף דעם אַמעריקאַנער לעבען און דאָס אַמעריקאַנער ערציעהונגס־סיסטעם. ווי די מעשה איז, וואַקסט אויס פון דעם לעבען גופא אַ נויט צו בעשאַפען אַן

אייגענע אידישע ערציעהונג, און די נויט וועט מוזען ווערן סוף־כל־סוף אזוי שטארק, אז זי וועט ווי א שטורעם־ווינד אוועקבלאָזען די פאפיערענע מניעות, וועלכע דער אסימילאציאָנס־געדאנק שטעלט איהר נאָך איצטער אין וועג.

אזוי איז דאָס ביי דער פריוויזיניגער ארבייטערשאפט. מיר איז לײדער ניט בעקאנט, וואָס עס טהוט זיך אין דעם פרט ביי דער רעליגיעז געזינטער באלעבאטישער וועלט. די אידישע רעליגיאָן, די טאָכטער פון דעם אידישען נאציאָנאליזם, וויל א מאָל געוועלטיגען אנשטאָט דעם פאָטער, און עס וואָלט מיך גאָר ניט געוואונדערט, אז אין דעם פונקט פון א ו נ ב ע ו ו א ו ס ט ע ן נאציאָנאל־געפיהל וואָלט זיך ארויסגעשטעלט, אז די באלעבאטישע וועלט שטעהט א סך ניעדעריגער, איידער די אידישע ארבייטער וועלט. ברענגט דאָך די אסימילאציע א סך מעהר נוצען דעם באלעבאָס, איידער דעם ארבייטער, דעם רייכען, איידער דעם אָרעמאַן! אָבער אין דעם פונקט פון קינדער־ערציעהונג, רעכען איך, אז אויך דאָר־טען מוז אָנוואקסען א געוויסער קריזיס.

דער קריזיס ווערט אָבגעצויגען דורך דעם, וואָס די באלע־באטים זענען נאָך ניט געקומען צו זיך אין דער נייער וועלט, זיי פיהלען זיך אָהנמעכטיג און לאָזען די קינדער „וואקסען אויפ׳ן וואלד“. אגב, האָבען זיי צו פיעל דרך־ארץ פאר דער אמעריקאנער רעגיערונג און האָבען מורא צו קעמפפען מיט איהר פאר זייערע גוטע, עהרליכע רעכט.

אָבער מיר קענען דעם באלעבאָס אין גאנצען לאָזען אָן א זייט. ניט ער וועט האָפענטליך זיין דער בויער פון דעם נייעם אידישען לעבען, דער טרעגער פון זיינע אידעאלען. די ארבייטערשאפט און די אינטעליגענץ וועלען, ווי אומעטום, אויך ביי דעם אידישען פאָלק זיין די בעשאפער פון דער פראָגרעסיווער ענטוויקלונג.

אונזערע נאציאָנאל־סאָציאליסטישע מארקסיסטען, וואָס פלעגען זיצען אין זייערע לעכער און ארויסזויגען פון זייערע פינגער פערשיידענע „נאטירליכע ענטוויקלונגס־גאנגען“ פון דעם אידישען פאָלק, האָבען ניט איינגעזעהען די ווירקליך־נאטירליכע טענדענץ, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט ארויסגעבראכט: די טענדענץ אויפ־צובויען אַן אייגענעם פראָגרעסיווען לעבען אויף דער גרונדלאגע פון דער אידישער שפּראַך און דער אידישער קולטור.

איך בין געווים ניט קיין בלינדער נאָכטענצער נאָך יעדער „נאַטירליכער ענטוויקעלונגס־טענדענץ“ פון אַ פאָלק און ווייס גאַנץ גוט, אַז דער פאַקט פון אַ שטאַרקער טענדענץ איז נאָך ניט קיין גאַראַנטיע, אַז זי מוז אונטער אַלע אומשטענדען בעקרוינט ווערען מיט אַ זיעג. אָבער אויב אין דעם לעבען פון אַ פאָלק האָט ווען עס איז פּאַסירט, אַז די נאַטירליכע טענדענץ זאָל אין דער זעלביגער צייט זיין די פּ ע ר ג י נ פּ ט י ג ס ט ע, אויב די „אייזערנע געזעצען פון דער ווירקליכקייט“ זענען ווען עס איז אין דער געשיכטע צונויפגעפאַלען מיט די העכסטע פאָדערונגען פון דעם פּראָגרעס, איז דאָס גאַנץ געווים געשעהען אין דעם אונז אינטערע־סירענדען פאַל; די אידישע שפּראַך איז ניט נאָר אַ נאַציאָנאַל־ערהאַלטענדער פאַקטאָר, נאָר אויך אַ פּ ר אָ ג ר ע ס י וו ע נ ט־ וו י ק ל ע נ ד ע ר, וואָס מ ו ז פריהער אָדער שפּעטער צו־ציהען צו זיך אַ ל ע פּראָגרעסיווע קרעפטען פון דעם פאָלק.

די אידישע אינטעליגענץ וועט מ ו ז ע ן בעוואוסט אוועק־שטעלען פאַר איהר טהעטיגקייט יענע ציעלען, וואָס זענען ארויס־גערוקט געוואָרען דורך די אונבעוואוסטע נאַציאָנאַלע ענטוויקעלונג. זי וועט מ ו ז ע ן אָנווענדען אַלע איהרע קולטור־שאַפענדע קרעפטען, כדי דורכצופיהרען דעם אידעאַל אין זיין ריינקייט און קלאָרקייט. דאָס איז איהר טבע, איהר מיסיע אין דעם לעבען פונ׳ם פאָלק. אין דעם קאַמפּף פאַר איהר א י י ג ע נ ע ר עקזיסטענץ און ענטוויקעלונג וועט זי געצוואונגען זיין אָנצוכאַפּען זיך פאַר יענע כלי־זין, וועלכע דאָס פאָלק דריקט איהר אין די הענד: אָדער דאָס פאָלק וועט זיך אין גאַנצען אָבווענדען פון איהר און וועט ארויסברענגען זיין אייגענע אינטעליגענץ, וואָס וועט זיין בעסער צוגעפּאַסט צו זיין ווילען און זייגע בויטען.

וואָס זאָג איך: „דאָס פאָלק וועט“! דאָס פאָלק האָט שוין ארויסגעבראַכט די דאָזיגע אינטעליגענץ. הערט זיך צו צו דער שטים פון דעם לעבען, טראַכט זיך אריין אין דער ענטוויקעלונג פון אונזער נייעם א י ד י ש ע ן בעוואוסטזיין: האָבען מיר שוין ניט קיין פּ א נ א ט י ק ע ר פון אידיש? איז די גאַנצע געשיכטע פון דער נייער אידישער ליטעראַטור ניט די געשיכטע פון יענעם פּראָצעס, אין וועלכען דאָס פאָלק האָט בעשאַפען די איהם נויטיגע טהוער?

ווי אַלע מאָל אין דער געשיכטע, האָט די נייע מאַכט אין דעם פאָלקס־לעבען אַ לאַנגע צייט נאָך אַליין ניט פערשטאַנען דעם פער־באָרגענעם זין פון איהר אייגענעם זיין און שאַפען. אָבער ביסלעכ־ווייז קומט זי צום פערשטאַנד; ביסלעכווייז ווערט איהר קלאָר, אַז זי איז יענער האַמער אין די הענד פון דעם פּראָגרעס, מיט וועלכען ער שמידט די גרונדלאַגען פון אַ נייעם לעבען פאַר דאָס אידישע פאָלק.

און מיט דעם וואַקסען און קלאָר ווערן פון דעם בעוואוסטזיין, ווערען אויך קלאָרער און בעשטימטער די אויפגאַבען און ציעלען. די אידישע אינטעליגענץ קאָן זיך ניט בענוגענען מיט דער ראָלע פון סאַרווערס אויף אַן אָרעם־מאָהלצייט, מיט דער ראָלע פון בע־העלפערס אין אַ דרדקי חדר, מיט דער ראָלע פון „זאָגערס“ אין אַ ווייבערשער שוהל. עס איז ניט נאָר ניעדעריגער פאַר איהר ווירדע, נאָר עס וואָלט אויך געווען אַ פ ע ר ב ר ע כ ע ן געגען די אינטע־רעסען פון דער פאָלקס־ענטוויקעלונג, זי זאָל צולאָזען, אַז עס זאָל ווייטער בלייבען אין קראַפט דער שפּראַכען־תהום, וואָס טיילט אָב די אינטעליגענץ פון דאָס פאָלק. א י י ן קולטור־אַטמאָספערע מוז אַרומנעהמען דאָס גאַנצע פאָלק, דעם געבילדעטען ווי דעם עם־הארץ. עס וועלען לײדער נאָך אויף אַ לאַנגע צייט מוזען בלייבען ב י ל ־ ד ו נ ג ס ־ אונטערשיידען צווישען זיינע פערשיידענע עלעמענטען, — אונטערשיידען, וועלכע מיר קאָנען ניט אָבשאַפען אין דער איצ־טיגער געזעלשאַפט. אָבער די אָבגרונטען וועלען פערשווינדען, און די מעגליכקייט וועט בעשאַפען ווערען, אַז די העכסטע פּראָדוקטען פון דעם אידישען גייסט זאָלען זיך קאָנען פערשפּרייטען ביז צו די אונטערסטע שיכטען, און איינציגע אינדיווידועו פון די אונטערסטע שיכטען זאָלען זיך קאָנען אַליין אַרויפאַרבייטען ביז צו דער העכ־סטער מדרגה פון בילדונג און אינטעליגענץ.

און דער תהום מוז אָבגעשאַפט ווערן ניט נאָר צווישען די איינ־צעלנע עלעמענטען אין גלות, עס טאָר ניט דערלאָזען ווערן, עס זאָל אויסגעבילדעט ווערן אַ נייער תהום: צ ו ו י ש ע ן ד ע ם ג ל ו ת א ו ן א ר ץ ־ י ש ר א ל.

דער גרעסטער אונגליק וואָלט פאַר אונז געווען, ווען דער ישוב אין ארץ־ישראל וואָלט אויסגעאַרבייט נאָר אַ העברעאישע קולטור. וואָס פאַר אַ ווערטה וואָלט זי יעמאָלט געהאַט פאַר דער ענטוויקע־

לונג פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק? זי וואָלט בעשאַפען אַ נייע פ ר ע מ ד ע וועלט, וואוהין מיר וואָלטען געקאָנט אויפגענומען ווערן נאָר בתנאי, אַז מיר זאָלען אויפהערען צו זיין וואָס מיר זענען; אַ נייער אסימילאַציאָנס־אַפּאַראַט, כדי אויפ׳ם ניי צו ברעכען אונזער נאַציאָנאַלען חוט השדרה, וואָס האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אויסגע־גלייכט און פערשטאַרקט אין דער פרייער נאַטירליכער ענטוויקע־לונגס־אַטמאָספערע פון דער אידישער קולטור.

נאָר — ווער וועט זיי הערען, די העברעער? ארץ־ישראל איז אַקוראַט אַזוי גענוג זיי אונזערס. לאָמיר נאָר אליין שטאַרקער ווערן, לאָמיר נאָר וועלען ווערען גוטע ציוניסטען, און קיין זאך אין דער וועלט וועט ניט זיין אים שטאַנד צו שטערען אונז, מיר זאָלען דאָרטען בויען אַ ו נ ז ע ר ישוב, אַ ריין אידישען, אַ ריין פּראָגרע־סיווען, מיט פרייע אַ י ד י ש ע שוהלען, מיט אַ פרייער אַ י ד י ־ ש ע ר קולטור, וואָס זאָל קאָנען שיקען איהרע שטראַהלען פון דער ווייט און לייכטען אונז, און וואַרעמען אונז אין די פינסטערע גלות־טעג.

איך וואָלט וועלען, כ׳לעבען, זעהן, ווער וועט דאָס ווער אונז פער־וועהרען...

דאָס פּראָבלעם פון דעם אַ י ד י ש ע ן ציוניזם, אין זיין בע־וואוסטען געגענזאַץ צו דעם העברעאישען, איז אָבער אַ טהעמאַ, וואָס פערדיענט אַ בעזונדער ארבייט און וואָס וועט אונז אויך גע־בען די געלעגענהייט צו בעשטימען, וועלכע ראָלע העברעאיש דאַרף שפּיעלען אין איהם.

דערווייל לאָמיר מאַכען אַ פּאָרלויפיגען שלוס צו אונזער אַר־טיקעל, וואָס האָט זיך שוין אַזוי אויך צו פיעל פערצויגען.

און דער שלוס איז:

1. אפילו ווען מען זאָל זיך שטעלען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון איין שפּראַך פאַר אַלע אידען פון דער וועלט, איז יעמאָלט ניטאָ קיין ברעקעל גרונד, פאַר וואָס די איין־איינציגע שפּראַך זאָל ניט זיין אידיש, דער לשון פון דער אונגעהייערער פאָלקס־מאַיאָריטעט.

2. די נאַציאָנאַלע און קולטורעלע לעבענס־נויטען פון אָט דער מאַיאָריטעט און די נאַטירליכע ענטוויקעלונגס־טענדענצען, וואָס וואַקסען פון זיי אַרויס, וועלען אויך אין דעם פאַל פאָדערן פון אונז,

אַז א י ד י ש זאָל זיין די איין־איינציגע שפּראַך, ד י נאַציאָנאַלע שפּראַך פון דעם אידישען פאָלק.

3. העברעאיש קאָן צוגעלאָזען ווערן, ווי א ו י ך א נאַציאָנאַלע שפּראַך, נאָר פאַר יענער אידישער פאָלקשאַפט, וואָס שיידט זיך בעוואוסט אָב פון דעם כלל און פערלאַנגט נאַציאָנאַלע רעכט פאַר איהר לשון. איהרע נאַציאָנאַלע רעכט דאַרפען זיין פאַר אונז הייליג, אָבער נאָר אַזוי לאַנג, ווי זי ווייזט ניט אַרויס די חוצפּה צו וועלען אַסימילירען די איבעריגע אידישע פעלקערשאַפטען און אַרויפצווינגען אויף זיי, געגען זייער ווילען, דעם דאָזיגען לשון.

אין דעם פאַל פון קריעג טרעט אַריין אין קראַפט דער איינציגער כלל:

א י ן ק ר י ע ג — ל ו י ט ד ע ם ש ל ח ן ־ ע ר ו ך פ ו ן ק ר י ע ג...



# די אידישע קולטור און די אידישע שפּראַך *)

.1

דער סכסוך צווישען אידיש און העברעאיש, וואָס האָט אַזוי לאַנג און אַזוי אינטענסיוו בעשעפטיגט די אידישע עפענטליכע מיינונג, האַלט שוין ביים סוף. ביידע צדדים האָבען שוין, דאַכט זיך, אַרויסגעזאָגט אַלץ, וואָס זיי האָבען געהאַט צו זאָגען צו גונסטען פון זייער שטאַנדפּונקט. דער „פּסק־דין" מוז איצטער איבערגעלאָזען ווערען צו דעם לעבען אַליין, ד. ה. צו די סטיכישע פּראָצעסען און טענדענצען, וואָס הערשען אינ'ם אידישען פאָלק, און צו די בעוואוסטזיניגע שטרעבונגען און איינווירקונגען פון דער אינטעליגענץ, וואָס איז פּעראינטערעסירט אין דער דורכפיהרונג פון דעם אָדער יענעם אידעאַל.

אויף די אומבעוואוסטע קרעפטע, וואָס הערשען אין דער געשיכטע פונ'ם אידישען פאָלק, זענען מיר קנאַפּע בעלי־בתים; און פאָראויסזעהן, וואָס וועט זיין דער געשיכטליכער גורל פון די צוויי שפּראַכען, איז קיינעם ניט געגעבען. דערפאַר איז אָבער די ריכטונג פון די בעוואוסטזיניגע שטרעבונגען איצטער געוואָרען אַ סך קלאָרער פאַר איטליך אָפען אויג. עס קאָן זיין, אַז אין דער טעאָריע האָט קיין צד ניט גובר געווען דעם אַנדערן. יעדע פּאַרטיי איז זיך געבליעבען ביי דאָס איהריגע, און דורכמוסטערנדיג די פּעסטונגען, אין וועלכע זי האָט זיך איינגעשלאָסען, געפינט זי נאָך ער היום, אַז דעם „שונא" האָט זיך ניט נאָר ניט איינגעגעבען אַרויסצושטופּען זי פון איהרע פּאָזיציעס, נאָר אַפילו קיין איין פּיצעלמויער־וואַנד איז ניט בעשעדיגט געוואָרען, ניט קוקענדיג אויף דעם שטורעמדיגען אָנפאַל פון דעם פיינד'ס האַרמאַטען און וואַנד־ברעכערס. דאָס איז אין דער טהעאָריע. די פּראַקטיק פון דעם לעבען האָט אָבער בעשאַפען אַזאַ לאַגע, וואָס מיר „אידישיסטען" מעגען זיין מיט איהר מעהר ווי צופריעדען. מיר האָבען באמת אַ רעכט

*) מערץ, 1911.

צו גלויבען, אז דער קאמפף האָט זיך געענדיגט אָדער האלט ביי ענדיגען זיך מיט א פאָלשטענדיגען זיעג פאר אונז.

בערעכענט נאר איין זאך. ווי די לאגע איז איצטער, איז גיטאָ ערגעץ אזא קראפט, — ניט אין אונזער אינוועניגסטער וועלט, ניט אין דער דרויסענדיגער אטמאָספערע, — וואָס זאָל אונז, „אי־דישיסטען", צווינגען צו רעדען העברעאיש, צו שרייבען העברעאיש אָדער צו קעמפפען אין א וועלכער עס איז פארם פאר די רעכט פון דער העברעאישער שפראך. אין בעסטען פאל שטודירען מיר זי, ווי מען שטודירט סיריש, לאטיין, אראביש; אין בעסטען פאל בע־וואונדערן מיר איהר שעהנקייט, ווי דער פילאָלאָג בעוואונדערט די שעהנקייט פון לאטיין און גריכיש; אין בעסטען פאל וועלען מיר זי לערנען אין אונזערע שולען, ווי מען לערנט א סך אנדערע שפראכען, ווייל מען קאָן, נאך מיין מיינונג נאך, בשום אופן ניט אָבלייקענען איהר רייכען נאציאָנאל־פעדאגאָגישען ווערטה. אָבער ווייטער איידער נאציאָנאל־פעדאגאָגיק, פילאָלאָגיע און עסטהעטיק קאָן אונז קיינער ניט צווינגען צו געהן. די ראָליע פון דער נאציאָ־נאל־שפראך צו זיין א געצייג פאר אויסארבייטען און פערשפרייטען קולטור נעהמען מיר צו פון איהר (אויף וויפיעל דאָס הענגט אָב פון אונזערע קרעפטען) און גיבען איבער איהר פריהערדיגער „שפחה", וואָס האָט האפערדיג אראָבגעוואָרפען פון זיך די קייטען פון שקלאפעריי און איז אליין געוואָרען א „גברת", פון א גאָט געזאָלבטע הארריו.

אין א גאנץ אנדער לאגע געפינען זיך די „העברעאיסטען". ווי שטארק עס זאָל ניט זיין זייער האָס צו אידיש, זענען זיי גע־צוואונגען צו רעדען אידיש, ווייל דאָס פאָלק וואָלט זיי ניט פער־שטאנען, ווען זיי וואָלטען געקומען צו איהם מיט זייער העברעאיש. אגב קאָן דאָס רוב פון זיי קיין אנדער שפראך, א חוץ אידיש, ניט רעדען. זיי מוזען שרייבען אידיש, מחמת דעם זעלביגען טעם, און וואָס מעהר די אידישע ליטעראטור וואקסט, וואָס מעהר עס ענט־וויקעלט זיך אַן אינטעליגענטער אידישער לעזער, אַלץ מעהר זענען זיי געגוויטיגט אראָפצושרייבען אויף זייער אידיש אויף דערזעל־ביגער הויך, רעדען ווי געבילדעטע צו געבילדעטע און ביסלעכווייז אָבגעוואוינען זיך פון יענע מאוסע מאניערען, וואָס האָבען גע־הערשט ביי א סך פון זיי — צו רעדען אין אידיש דוקא ווי מען

רעדט צו קינדער און ארויסווייזען, אַז זיי פיהלען זיך דערביי, ווי „גרויסע", וואָס טהוען מיט א כיון אָן א פּאַפּירען מיטצעל, טייל צוליעב אייגענעם שפּאַס און טייל, ווייל דאָס צולאָזען קינד פערלאַנגט עס. זיי לערנען זיך ביסלעכווייז אויס צו האָבען דרך־ארץ פאַר דער „שפחה", וועלכער מען האָט ניט לאַנג געשפּיגען אין פּנים.

און ניט נאָר דאָס. דאָס לעבען פערלאַנגט פון זיי, — און פיהרט דורך זיין פערלאַנג, — אַז זיי זאָלען קעמפּפען פאַר די נאַציאָנאַלע רעכט פון אידיש אומעדום, וואו אַזאַ קאַמפּף האָט אַ זין פאַר די אינטערעסען פון די אידישע מאַסען. רעדט מען וועגען די רעכט פון דעם אידישען פאָלק צו בויען שולען אין זיין שפּראַך אָדער צו געברויכען זי פאַר'ן געריכט, מוז דערביי אויך דער העברעער בפירוש ומפורש אויסטייטשען, אַז ער מיינט דאָס די אידישע שפּראַך, דעם אַזוי אָנגערופענעם „זשאַרגאָן". קורץ, דער העברעער מוז אין זיינע פּראַקטישע נאַציאָנאַלע קעמפּפען בעגעהן זיך מיט אידיש אַקוראַט אַזוי, ווי אידיש וואָלט אויך פאַר איהם געווען די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון דער גרויסער אידישער מאַיאָריטעט.

ווען דער געגנער איז געצוואונגען צו טהאָן, אנטקעגען זיין אייגענעם ווילען, די אַרבייט, אין וועלכער איהר זענט פערהאַנטע־רעסירט, — וואָס פאַר אַ זיעג ווילט איהר נאָך?

ליידער איז העברעאיש ניט דער איינציגער שונא, וואָס אַנט־קעגען איהם מוז אידיש קעמפּפען פאַר זיין הערשאַפט אין דער אידישער וועלט. נאָך אַן אַנדער פּרעטענדענט איז דאָ אויפ'ן פּלאַץ, וואָס וויל שטרייטיג מאַכען די הערשאַפט פון אידיש אָדער ווענינסטענס טיילען זיך מיט איהם אין דער ממשלה. דאָס איז די שפּראַך פון יענעם פאָלק, צווישען וועלכען עס וואוינען אידען און צו וועלכער עס איז צוגעשטאַנען די אידישע אינטעליגענץ. אין רוסלאַנד — רוסיש, אין פּוילען — פּויליש, אין אַמעריקא און ענגלאַנד — ענגליש און אַזוי ווייטער.

איך רעד דאָ ניט פון די אַדעפּטען פון די פרעמדע שפּראַכען, וואָס זענען אַסימילאַטאָרען און האָפען, אַז מיט דעם פערשווינדען פון דער אידישער שפּראַך וועט אויך פערשווינדען דאָס אידישע פאָלק, ווי אַ בעזונדער נאַציאָן. די חשבונות מיט דעם אַסימיליאַ־

ציאָנס־שטאַנדפּונקט זענען האָפּענטליך שוין אויסגעגליכען און זייגע פּרעטענזיעס אויף די צוקונפט פון אונזער פאָלק — ערנסט און אויף אַ לאַנגע צייט — אויב ניט אויף אייביג — צוריקגעוויעזען. דאָ ווערט גערעדט וועגען אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ס ט י ש ע ר שטרעבונג, וואָס וויל, אַז די פרעמדע לאַנד־שפּראַך, וואָס הערשט ביי דער אידישער אינטעליגענץ, זאָל אויך אויף ווייטער פערבלייבען וועניגסטענס אַ י י נ ע פון די שפּראַכען, וואָס אין זיי ווערט בעשאַפען און פערשפּרייט די אידישע קולטור.

אויב איך מאַך ניט קיין טעות, איז ש. אַנ—סקי געווען דער ערשטער, וואָס איז אין אונזער שפּראַכען־פראַגע ארויסגעטראָטען מיט דעם געדאַנק, אַז אַלע דריי שפּראַכען, — העברעאיש, אידיש און די לאַנד־שפּראַך, — זאָלען דערקלעהרט ווערען פאַר פאָלקסאָם גלייכבערעכטיגט ביי דעם אידישען פאָלק און אַז די שפּראַכליך אַסימילירטע אינטעליגענץ זאָל אויך ווייטער שפּינען דעם פאָדים פון דער אידישער נאַציאָנאַלער קולטור אין יענער שפּראַך, וואָס איז געוואָרען נעהנטער צו איהר הארצען און וואָס אין איהר קאָן זי אַם בעסטען ארויסברענגען איהרע אידישע געדאַנקען און גע־פיהלען.

דער הויפּטאַרגומענט פאַר דעם שטאַנדפּונקט איז דער גע־דאַנק, אַז סוף־כל־סוף איז די שפּראַך דאָך ניט מעהר ווי אַ מיטעל, ווי די אויסערע פאָרם, אין וועלכער עס דריקט זיך אויס דער נאַ־ציאָנאַל־קולטורעלער אינהאַלט פון אַ פאָלק. דער אינהאַלט איז אָבער דער צוועק, און ער איז וויכטיגער פאַר דער פאָרם און פאַר דעם געצייג, מיט וועלכען ער ווערט ארויסגעבראַכט. די הויפּט־זאַך איז די בערייכערונג פון דער אידישער קולטור מיט אָריגינעלע אידישע בעשאַפונגען, און אויב דער אידישער גייסט ברענגט ארויס זיינע פּראָדוקטען, לאָמיר זאָגען אין רוסיש אָדער אין ענגליש, דאַרף דאָס אונז אַ ברעקעל ניט אַהרען. איז דעם רמב״ם׳ס „מורה נבוכים" אָדער הלוי׳ס „הכוזרי" וועניגער אידיש, וועניגער ווערטה־פול דערפאַר, וואָס זיי זענען געשריעבען געוואָרען אין דער שפּראַך פון דער יעמאָלטדיגער אידישער אינטעליגענץ, אין אַראַביש? די אינטערעסען פון דער אידישער קולטור־ענטוויקעלונג פערלאַנגען דעריבער, אַז די לאַנד־שפּראַך זאָל אין דעם בעוואוסטזיין פונ׳ם

פאָלק דערהויבען ווערען צו דערזעלביגער מדרגה, ווי אידיש און העברעאיש.

וועגען דעם שטאַנדפּונקט איז נאָך ווייניג גערעדט געוואָרען אין דער שפּראַכען־פּאָלעמיק און אויף דעם וועלען מיר זיך דאָ אָבשטעלען.

מיר וועלען אין גאַנצען לאָזען אָן א זייט די פּראַגע: איז די שפּראַך באמת ניט מעהר ווי א מיטעל צום צוועק און איז אין נאַ־ציאָנאַלע ענינים די נאַציאָנאַלע פאָרם פון דער קולטור אפשר א זאַך, וואָס איז א סך וויכטיגער, איידער איהר ספּעציפיש נאַציאָ־נאַלער אינהאַלט? מיר וועלען דאָ בעטראַכטען דעם ענין פון דעם שטאַנדפּונקט, אויף וועלכען די געגנער אָדער די פערשמעלערער פון אידיש האָבען איהם אוועקגעשטעלט: פון די אינטערעסען פון דער אידישער קולטור.

אז מען רעדט פון דער אידישער קולטור, דאַרף מען ביי דער פראַגע האָבען אין זינען ניט די אַלטע אידישע אוצרות, וועלכע דאָס פאָלק האָט אָנגעזאַמעלט ביז אַהער. וואָס געווען, איז געווען. וואָלטען מיר געוואָלט, די קולטור פון דעם אידישען פאָלק זאָל פער־בלייבען אויף די אַלטע יסודות, אויף וועלכע זי איז געווען געבויט ביז אַהער, וואָלטען מיר אפשר גאָר נישט ניט געהאַט געגען די אַלטע מעטאָדען, וואָס מען האָט אָנגעווענדעט ביי איהר אויפבוי. דער גרונד־פּרינציפּ פון דער אַלטער אידישער קולטור איז געווען דער רעליגיעזער יודאאיזם אין אזא אָדער אן אנדער פאָרם. פאַר דעם רעליגיעזען געדאַנק איז באמת ניט קיין גרויסע נפקא מיניה, אין וואָס פאַר א שפּראַך ער ווערט אויסגעדריקט, אויב נאָר זיין רייכטהום און אייגענאַרטיגקייט טרעט אַרויס קלאָר און שאַרף. מיר האָבען אָבער דאָ אין אויג די נייע, פ ר י י ע, וועלטליכע קול־טור, צו וועלכער דאָס פאָלק דאַרף שטרעבען, אויב עס וויל ווייטער לעבען אויף דער וועלט, ווי א פאָלק, — יענע קולטור, וואָס מוז אויפגעבויט ווערען אויף דעם זעלביגען פּראָגרעסיווען אַלגעמיין־מענשליכען יסוד, ווי ביי אַלע אַנדערע קולטורען פון די פּראָגרע־סיווע פעלקער.

מיר ווילען דערמיט בשום אופן ניט זאָגען, אז אין א וועלט־ליכער אידישער קולטור דאַרף דאָס רעליגיעזע לעבען און שאַפען גאָר קיין ראָלע ניט שפּיעלען. דאָס וואָלט געווען א געפעהרליכער

טעות. די רעליגיאָן און דאָס פרייע רעליגיעזע שאַפען איז א נ י ט ו ו ע נ ד י ג ע ר צווייג פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, און טאָר, און וועט געוויס אויך ניט פעהלען אויך ביי דעם אידישען בוים. מען קאָן געהן נאָך ווייטער און זאָגען, אַז אַ דאַנק די אויסערגעוועהנליכע רעליגיעזע פעהיגקייטען פון אונזער ראַסע, וועט דער רעליגיעזער צווייג זיך נישט האָבען צו בעקלאָגען אויף ניט גענוג לעבענס־זאַפט, וואָס וועט צוגעפיהרט ווערען צו איהם פון אַלגעמיינעם שטאַם. אָבער אַ צווייג, — אַ רייך־געשפּייזטער צווייג, אויב איהר ווילט, — און ניט מעהר, ווי אַ צווייג, זאָל די אידישע רעליגיע זיין אין אונזער קולטורעלען לעבענס־בוים. אין דער אַלטער קולטור אָבער האָט די רעליגיע געשפּיעלט די ראָליע פון די וואָרצלען אין דעם אַלגעמיינעם שטאַם, און די איבעריגע צווייגען האָבען געקאָנט נאָר אויף אַזוי פיעל לעבען און זיך פאַנאַנ־דערוואַרפען, אויף וויפיעל זיי האָבען געזויגען חיונה פון דעם רע־ליגיעזען שורש און יסוד.

די וועלטליכע אידישע קולטור, — דאָס פערוואַנדלען די רע־ליגיע פון אַ וואָרצעל אין אַ צווייג, — איז יענע ג י י ס ט י ג ע ר ע וו א ל ו צ י ע, וואָס ווערט איצטער דורכגעמאַכט פון אונ־זער פאָלק און וואָס מוז דורכגעפיהרט ווערען, אויב דאָס אידישע פאָלק האָט נאָך אין זיך נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע לעבענס־כחות.

פאַר אַזאַ וועלטליכע, פרייע און פּראָגרעסיווע קולטור קאָן אָבער ניט זיין גלייכגילטיג, אין וואָס פאַר אַ שפּראַך זי זאָל זיך ענטוויקלען.

אויב דאָס אידישע פאָלק האָט אין זיך כחות צו לעבען אַ מאָ־דערנעם פּראָגרעסיווען לעבען, מוז עס אָנוועגדען אַלץ, וואָס עס פערמאָגט, כדי זיין קולטור זאָל זיין אַן אַל־זייטיגע, אַ רייכע און אַ פרוכטבאַרע.

אַן א ל ז י י ט י ג ע קולטור הייסט — אַז קיין צווייג פון דעם מענשליכען פּראָגרעסיווען שאַפען זאָל ניט פעהלען אין איהר, פון דער טעכניק און די אופנים פון דער מענשליכער אַרבייט ביז צו די איידעלסטע און פיינסטע פּראָדוקטען פונ'ם וויסענשאַפט־ליכען, פילאָסאָפישען, קינסטלערישען און רעליגיעזען געדאַנק, — א ל ע אויסגעשטאַלטונגען פון דעם מענשליכען שאַפענדען גייסט מוזען אין איהר זיין פערטראָטען.

א ר י י כ ע קולטור האבען מיר יעמאלט, ווען יעדער צווייג און אבצווייג פון איהר איז אויסגעוואקסען ביז צו יענער מדרגה, אויף וועלכע עס קאן זיך ארויפשווינגען דער מענשליכער שאפענ־דער גייסט צו דער געגעבענער צייט.

און א פ ר ו כ ט ב א ר ע קולטור ווערט זי, ווען איהר אל־געמיינער מעמד דרינגט דורך אין א גרעסערען אדער קלענערען מאס א ל ע שיכטען פון דער געזעלשאפט און רופט ארויס צו טהע־טיגקייט די פערבארגענסטע שאפונגס־כחות פון דעם פאלק.

אזא אלזייטיגע, רייכע און פרוכטבארע קולטור איז אבער ביי א ניט־טעריטאריאלען פאלק, ווי די אידען זענען, אנדערש ניט מעגליך, סיידען זי זאל אין גאנצען געשאפען ווערען אין דער שפראך פון דעם פאלק.

און אין דער אמת'ען! בעטראכט, וואס ווערט פון דער אל־זייטיגקייט פון דער אידישער קולטור, ווען מיר לאזען צו, אז די אידישע אינטעליגענץ זאל שאפען קולטור ניט נאר אין דער אידי־שער שפראך, נאר אויך אין דער לאנד־שפראך.

נעהמט, צום ביישפיעל, די מ א ט ה ע מ א ט י ק. א סך אונטערזוכונגען האבען בעוויעזען קלאר ווי דער טאג, אז אידען קאנען ארויסגעבען אויסגעצייכענטע מאטהעמאטיקער. ווערנער זאמבארט, צ. ב., גלויבט, אז גראד די אבסטראקטע מאטהעמאטיק איז דאס פעלד, פאר וועלכעס דער אידישער מוח איז בעזאנדערס מסוגל. און פראפעסאר מעביוס, וואס האט געשריעבען א ספע־ציעלען ווערק וועגען דער פעהיגקייט צו מאטעמאטיק, וויל גאר האבען, אז דער אידישער מוח ברענגט ארויס זיינע מאטעמאטישע שאפונגען אויף א גאנץ בעשטימטען אופן, וואס איז פערשיידען פון דעם דייטשען און נעהנטער צו דער פראנצויזישער ארט. אויף דעם אידישען קולטור־בוים וואלט דער מאטעמאטישער צווייג זיך שעהן פאנאנדערגעוואקסען. אבער ווי נאר איהר גיט צו, אז דער אידישער מאטעמאטיקער זאל שאפען און פערעפענטליכען זיינע ווערק אין דער לאנד־שפראך, אזוי מוזט איהר צוגעבען, אז זיינע פראדוקטען זאלען רייכער מאכען די פרעמדע קולטור און פערלארען געהן גראד פאר דער אידישער.

איך האב ניט לאנג געלייענט אין אן ענגלישען ביכעל, וואס רופט זיך „דזשואיש אטשיוומענטס" („אידישע אויפטואונגען"),

אז דער בעריהמטער רוסישער מאַטעמאַטיקער לאָבאַטשעווסקי איז געווען אַ איד. איך וויים ניט, פון וואַנען ער נעהמט עס. דעם אמת געזאָגט, גלויבט זיך דאָס מיר ניט. אזא זאַך וואָלט נעמוזט קלינגען. צו גרויס איז לאָבאַטשעווסקי'ס ראָלע אין דער גאַנצער ענטוויקעלונג פון דער מאָדערנער מאַטעמאַטיק, אז דער פאַקט פון זיין אידישער אָבשטאַמונג זאָל בלייבען פערבאָרגען פאַר דער וועלט. אונזערע אַסימילאַציאָנס־שדכנים וואָלטען אַזאַ בריליאַנט שוין לאַנג אריינגעגעבען אין נדן ביי דעם שדוך צווישען דער פרינצעסין „כנסת־ישראל" און דעם רוסישען פאָלק. אָבער שטעלט זיך אַ מינוט פאַר, אז לאָבאַטשעווסקי איז באמת געווען אַ איד. וואָס האָט פון איהם די אידישע קולטור? דער נאַציאָנאַלער זין פון זיין גאַנצען שאַפען איז, וואָס ער האָט פאַר די רוסען עהוואָרבען די רעפּוטאַציע פון גוטע מאַטעמאַטיקער און האָט רייך געמאַכט דעם צווייג פון זייער קולטורעלען בוים. פאַר דעם אַסימילאַטאָר איז דאָס קיין שאלה ניט. ער וויל דאָך, אז דאָס גאַנצע אידישע פאָלק זאָל אין רוסלאַנד לעבען נאָר פון דעם רוסישען בוים. אָבער ווי זעהט ניט איין דער נאַציאָנאַליסט, וואָס וויל האָבען אַן אייגענע אידישע קולטור, אז ביי אַזאַ לאַגע, וועלכע ער געפינט פאַר נאָרמאַל, מוז אין דעם אידישען קולטור־בוים קודם כל פעהלען די מאַטעמאַטיק.

און אַקוראַט אזוי ווי מיט דער מאַטעמאַטיק, מוז עס זיין אויך מיט אַלע אַנדערע פּראָדוקטען פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, וואָס האָבען ניט קיין דירעקטע שייכות צו די ספּעציפישע נאַציאָנאַלע ערשיינונגען פון דעם אידישען לעבען. ניט די אַלגעמיינע וויסענשאַפטען, ניט די אַלגעמיינע פילאָסאָפיע, ניט די זעלבסטשטענדיגע אונטערזוכונגען פון דער סאָציאָלאָגיע, — קיין זאַך ניט פון דעם, וואָס האָט באמת אַן אַלגעמיין מענשליכען ווערט, קאָנען יעמאָלט ניט זיין פערטראָטען אין דער אידישער ליטעראַטור. בעשריעבען אין דער לאַנד־שפּראַך, וועלען אָט די אַלע ווערק פּשוט צוגעשריעבען ווערען צו דער קולטור פון דעם הערשענדען פאָלק, און איהר וועט דערנאָך זיך דאַרפען גראָבען אין די „מעטריקעס" און קלינגען אין אַלע גלאָקען, אז קאַרל מאַרקס און פויל עהרליך זענען אידען...

אָבער אפילו אז דער פאַקט זאָל שוין ווערען אומעטום בע־

קאנט, — וואס האט די אידישע קולטור פון זיי? אוןווארפט איהר אראב אלע ריין־מענשליכע צווייגען פון דער קולטור, — וואס ועט בלייבען יעמאלט ביי אונז אין דער היים? וואס מוז ווערען דער אינהאלט פון דער אידישער קולטור? בעלעטריסטיק, אידישע געשיכטע, דאס שטודיום פון דעם אידישען פאלק — הויבט זיך אן מיט זיי און לאזט זיך אויס מיט זיי. ווי רייך אט די צווייגען זאלען זיך נישט פאנאנדערוואקסען, וועט קיין פערנינפטיגער מענש ניט רעכענען, אז די אידישע קולטור וועט יעמאלט זיין אן אלזייטיגע.

אבער אן איינזייטיגע קולטור מוז אין דערזעלביגער צייט זיין אויך אן ארעמע און אן אונפרוכטבארע...

.2

אין גאנצען אבטרייסלען זיך פון אלע אלגעמיין־מענשליכע צווייגען האט אפילו אונזער ארעמער אידישער קולטור־בוים בשום אופן ניט געקאנט. אויך אין אידיש קאנען מיר בעמערקען דעם אנהויב פון א ריין מענשליכער, וועלטליכער קולטור. מען קאן שוין אנווייזען אויף איינינע צווייגען איהרע, וואס עקזיסטירען ביי אונז, אויב ניט דורכאוים אין אריגינעלע בעשאפונגען, איז, לכל הפחות, אין איבערזעצונגען, וואס עטליכע פון זיי זענען אויסגעצייכענט און די איבריגע — מעהר אדער ווענינער צו דערטראגען.

די אמעריקאנער אידישע זשורנאלען ברענגען גאנץ אפט ארטיקלען וועגען פילאסאפיע, אלגעמיינע געשיכטע, אלגעמיינע ליטעראטור, נאטור־וויסענשאפטען, סאציאלע און היסטארישע פראבלעמען. עס זענען שוין דא אויך איינינע ביכער און ביכלעך, וואס האבען צו טהאן מיט די דאזיגע ענינים. אין ארגענטיניען געהט ארוים א וואכענבלאט, וואס אינטערעסירט זיך שטארק מיט אגריקולטור, און אין אמעריקע איז שוין דא א ספעציעלער אגראנאמישער זשורנאל („דער אידישער פארמער“).

אבער שוין אבגערעדט פון דעם, וואס ניט אלע פעלדער פון דער אלגעמיין־מענשליכער קולטור זענען איצטער פערטראטען אין דער אידישער שפראך, און וואס גאנץ וויכטיגע פעלדער פון דעם

מענשליכען וויסען און שאַפען האָט מען ביי אונז נאָך ניט אָנגעהויבען צו בעאַקערן, — מוזען מיר אַ פּרעג טהאָן די שאלה: וואָס פאַר אַ  ו ו ע ר ט ה  האָבען די פּראָדוקטען פון אונזער אַלגעמיין־מענשליכען שאַפען?

אויף דער פראַגע קאָן מען געבען נאָר איין ענטפער, און ליידער איז דער ענטפער זעהר ניט קיין פרעהליכער. די אידישע קולטור איז ניט נאָר אונענדליך ווייט פון אַל־זייטיג; זי איז — השם ירחם! — אַ דלפנ'יש אָרעמע. גראָד אין איהרע אַלגעמיין־מענשליכע טיילען, וואָס האָבען ניט צו טהאָן מיט דעם ספּעציפיש־אידישען לעבען און זיינע נויטען, איז זי געצוואונגען צו דערנעהרען זיך פון ברעקלעך, וואָס וואָלטען ביי רייכערע פעלקער זיך געוואַלגערט אונטער'ן טיש, און פון איבערפלעכליכע וואַסעריגע פּאָפּולאַריזאַציעס, וואָס מיט זיי פערפלייצען אונזערע עם־הארצים דעם אידישען מאַרק.

אַזאַ צושטאַנד איז אַן אונפערמיידליכער פועל־יוצא פון דער איינזייטיגקייט פון דער אידישער קולטור, און אויך דירעקט שטאַמט ער אָב פון יענעם פאַקט, וואָס אין דעם אידישען קולטורעלען שאַפען קאָנקורירט מיט אונז די ניט־אידישע שפּראַך. זי נעהמט ביי אונז אַוועק ניט נאָר דעם שאַפענדען זשעניע, זי רייסט פון אונז אָב אויך יענע כחות, וואָס וואָלטען לכל הדעות געמאָנט בלייבען אין דער היים: די בעסערע  ט ר ע ג ע ר  און  פ ע ר־ש פּ ר י י ט ע ר  פון דער מענשליכער קולטור. און דאָס איז מחמת דעם פשוט'ען טעם, וואָס אויף אַ בעסערען פּאָפּולאַריזאַטאָר איז אויך די ניט־אידישע וועלט ניט קיין שלעכטער בעלן. זיין אַ טאַלאַנטפולער, וויסענשאַפטליך־געבילדעטער פּאָפּולאַריזאַטאָר איז זעהר אַ הויך־שטעהענדע, בכבוד'ע אומנות, וואָס די אַרומיגע וועלט פערשטעהט בעסער צו שעצען און צו בעצאָהלען, איידער די היימישע גייסטיגע און מאַטעריעלע אָרעמקייט. אַ חוץ דעם קאָן מען זיין אַ גוטער פּאָפּולאַריזאַטאָר און אפילו אַן איבערזעצער נאָר אין די ענינים, וואָס מען ליעבט, און אין יענער שפּראַך, וואָס איז איינגעבאַקען אין הארצען. געפינען מיר פאַר נאַטירליך, אַז שעפּפערישע טהעטיגקייט אין די אַלגעמיין־מענשליכע צווייגען פון דער קולטור דאַרף אויך אויף ווייטער ניט האָבען קיין ברעקעל שייכות צו דער אידישער שפּראַך, מוז מען ממילא אויך צוגעבען, אַז מענ־

שען זאָלען איינזויגען די ליעבע צו יענע ענינים אין דעם פרעמדען לשון, און איהר טאָרט ניט נעהמען פאַר אומגוט, ווען זייערע אויס־טייטשונגען, דערקלעהרונגען און פירושים קוואַלען אין זיי אַן אויך טאַקע אין דעמזעלביגען פרעמדען לשון.

אויף אזא'ן אופן, קאָן עס ניט זיין אנדערש: דער נאַטירליכער אָבקלייב פון די קרעפטען מוז ברענגען דערצו, אַז אין דער היים זאָלען בלייבען דאָס רוב צרה'דיגע מיטעלמעסיגקייטען אָדער נאָך ערגער: לא יוצלח'דיגע עם־הארצים, אין וועמעס הענד עס מוז איבערגעגעבען ווערען דער גורל פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קול־טור ביי דעם אידישען פאָלק. ווי „רייך“ אַזאַ קולטור מוז זיין, קאָן יעדער אַליין זיך לייכט משער זיין.

איך ווייס, מען קאָן דערויף געבען אַ ריין פאָרמאַלען ענטפער, אַז אין דער דאָזיגער אָרעמקייט איז שוין אייגענטליך ניט שולדיג די איינזייטיגקייט פון דער קולטור, נאָר אדרבה דער פאַקט, וואָס די איינזייטיגקייט קאָן ניט דורכגעפיהרט ווערען בתכלית השלמות. לאָמיר אָבהאַקען אַלע צווייגען, וואָס האָבען קיין שייכות ניט צו דעם ספּעציאַל אידישען לעבען און צו דער בעלעטריסטיק; לאָמיר זעהן, אַז יעדער איד זאָל, חוץ זיין אידיש, קענען אויך די אייראָ־פּעאישע שפּראַך פון זיינע שכנים, און ממילא וועט ער, אין ריין מענשליכע ענינים, גאָר ניט דאַרפען אָנקומען צו אידיש און צו דער היימישער אידישער עם־הארצות. זיין נאַציאָנאַל־אידישען לעבען וועט ער יעמאָלט קאָנען ענטוויקלען אין יענע וועניגע צווייגען, וואָס זענען נאָך מסוגל פאַר אידיש, און אויב די אידישע קולטור וועט, אמת, בלייבען איינזייטיג, וועט זי זיך דערפאַר קאָנען וואָס רייכער ענטוויקלען.

איך וועל זיך דאָ ניט אָבשטעלען אויף דעם געדאַנק פון פאַ־נאַנדעררייסען דעם אידען אויף צוויי העלפט, דעם מענשען און דעם אידען, און פון צואייגען די בעדערפעניסען פון דיביידע העלפטען לויט דער אַלטער משכילים'שער פאָרמעל: „היה אָדם בצאתך וישראל באהליך“ (זיי אַ מענש אין גאַס און אַ איד ביי זיך אין דער היים). די פאָרמעל איז שוין גענוג קריטיקירט געוואָרען. גראָד די איינהייטליכקייט פון „איד און מענש“, וואָס צו איהר שטרעבט אונזער איצטיגער דור, פערוועהרט אונז וויעדער אריינצופאַלען אין

דעם אונגליקליכען דואַליזם פון אונזערע אויפגעקלעהרטע טאַטעס און זיידעס.

אויך רעכען איך פאַר איבעריג צו בעווייזען, אז אזא געדאַנק איז ניט מעהר ווי אַן אוטאָפּיע, וואָס קאָן קיינמאָל ניט דורכגע־פיהרט ווערען אין לעבען. די קולטורעלע בעדערפעניסען פון די מאַסען, וואָס קאָנען בעפריעדיגט ווערען נאָר אין אידיש, וועלען אַבטהאָן דעם נאַציאָנאַלען דואַליזם דאָס זעלביגע שפּיצעל, וואָס זיי האָבען אָבגעשפּיעלט אונזערע אסימילאַטאָרען: זיי וועלען איבערקעהרען די לאַגע מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס ארויף. וואו עס איז דאָ א פערלאַנג, מוז זיין אַן אָנבאָט, און אז די מאַסען פערלאַנגען אַלגעמיין־מענשליכע קולטור, וועלען זיך שוין געפינען בעלנים אויף צו בעפריעדיגען זי אזוי גוט, ווי זיי וועלען דאָס קאָ־נען. אבסאָלוט איינזייטיג קאָן די אידישע קולטור ניט געמאַכט ווערען, און דעריבער קאָן מען ביי דער דאָפּעל־שפּראַכיגקייט ניט בעפרייען זי פון אָרעמקייט.

עס איז נאָך וויכטיגער צו האָבען אין אויג, אז אפילו יענע צווייגען פון דער קולטור, וואָס בלייבען איבער אין דער היים, מוזען אויך ליידען פון זייער איינזייטיגקייט און דער אַלגעמיינער אָרעמ־קייט, וועלכע איז מיט איהר פערבונדען. דאָס ווערט אין גאַנצען קלאָר, ווען מען בעטראַכט דעם ענין אין איינעם מיט דעם פונקט פון דער אונפרוכטבאַרקייט, וואָס איז שטאַרק פער־בונדען מיט דער אָרעמקייט.

די קולטור פון א פאָלק קאָן געגליכען ווערען צו א וואַסער־באַסיין, וואוהין עס גיסען זיך צונויף אלע שטראָמען פון דעם פאָלקס־שאַפען. אין דעם באַסיין מישען זיי זיך אויס, דרינגען אריין איינער אין דעם אַנדערן, בעררייכערן און בעפרוכטען איינער דעם אַנדערן. יעדער שטראָם ווירקט אויף אַלע איבעריגע און בע־קומט די ווירקונג פון אַלע איבעריגע. קיין טייל פון זיי ענטוויקעלט זיך ניט אָהן דער השפעה פון אַלע זיינע חברים. די מאַטעמאַטיק, צ. ב., ווירקט אויף דער טעכניק, אויף די נאַטור־וויסענשאַפטען און אפילו אויף די סאָציאַלע וויסענשאַפטען; די טעכניק ווירקט אויף די עקאָנאָמישע ערשיינונגען און ממילא אויך אויף דאָס געזעל־שאַפטליכע לעבען און אַלע זיינע גייסטיגע פּראָדוקטען ביז צו דער קונסט, דער פילאָסאָפיע און דער רעליגיאָן.

פון יענעם באַסיין גיסען זיך אַרויס די וואַסערן צוריק אין שטראָמען, טייכען, קאַנאַלען און רינעס צו די פערשיידענע טיילען פון דער שאַפענדער אינטעליגענץ און צו אַלע שיכטען פון דער געזעלשאַפט. די השפּעה פון דער אַלגעמיינער קולטור זויגט זיך דורך ביז צו די ניעדעריגסטע און טונקעלסטע שיכטען פונ׳ם פאָלק.

דעם פויער׳ס קינד, לאָמיר זאָגען, בעקומט זיין ערציהונג אין דער פאָלקס־שול. זיין לעהרער האָט שוין דורכגעמאַכט אַ מיטעל־שול, און דעם לעהרער׳ס לעהרער איז שוין געגאַנגען אין אַ הויך־שול, אַן אוניווערסיטעט, וואו ער איז געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון מענשען, וואָס האָבען דירעקט געשעפּט זייער וויסען און זייערע אַנשויאונגען פון דעם אַלגעמיינעם באַסיין. דאָס קינד איז אויסגעוואַקסען און לייענט אַ ווינקעל־בלעטעל פון דעם נידעריגסטען סאָרט. אָבער דער „שמירער“ פון דעם ווינקעל־בלעטעל האָט אויך ערגעץ וואו בעקומען זיין ערציהונג, אָפּטמאָל אין אַ מיטעל־שול, זעלטענער אין די ערשטע קורסען פון אַ הויך־שול, — קורץ, אין אַ וועלכען עס איז אַנשטאַלט, וואָס איז מעהר אָדער ווייניגער דירעקט פערבונדען מיט דעם אַלגעמיינעם מקור. און אויף אַזאַ׳ן אופן, קאָן קיינעם׳ס אַרבייט פאַר דער קולטור ניט פאַרפאַלען געהן אָהן אַ וועלכען עס איז רושם אויף דער פאָלקס־נשמה. אפילו די טרוקענסטע און אַבסטראַקטעסטע אונטערזוכונגען פון אַ וועלכער עס איז אַלט־גריעכישער שפּראַך־פאָרם ווערען אויך צוגאַנגען אין דעם אַלגעמיינעם באַסיין, און אַן אַטאָם פון זייער גייסטיגער ווירקונג, ווען אפילו ניט קיין קענטליכער, זויגט זיך דורך ביז צו די פערוואָרפענסטע ווינקעלעך פון דעם לאַנד.

אַליין אַ פּראָדוקט פון דעם פאָלקס־שאַפען, ווערט די קולטור די גייסטיגע שפּייזערין פון דעם פאָלק און וועקט אומעדום אַלע זיינע שאַפענדע כחות — אין יעדער שיכט פון דער געזעלשאַפט, לויט די בעדינגונגען, אין וועלכע זי געפינט זיך. אָבער אפילו אין די אומגליקליכסטע און טונקעלסטע טיילען פונ׳ם פאָלק ווירקט די אַלגעמיינע קולטור דורך אַלע איהרע זייטען, אָפט — אויף אַן אומבעוואוסטען און שווער צו קאָנטראָלירענדען אופן; אויך דאָ פערליערט זי ניט אין גאַנצען איהר בעפרוכטענדע קראַפט. און ווי אָפט קומט עס פאָר, אַז אפילו אונטער די איצטיגע שווערע עקאָנאָמישע אומשטענדען גיט זיך איין אַ וועלכען עס איז זשעניע פון

פאָלק, בעפרוכטעט פון דער אַלגעמיינער קולטור, אויפצוהויבען זיך איבער דער גייסטיגער אָרעמקייט פון זיין קלאַס און ארויפצושווינגען זיך ביז צו די העכסטע שפּיצען פון בילדונג, וויסענשאַפט אָדער קינסטלערישען שאַפען.

דער פאַקט, וואָס אַלע טיילען פון דער קולטור זענען צונויפגעגאָסען אין איינעם און וואָס אַלע שיכטען פונ'ם פאָלק זענען ארומגענומען מיט איין שפּראַכליכער אַטמאָספערע, מאַכט מעגליך די בעפרוכטענדע ווירקונג פון איין טייל אויף דעם אַנדער טייל.

גאַנץ אַנדערש מוז עס זיין, ווען אַ פרעמדע קאָנקורירענדע שפּראַך גראָבט אוים אַ טיעפען תהום צווישען די אַלגעמיין־מענשליכע און די נאַציאָנאַלע זייטען פון דער קולטור. ניט נאָר די רייכקייט פון דער קולטור געהט דערביי פערלאָרען, נאָר אויך איהר פרוכטבאַרקייט ווערט צושטערט. יעדעם, ווענען עס ווערט ענג אין די אָרעמע ניעדערונגען פון דער היימישער קולטור, רייסט זיך מיט אַלע כחות פון איהר אַוועק, כדי צוצושטעהן צו דעם רייכערן לעבען פון דער פרעמד — און אין דער היים בלייבט אַ זומפּ, דער זומפּ, וואָס איז איצטער אַלעמען אַזוי בעקאַנט.

אָבער אין אַ זומפּ וואַקסען נאָר זומפּ־פּלאַנצען, און ממילא מוזען אויך די טיילען פון דער קולטור, וואָס בלייבען אין דער היים, — בעלעטריסטיק, יודאאיקא, פאָלק־לאָר, — פיהרען אַ האַרטען קאַמפּף, כדי ניט צו פערזומפּפען...

נאָר דער, וואָס האָט אַליין געהאַט די צווייפעלהאַפטע זכיה אייניגע יאָהר נאָכאַנאַנד עטהעמען אין דער אַטמאָספערע פון דער אידישער קולטור, קאָן ניט נאָר פערשטעהן, נאָר אויך מיט אַלע נערווען דורכפיהלען דעם טראַגיזם פון יענע פריש־אויסשפּראָצענדע כחות, וואָס זענען געצוואונגען, אַ דאַנק דער אָרעמקייט פון דער אידישער קולטור, אויסצוגעהן אין דעם אייגענעם זומפּ. די פערוואַנדלונג פון די שטעהענדיגע, פערוואַקסענע וואַסערן אין לעבענשפּרודלענדע שטראָמען קאָן געשעהן נאָר יעמאָלט, ווען עס וועט אָבגעשאַפט ווערען דער דואַליזם פון די אַלגעמיין־מענשליכע זייטען און די נאַציאָנאַלע זייטען פון דער אידישער קולטור, ווען אַלע וועלען זיך צונויפגיסען אין איין באַסיין, און ווען עס וועט דורכגעצויגען ווערען אַ נעץ פון קאַנאַלען, וואָס זאָל דורכשניידען און

בעפרוכטען אלע שיכטען פון דעם פאלק. דאס קאן אבער געשעהן גאר דורך דאס מיטעל פון אן איינהייטליכער שפראך.

אין דער פראגע פון אידיש טאר מען דעריבער ניט צולאזען קיין קאמפראמיסען, אויב מען וויל אין דער אמת'ען ארויסרייסען זיך פון דער אונמענגליך געווארענער לאגע. טראכט זיך גוט אריין אין דעם מעמד פון יענער שעהנער ליטעראטור, וואס איז בעשאפען געווארען אין אידיש אין דער לעצטער צייט. ווארפט אראב פון חשבון יענע „גדולים", וואס זענען געקומען צו אונז אדער פון העב־רעאיש אדער פון א וואסער עס איז אייראפעאישער שפראך, און זעהט: וואס פאר א מאסע קינסטלערישע פעהיגקייטען, אפילו אמת'ע טאלאנטען, און וואס פאר דערריגע, בלייכע, בלוטלאזע פראדוקטען! איהר פיהלט, אז מענשען האבען ניט, מיט וואס צו עטהעמען אין דער היים, און אז די אלגעמיינע ארעמקייט פון דער קולטור זויגט אויס דעם לעצטען תמצית לעבען אויך פון יענע צווייגען איהרע, וואס צוליעב זיי האבען אפילו די שונאים צוגעגעבען, אז די „זשארגאנישע" ליטעראטור האט א רעכט אויף א זעלבסט־שטענדיגע עקזיסטענץ. ממילא פיהרט די איינזייטיגקייט פון דער קולטור צו אן אלגעמיינער ארעמקייט און אונפרוכט־בארקייט.

אן אלזייטיגע, רייכע און פרוכטבארע קולטור אין אידיש איז דעם אידישען פאלק נויטיג נאך מחמת אן אנדער טעם.

מיר מאגען אפשר אלע זיין גרייליך אונצופריעדען מיט דעם פאקט, וואס די מענשהייט בעשטעהט פון איינצעלנע פעלקער. אבער מיר מוזען זיך רעכענען מיט איהם. און דער פאקט ברענגט מיט זיך, אז ביי דער געבילדעטער מענשהייט האט זיך אויסגע־בילדעט א שאץ־מאס, מיט וועלכען זי שאצט אב דעם ווערטה פון יעדען איינצעלנעם פאלק, זיין חשיבות אין דער אלגעמיינ־מענשליכער משפחה. יעדעס פאלק האט זיין ווערטה, זיין ספע־ציפישען וואג, אויב מען קאן זיך אזוי אויסדריקען.

א מאל, אין די אלטע צייטען, פלעגט די וואג אויסגערעכענט ווערען לויט די גבורות, וועלכע א פאלק בעווייזט אויף דעם שלאכט־פעלד אדער אין דער צווישען־פעלקערליכער דיפלאמאטיע. דער מיליטעריש־דיפלאמאטישער פרובשטיין פון חשיבות איז נאך ניט פערשוואונדען אין גאנצען. אבער אויף זיין ארט איז שוין אויס־

געזואַקסען אַן אנדער מאָס־און־וואָג, וואָס וועט לגמרי פערטונקעלען דעם אַלטען מיליטעריש־דיפּלאָמאַטישען גלאַנץ. דאָס איז — די ראָלע פון א פאָלק אין דער אויסארבייטונג פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען פּראָגרעס, זיין כוח און ענערגיע אין בעשאַפען און פער־שפּרייטען קולטור. נצחונות אויף דעם פעלד פון וויסענשאַפט, ליטעראַטור, קונסט, סאָציאַלע געזעצגעבונג און פאָלקס־בילדונג שפּיעלען שוין איצטער א גרויסע ראָלע ביי דעם אָבשאַצען די חשיבות פון א פאָלק און ביי דעם בעשטימען יענעם גראַד כבוד און דרך־ארץ, וואָס פאַלט אוים אויף זיין גורל.

דאָס קליינע פערוואָרפענע נאָרוועגיען האָט אָהן אַלע מיליטע־רישע גבורות זיך ערוואָרבען א רעספּעקט, וועלכען א סך גרעסערע מיליטערישע נאַציאָנען מעגען איהר מקנא זיין. און ערוואָרבען האָט זי עס זיך „לא בחיל ולא בכח, כי אם ברוח“: ניט מיט פּיזישער מאַכט, נאָר מיט גייסטיגער קראַפט אויף דעם פעלד פון דער נאָרוועגישער קולטור. נאָך אינטערעסאַנטער איז דער ביי־שפּיעל פון דעם מיקראָסקאָפּישען פינלאַנד. מיליטעריש אָבגע־שעצט, איז פינלאַנד א פליעג, אָבער דאָס קליין לענדעלע שטעהט קולטורעל זעהר הויך, א סך העכער איידער רוסלאַנד, און די סימ־פּאַטיען פון דער גאַנצער געבילדעטער וועלט זענען אויף דער זייט פון פינלאַנד.

נו, וואָס פאַר א וואָג האָט דאָס אידישע פאָלק אין דעם צווי־שען־פעלקערליכען בעוואוסטזיין פון דער ציוויליזירטער מענשהייט? וואָס פאַר א חלק כבוד און דרך־ארץ פאַלט אוים אויף זיין גורל?

מיט ביטערניס און שאַנד מוזען מיר זיך מודה זיין: אונזער וואָג איז גלייך נול, אונזער כבוד ווערט געטראָטען מיט די פיס פון יעדען איינעם, וואָס פוילט זיך ניט. דרך־ארץ פאַר אונז האָט קיינער ניט... ווי אַזוי קומט דאָס? וואָלט מען צונויפגערעכענט אין איינעם אַלע, וואָס די קינדער פון אונזער פאָלק האָבען אריינ־געטראָגען און טראָגען אריין אין דעם אַלגעמיינעם אוצר פון דער מענשליכער ציוויליזאַציע, וואָלט אונזער וואָג בעדאַרפט זיין גאָר־גאָר פון די געהויבענע.

דער תירוץ איז, אַז דאָס צווישען־פעלקערליכע בעוואוסטזיין רעכענט זיך ניט מיט דער ראַסע אָדער דער רעליגיע פון דעם, וואָס בעשאַפט קולטור. זי רעכענט זיך מיט דער קולטורעלער

פ י ר מ א, אויף וועמעס חשבון עס ווערן פערשריעבען די פּראָ־דוקטען. וועמען ארט דאָס, וואָס היינע און בערנע, לאַסאַל און מאַרקס, ריקאַרדאָ און עהרליך זענען אידען? וועמען ארט דאָס, וואָס טיעפערע פאָרשער דערקענען אין זייער שאַפען קלאָרע סמנים פון דעם אידישען גייסט? ריקאַרדאָ איז צוגעשריעבען צו דער ענגלישער קולטור, די אַנדערע — צו דער דייטשער קולטור, און זייער גאַנצע וואָג געהט אַוועק אויף צו פערגרעסערן די חשיבות און דעם ווערטה פון יענע פירמען, צו וועלכע זיי זענען צוגע־שריעבען.

די ש פּ ר אַ ך איז דער בולט'סטער און קלאָרסטער אויסדרוק פון אַ זעלבסטשטענדיגער קולטורעלער בעל־הבית'ישקייט, און כל זמן די אידישע אינטעליגענץ וועט שאַפען אין אַ פרעמדער שפּראַך, — זי, די אינטעליגענץ, מעג זיין ווי אידיש־נאַציאָנאַל געזאָנען; נאָך מעהר! איהרע פּראָדוקטען מעגען זיין ווי דורכגעדרונגען מיט דעם אידישען גייסט, — וועט איהר שאַפען פעררעכענט ווערען צו דער פרעמדער שפּראַך, און אונזער חשיבות וועט בלייבען שטעהן אויף דערזעלביגער מדרגה, אויף וועלכער זי שטעהט איצטער.

איך ווייס ניט, אויב די וויכטיגקייט פון דעם פּונקט איז פאַר אַלעמען גאַנץ קלאָר. איך ווייס ניט, אויב אַלע פיהלען דעם שרעק־ליכסטען פון אַלע גלות־שמערצען, דאָס, וואָס אונזער נ אָ מ ע ן איז צו שאַנד און צו שפּאָט, דאָס וואָס אונזער ע ה ר ע ווערט געטראָטען מיט די פיס. איך וויל האָפען, אז דער פּונקט נויטיגט זיך ניט אין ווייטערע דערקלעהרונגען — און אז אויב מיר טהוען נאָך גאָר נישט, כדי אויפצוהויבען אונזער חשיבות און ווערטה אין די גלות־לענדער, איז דאָס ניט, ווייל אונזער עהרען־פּונקט איז חלילה אָבגעשטומפּט, נאָר ווייל מיר ווייסען נאָך ניט דעם ריכטיגען וועג דערצו, אָדער ווייל מיר חלום'ען נאָך בקרוב אין גאַנצען פּטור ווערען פונ'ם גלות, דורך אסימילאַציע, אָדער דורך דער „גאולה שלומה"...

קוים זעהען מיר אָבער איין, אז סיי דער ערשטער, סיי דער לעצטער וועג זענען אוטאָפּיען פאַר דער גאָר ווייטער צוקונפט, מוזען מיר זיך מיט אַ דאָפּעלטען ערנסט אָבשטעלען אויף דעם נע־דאַנק פון אַן אייגענער אַלזייטיגער, רייכער און פרוכטבארער קול־טור אין דער אידישער שפּראַך, וואָס זאָל ניט נאָר אויפהויבען אונ־

זער גייסטיגען מעמד, נאָר וואָס זאָל אונז ביי דער מענשהייט פער־שאַפען יענעם בכבוד'ען פּלאַץ, וועלכען מיר פערדיענען.

שוין די ערשטע שריט אויף דעם דאָזיגען נייעם וועג קאָנען אונז צוגעבען האָפענונג און מוטה. זעהט, וואָס די נייע, נאָך גאָר יונגע אידישע ליטעראַטור האָט שוין אויפגעטהאָן אין דעם פּרט. נעהמט פּרץ'ן, שלום עליכם'ן און שלום אש'ן. וואָלטען די דריי שרייבער געשריעבען אין איינראָפּעאישע שפּראַכען, יעמאָלט וואָל־טען זייערע ווערק געווים בעמערקט געוואָרען, אָבער זיי וואָלטען מיט אַ האָר ניט פערגרעסערט אונזער אייגענעם ווערטה. מען וואָלט זיי פערשריעבען אויף די קאָנטאָס פון יענע פעלקער, אין וועמעס שפּראַך זיי זענען פערפאַסט געוואָרען. איצטער אָבער, אַז זיי ווערען איבערזעצט פון אידיש, אין די ציוויליזירטע מענשהייט שוין געצוואונגען אָבצועפענען אַ נייע קאָנטאָ פאַר דער אידישער ליטעראַטור, פיהרען אַ בעזונ־דער חשבון פאַר אַ נייע קולטור־בעל־הבית'ישקייט, און, לויט דעם חשבון, צו בעשטימען אונזער ספּעציפישע וואָג.

בערעכענט דערנאָך ווי גרויס און חשוב וואָלט שוין געווען אונזער ווערטה, ווען אַלע, וואָס אונזערע קינדער האָבען אין דעם נייצעהנטען און צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט געגעבען דער מענש־הייט, וואָלט לכתחילה געדאַרפט פערשריעבען ווערען אויף אונזער אייגענעם חשבון!

אָ, איך וויים גאַנץ גוט, אַז דאָס איצטיגע אידישע לעבען לאָזט נאָך ניט צו, אַז אין דער היים זאָלען זיך פאַנאַנדערבליהען גרויסע זשעניען, וואָס זאָלען צוציהען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער געבילדעטער וועלט. און ניט זיי, די זשעניען, בעשול־דיג איך דערפאַר, וואָס זיי פערלאָזען די אָרעמע היים און לויפען אין דער רייכער פרעמד. אפילו ניט די טאַלאַנטען. עס הויבט זיך ניט די האַנד צו שיטען קללות אויף די, וואָס קאָנען מעהר ניט שטיקען זיך אין דער שווערער היימישער לופט און וואָס רייסען זיך אַהין, וואו מען קאָן עטהעמען מיט דער גאַנצער, פולער ברוסט.

מיר בעשולדיגען זיי ניט, און נאָך וועניגער ווילען מיר זיי מיט געוואַלט שלעפען צוריק אַהיים.

מיר זאָגען נאָר:

אויב דאָס אידישע פאָלק לעבט, אויב עס האָט נאָך כוחות אין

זיך צו אַ ווייטערדיגער נאַציאָנאַלער ענטוויקלונג, מוז עס ווען עס איז פאַרלאָזען די אַלטע יסודות פון זיין לעבען און אַנווענדען זיין גאַנצע ענערגיע, כּדי צו בעשאַפען אַזאַ נייע, וועלטליכע און פרייע קולטור אין אידיש, אַז זיינע בעסערע קינדער זאָל זיך ניט קאָנען פערוועלען צו לויפען אין דער פרעמד, — אַזאַ קולטור, וואו קיין מענשליכער שאַפענס־צווייג זאָל ניט זיין אויס־געשלאָסען, וואו אַלע קרעפטען זאָלען זיך צונויפקלייבען אין איין באַסיין און בעפרוכטען אַלע טיילען פון דעם פאָלק.

איז דאָס אַ חדוש, וואָס דאָס פאָלקס־בעוואוסטזיין פון די אידישע מאַסען, וועלכע רייסען זיך צו ליכט און בילדונג, האָט האַלב־אינסטינקטיוו אויסגעקליבען דעם דאָזיגען וועג? איז דאָס אַ חדוש, ווען עס האָבען זיך געפונען מענשען, וואָס דאָס האַלב־אינסטינקטיווע שטרעבען פון די מאַסען איז אין זייערע מוחות אָבגעקלעהרט געוואָרען צו אַ בעשטימטען פּראָגראַם?

אַ סך מעהר וואונדער איז, וואָס אַזוי ווייניג אידישע אינ־טעליגענטען האָבען זיך אָוועקגעשטעלט אונטער דער נייער פאָהן; וואָס אפילו די, וואָס זענען שוין יאָ פעראינטערעסירט אין דער אידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, זענען נאָך עד היום טויב צו דעם אַזוי קלאָר קלינגענדען רוף פון דער אידישער נאַציאָנאַלער ענטוויקלונג...

נאָר די, וואָס פערשטעהען דעם טיעפסטען היסטאָרישען מיין פון יענער בעוועגונג, וועלכע מען האָט שוין אַ נאָמען געגעבען „אידישיזם“, נאָר די, וועלכע קאָנען אָבשעצען אויך דעם ברענענ־דיגען פאַנאַטיזם, מיט וועלכען די אידישיסטען קעמפּפען אַנטקעגען זייערע געגנער.

דער קאַמפּף פאַר דער ענטוויקלונג פון אידיש איז דער קאַמפּף פאַר אַ נאָרמאַלער, פרייער, אַלזייטיגער, רייכער און פרוכט־באַרער קולטור פון דעם אידישען פאָלק; דער קאַמפּף פאַר זיין לעבען און ענטוויקלונג, פאַר זיין עהרע און ווערטה.

# רעליגיע און נאציע*)

אלע די, וואס האבען ערנסט געשטודירט די נאציאנאלע פראגע, ווייסען, אז רעליגיע און נאציע זענען, וועניגסטענס ביי די אומות העולם, צוויי דורכאוים פערשיידענע זאכען. איין־און־דיזעלביגע רעליגיע קאן ארומנעהמען א סך פעלקער און איין־און־דאסזעלביגע פאלק קאן איינשליסען אין זיך אנהענגער פון פער־שיידענע רעליגיאנען. דער פראוואסלאוונער גלויבען, צום ביי־שפיעל, נעהמט ארום אזעלכע צוויי פערשיידענע ראסען, ווי די גרויס־רוסען און די גריכען; דער קאטאליציזם הערשט ביי אזעלכע פערשיידענע פעלקער, ווי שפאניער און פוילען, איטאליענער און קראאטען (כארוואטען), אונגארען און עסטרייכישע דייטשען. צוריק זעהען מיר, אז דאס דייטשע פאלק בעשטעהט פון קאטאליקען און פראטעסטאנטען און אז איינינע ס ל א ו ו י ש ע פעלקער אין דער טירקיי זענען צושפאלטען אין זייער גלויבען אויף קריס־טען און מאהאמעדאנער.

א פאלק הערט ניט אויף צו זיין א פאלק, ווען עס בייט אין גאנצען איבער זיין רעליגיע, ווי די גרויס־רוסען האבען ניט אויפ־געהערט צו זיין גרויס־רוסען, ווען וולאדימיר דער הייליגער האט ארויפגעצוואונגען אויף זיי דעם קריסטליכען גלויבען. און א פאלק וואלט געוויס ניט אויפגעהערט צו זיין א פאלק אפילו יעמאלט, ווען עס וואלט זיך אין גאנצען אבגעזאגט פון א וועלכער עס איז רעליגיע. קיין נאציע איז ניט געבונדען צו א בעשטימטער רעליגיע און קיין רעליגיע איז ניט אויף אייביג בעהעפט מיט א בעשטימטער צייט, — דאס איז א כלל גדול אין דער איצטיגער קולטור־וויסענ־שאפט.

פון דעם כלל־גדול וויל מען אבער מאכען אן אויסנאהם צוליעב דאס אידישע פאלק. דער תוך פון דעם אידישען פאלק, זאגט מען, איז ניט קיין אנדער זאך, ווי נאר א בעשטימטער רעליגיעזער

*) אקטאבער, 1911.

גלויבען. „ישראל ואוריתא חד ניּנהו" — אידען און אידישקייט איז איין־און־דיזעלביגע זאַך. ביי די אַסימילאַטאָרען איז אָט דער גרונד־געדאַנקען דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט צוליעב דער אידישער רעליגיע אין גאַנצען אָבגעלייקענט דאָס אידישע פאָלק. די „פרומע" אַסימילאַטאָרען, ווי צ. ב. די רעפאָרמירטע „יהודים", קימערען זיך ניט וועגען די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון דעם אי־דישען לעבען, ווייל זיי האַלטען, אַז אידען זענען נאָר טיילען פון יענעם פאָלק, צווישען וועלכען זיי וואוינען, זיי אַרט נאָר די דער־האַלטונג פון דעם אידישען גלויבען, און על פּי פּרינציפּ וואָלטען זיי נאָר נישט ניט געהאַט וואָס איינצואווענדען, אויב די סינאַ־גאָגען וואָלטען זיך אָנגעפילט מיט גרים פון דער אַרומיגער בע־פעלקערונג און וואָלטען אין גאַנצען פערליערען אַלע אידען פון געבורט. די פרייזיניגע אַסימילאַטאָרען וויעדער גלויבען ניט אין דעם אידישען פאָלק, ווייל זיי לייקענען די אידישע רעליגיאָן.

דער אַסימילאַטאָרישער געדאַנק, אַז עס איז ניטאָ קיין אידיש פאָלק, נאָר עס איז דאָ אַ אידישע רעליגיע, איז אין דער לעצטער צייט אַזוי גרינדליך קריטיקירט געוואָרען, אַז עס לוינט זיך ניט נאָך אַ מאָל צו רעדען באריכות וועגען איהם. אין די פראַגען פון נאַציאָנאַליטעט פערלאָזט מען זיך ניט אויף דעם, וואָס אַ גרופּע פון אַ פאָלק, אָדער אפילו די גאַנצע אומה דענקט וועגען זיך אָדער וויל אַנדערע מאַכען גלויבען וועגען איהר עקזיסטענץ און מהות. אויב אַ גאַנצע גרופּע מענשען בעלאַנגט צו אַ בעשטימטער נאַציע, יעמאָלט ווערט זי ניט נאָר פון זיך אַליין, נאָר אויך פון די אַנדערע נאַציאָנאַלע גרופּען אָנגעזעהן, ווי אַ בעשטימטע נאַציאָנאַלע איינ־הייט. און דער לעצטער סמן איז נאָך אַ קלאָרערער בעוויז פאַר איהר נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, ווייל אין דעם ענין קאָן מען לייכט אָבנאַרען זיך אַליין, עס איז אָבער זעהר שווער אָבצונאַרען דעם אַנדערן. עס איז דעריבער ניט גענוג, ווען אַזאַ גרופּע לייקענט אָב איהר אייגענע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ; זי דאַרף דאָס פּועל'ן אויך ביי די אַרומיגע שכנים. און דאָס האָט זיך אפילו די אַסימילירטע אידען ניט איינגעגעבען. דאָס בעוואוסטזיין פון די פעלקער שיידט אויס די אידען צו אַ בעזונדער פאָלקס־גרופּע און זעהט אין יעדען איינעם אַ פערטרעטער פון זיין נאַציע, אַלץ איינס: געבליבען טריי

דעם אַלטען אידישען גלויבען, אָדער זיך גע׳שמד׳ט, אָדער גאָר געוואָרען אַן אַטעאיסט.

דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דעם אידישען פאָלק ווערט איצטער ניט געלייקענט פון קיין ערנסטען פאָרשער, — אַלע איינס: געגלויבט אין דער צוקונפט פון דער אידישער נאַציע אָדער געמיינט, אַז זי האַלט שוין איצטער אין פערשווינדען.

לאָגיש דורכגעטראַכט, מוז דער געדאַנק פיהרען צו דעם אנדער געדאַנק, אַז עס איז אויך פאַר דער אידישער נאַציע ניט קיין חוב אָנצוגעהערען דוקא צו אַ בעשטימטער רעליגיאָן. ליידער אָבער שטעהט דער געדאַנק ניט גאַנץ קלאָר אפילו פאַר די אויגען פון אידישע נאַציאָנאַליסטען. אַ נייע טעאָריע האָט זיך אויסגעאַר־בייט, אַ נייער אתה־בחרתנו־שטאַנדפונקט ווערט ארויסגעשטעלט, וואָס זאָגט, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אין דעם פּרט ניט גלייך צו אַלע אַנדערע פעלקער: עס איז אַ גייסטיגע נאַציע, — אַ נאַציע, וואָס קאָן נאָר לעבען אין דער אַטמאָספערע פון דעם רעליגיעזען גלויבען. איהר כאַראַקטעריסטישער סמן בעשטעהט אין דעם, וואָס זי ארבייט אויס אַ בעשטימטען רעליגיעזען גלויבען. אידען, — דאָס איז אַזאַ מין פאָלק, וואָס ברענגט תמיד פון זיך ארויס יודענטהום.

„אַז מיר קוקען דורך דעם לאַנגען גאַנג פון אונזער געשיכטע און זעהען צו בעשטימען דעם וועזענטליכען כאַראַקטער פון אונזער פאָלק", שרייבט פּראָפ. י. פריעדלענדער אין זיין ארטיקעל „רעים ענד רעלידזשען" (סעפּאַראַט־אָבדרוק, ז. 5), „יעמאָלט בעמערקען מיר, אַז דער שטריך, אין וועלכען עס בעשטעהט דער בולט׳סטער סמן פון דער אידישער נאַציע און וואָס איז געבליבען אומפער־ביטען דורך אַלע פערענדערונגען, איז בלי ספק זיין רעליגיעזער זין, זיין פעהיגקייט אריינצודרינגען הינטער די וועלט פון ערשיינונגען אין דער ממשלה פון דעם אונזיכטבאַרען, צו בענעהמען די רעאַלי־טעט פון דעם גייסטיגען און דעם מאָראַלישען, הינטער דער ספערע פון דער מאַטעריעלער, מיט דער האַנד אָנצוטאַפּענדער עקזיסטענץ".

אויף אַזאַ׳ן אופן קומען מיר ווידער צו דער אַלטער פאָרמעל: „ישראל ואוריתא חד נינהו", — דאָס אידישע פאָלק קאָן ניט אָב־געשמידט ווערען פון דער אידישער רעליגיע. ווער עס איז ניט קיין איד אין גלויבען, קאָן ניט בעלאַנגען צו דעם אידישען פאָלק.

לאָמיר דעריבער פּרובירען איין מאָל פאַר אַלע מאָל קלאָר ווערען אין דעם ענין פון נאַציע און רעליגיע, כדי צו זעהן, צי קאָנען אידען באמת זיין אַן אויסנאַהם פון יענעם כלל, וועלכען מיר האָבען געפונען פאַר אַלע אַנדערע פעלקער.

איך וויל לכתחילה בעמערקען, אַז איך וועל זיך דערביי ניט רעכענען מיט די גייסטעס־ריכטונגען, צו וועלכע ה' פּראָפ. פריעדלענדער געהערט, און וועלכע גלויבען, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט בעוויעזען דעם וואונדער, וואָס קיין ילוד אשה האָט קיין מאָל ניט בעוויעזען: „אריינצודרינגען הינטער די וועלט פון ערשיינונגען, אין די ממשלה פון דעם אונזיכטבאַרען". איך שרייב פאַר די, וואָס נעהמען אָן נאָר די וועלט פון ערשיינונגען, אָדער וואָס האַלטען לכל הפּחות, ווי איך, אַז ביי די גרעניצען פון יענער ממשלה פון דעם איבערזינליכען זיין האָט דער רבש"ע אַוועקגעשטעלט אַ שטרענגען מלאך, וואָס לאָזט קיינעם אהינצו ניט אריין, — דעם פילאָסאָף עמנואל קאַנט, מיט זיין „קריטיק דער ריינער פערנונפט".

וואָס איז אַזוינס אַ נאַציע? פון אַלע ענטפערס, וואָס קאָנען געגעבען ווערען אויף דער שאלה, איז פאַר אונזער היינטיגען צוועק וויכטיג צו האָבען איין איינציגען פונקט אין אויג. אַ נאַציע, דאָס איז אַ גרופּע פון מענשען, וואָס פיהרט אַן אייגענע קולטורעלע בעל הבית'ישקייט, וואָס אַרבייט אויס אַלע אָדער די מעהרסטע צווייגען פון דער מענשליכער קולטור: שפּראַך, טעכניק, עקאָנאָמישע פערהעלטניסען, דינים און מנהגים, פאַמיליען־לעבען, פּאָעזיע און מאָדע א. ז. וו. די אויסגערעכענטע ענינים זענען אַלץ זעלבסטשטענדיגע צווייגען אָדער קלענערע פערצווייגונגען פון דער מענשליכער קולטור, וועלכע יעדעס פאָלק ברענגט אַרויס פון זיך אויף אַ מעהר אָדער ווייניגער אָריגינעלער אַרט.

אָט די אַלע צווייגען און אָבצווייגונגען טיילען מיר פאַנאַנדער קודם כל אין לאָגישע, ד. ה. אייביגע, און היסטאָרישע.*)
יעדער צווייג פון דער קולטור איז אָדער אַ לאָגישער אָדער אַ

*) וועגען דעם זין פון די ווערטער „לאָגיש" און „היסטאָריש" זעה די „היסטאָרישע אידעען־פערבינדונגען", אין דעם דריטען באַנד פון אונזערע שריפטען, דעם קאַפּיטעל: „לאָגיש און היסטאָריש".

היסטאָרישער. א פּאָר ביישפּיעלען וועלען אונז קלאָרער מאַכען דעם ענין. די לאָגישע קולטור־צווייגען, ווי צום ביישפּיעל, די ארבייט און די שפּראַך, מוזען זיך געפינען ביי יעדעס פאָלק, ווייל קיין געזעלשאַפטליכער לעבען איז ניט דענקבאר אָהן זיי. ארבייט און שפּראַך זענען אָבער ניט די איינציגע פעלדער, אויף וועלכע יעדעס פאָלק מוז ארויסווייזען זיין טהעטיגקייט, און, אויב ער קאָן ניט בעשאַפען קיין אָריגינעלע נייס, מוז ער זיי אריבערנעהמען פון דער פרעמד. אזעלכע לאָגישע צווייגען זענען אויך צום ביי־שפּיעל די עקאָנאָמישע טהעטיגקייט און, לאָמיר זאָגען, אויך די ארכיטעקטור. א געזעלשאַפט, און ממילא א פאָלק, קאָן ניט לעבען אָהן א וועלכער עס איז עקאָנאָמישער טהעטיגקייט און מען קאָן ניט וואָהנען אין א וואָהנונג, וואָס זאָל ניט האָבען א וועלכע עס איז ארכיטעקטור.

נעהמט אָבער אזעלכע קולטורעלע צווייגען ווי: קריעג־פיה־רונג, שקלאפעריי, פאַמיליען־לעבען, שטאַאט, אייגענטהומס־פאָר־מען א. ז. וו. בנוגע צו שקלאַפעריי וועט איצטער יעדער איינער צוגעבען, אז דאָס איז ניט קיין אייביגער לאָגישער צווייג פון דעם קולטורעלען לעבען, נאָר א היסטאָרישער, ד. ה. אזא, וואָס איז אויסגעוואקסען צו א בעשטימטער היסטאָרישער צייט און האָט געמוזט אין אן אנדער היסטאָרישער צייט לגמרי פערשווינדען. פיעלע וועלען צוגעבען, אז אויך דער קריעג איז ניט קיין לאָגישע נויטווענדיגקייט פאר דאָס לעבען פון א פאָלק. שווערער ווערט די שאלה, ווען מען נעהמט איבער צו אזעלכע צווייגען, ווי אייגענ־טומס־פאָרמען, פאַמיליען־לעבען און דער שטאַאט, אָבער דער פרייער געדאנק האָט נאָך מיין מיינונג ריכטיג אויסגעפונען, אז מיר קאָנען זיך גאנץ גוט פאָרשטעלען א געזעלשאַפטליכען לעבען, אין וועלכען עס זאָלען לגמרי אָבגעשאַפט ווערען די דאָזיגע הייליגע יסודות פון אונזער איצטיגער צייט. און ממילא זענען אָט די אלע יסודות ניט קיין לאָגישע, נאָר היסטאָרישע.

אלע קולטור צווייגען טיילען מיר דערנאָך פאנאנדער אין נויטווענדיג־בעשטימטע און פרייע. א נויטווענדיג בעשטימטער קולטור־צווייג איז צום ביישפּיעל די מאַטעמאַטיק. אויף דער שאלה, אז ערך, „וויפיעל איז צוויי מאָל צוויי?" קאָן געגעבען ווערען נאָר איין־איינציגער בעשטימטער ענטפער: „פיער!" און

דער ענטפער איז א חוב פאַר יעדען מענשליכען דענקען. אָט דעם כאַראַקטער פון נויטווענדיגע בעשטימטקייט טראָגען אויף זיך כמעט אַלע נאַטור־וויסענשאַפטען, וויכטיגע טיילען פון דער טעכ־ניק און געוויסע פּראָבלעמען פון דעם יורידישען, סאָציאַלען און פּאָליטישען לעבען. עס זענען אָבער אויך פאַראַן פּ ר י י ע קול־טור־צווייגען, ד. ה. אַזוינע, וועמעס ענטפערס עס זענען ניט נויט־ווענדיג בעשטימט און זענען ניט קיין „מוז" פאַר יעדען מענש־ליכען שכל. דער טיפּישער פּערטרעטער פון די צווייגען איז די שפּראַך. ווי זאָל איך אָנרופען דעם חפץ, אויף וועלכען עס ליעגט איצט מיין שרייב־פּאַפּיער? דער דייטש און דער איד וועלען ענטפערן דערויף: „טיש", דער העברעער „שלחן", דער רוסס „סטאָל", א. ז. וו. א פרייער צווייג פון דער קולטור איז אויך די פּאָעזיע און די קונסט איבערהויפּט. אויך דאָ קאָן דער שכל ניט צווינגען, מיר זאָלען איין פאָרם פון קונסט און פּאָעזיע געבען די בכורה איבער אַן אַנדער פאָרם.*) און דאָס אייגענע איז אויך מיט דער פילאָסאָפיע. מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם, מאָניזם און פּלוראַליזם און, ווי מען רופט זיי דאַרטען, די אַלע פילאָסאָפישע „איזמען", וועלען אייביג קעמפּפען פאַר זייער הערשאַפט אין דעם פילאָסאָפישען געדאַנק, און קיין מאָל וועט די מענשהייט ניט גע־פינען קיין אבסאָלוטען קריטעריום, וואָס זאָל צווינגען יעדען איינעם אָנצונעהמען איין „איזם" און פערוואַרפען דעם אַנדערן. אויך דאָ בלייבט דעם מענשען'ס שכל פריי און ער קאָן אויסוועהלען יענעם ענטפער, וואָס איז בעסער צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון דעם אינדיווידואומס מח און הארץ.

איך טייל אָבער די קולטור־צווייגען נאָך דריטענס איין אין אַלגעמיינע און אינדיווידועלע. אַן אַלגעמיינער קולטור־צווייג איז אַזאַ, אָהן וועלכען ניט נאָר די מענשהייט, נאָר קיין איין מענש קאָן ניט אויסקומען. צום ביישפּיעל די שפּראַך. ווי פריי דער מענש זאָל ניט זיין אין דעם אויסוועהלען פון די שפּראַכען, אָהן א שפּראַך קאָן ער זיך ניט בעגעהן. לאָמיר אָבער נעהמען אַזאַ צווייג, ווי

*) מעהר וועגען דער איינטיילונג אין נויטווענדיגע און פרייע קולטור־ספערען זעה מיין רוסישע אָבהאַנדלונג: „סאָציאַליזם אי נאַ־ציאָנאַלני וואָפּראָס".

צ. ב. די מוזיק. מוז יעדער מענש זיין מוזיקאַליש? די ערפאַה־רונג און דער שכל לערנען אונז, אז די מוזיק איז ניט קיין אַל־געמיינער צווייג פון דער קולטור, נאָר אַן אינדיווידועלער, ד. ה. אַזאַ, וואָס נאָר איינצעלנע יחידים קאָנען געניסען זיינע פרוכט.

מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז אַלע לאָגישע אָדער נויט־ווענדיגע צווייגען זענען שוין דורך דעם גופא אויך אַלגעמיין, און אַז אַלע אינדיווידועלע צווייגען דאַרפען געזוכט ווערען נאָר צווי־שען די היסטאָרישע אָדער די פרייע. צו די אינדיווידועלע קול־טור־צווייגען געהערען אויך אַזעלכע, וואָס זענען ניט פריי, נאָר נויטווענדיג בעשטימט. נעהמט, צום ביישפיעל, די העכערע מאַ־טעמאַטיק, אָדער די פערוויקעלטע פּראָבלעמען פון א וועלכער עס איז ספּעציעלער וויסענשאַפט. ווי אייביג און ווי נויטווענדיג עס זאָלען ניט זיין די רעזולטאַטען פון דעם העכערען מאַטעמאַ־טישען חשבון, וועט קיינער ניט אָננעהמען, אַז יעדער מענש, ווי־באַלד ער איז א מענש, מוז זיין מסוגל פאַנאַנדערצוקלייבען זיך אין די דיפערענציאַלען און אין די אינטעגראַלען. די העכערע מאַטעמאַטיק איז א לאָגישער צווייג, א נויטווענדיג בעשטימטער, אָבער פון דעסטוועגען ניט קיין אַלגעמיינער, נאָר אַן אינדיווידוע־לער, ווייל מען מוז צו איהם האָבען גאַנץ בעזונדערע אינדיווידועלע השלמות.

איצט לאָמיר א פרעג טהאָן, צו וועלכע מינים קולטור־צווייגען געהערט די רעליגיע?

און אַז איך רעד וועגען רעליגיע, מיין איך דאָ דעם געוועהנ־ליכען בעגריף פון דעם וואָרט, „פשוטו כמשמעו", יענעם צווייג פון דער קולטור, וואָס וויל פערמיטלען די זינליכע וועלט מיט דער וועלט, צו וועלכען די מענשען דאַרפען אַריינטרעטען אין א גע־וויסער בעציהונג. איז אָט דער קולטור־צווייג א לאָגישער אָדער א היסטאָרישער?

עס איז זעהר שווער צו געבען אַן ענטפער אויף דער שאלה פאַר דער רעליגיאָן בכלל. א טייל דענקער מיינען, אַז דער גלויבען אין אַן איבערנאַטירליכען גאָט וועט קיין מאָל ניט פערשווינדען פון דער מענשהייט, און אונז דוכט, אַז אין דעם פונקט זענען זיי גערעכט. אָבער ווי לאָגיש און אייביג עס זאָל ניט זיין דער רע־ליגיעזער געדאַנק בכלל, מוזען מיר דאָך צוגעבען, אַז די היסטאָריש

ביז אהער אויפגעשטעלטע רעליגיעס קאָנען בשום אופן ניט בע־טראכט ווערען פאַר אייביגע אמת'ען: צו בולט טראָגט יעדע רעליגיע אין זיך דעם שטעמפּעל פון איהר צייט און פון די אומ־שטענדען, וואָס האָבען זי ארויסגערופען אין לעבען. לאָז זיין, אז רעליגיע בכלל איז אַן אייביג לאָגישער קולטור־צווייג, די אידי־שע רעליגיע, ווי יעדע אַנדערע, וואָס עקזיסטירט איצטער, איז גאַנץ בעשטימט ניט מעהר, ווי אַ היסטאָרישע ערשיינונג, וואָס מוז צו אַ בעשטימטער צייט פערשווינדען.

מיר פרעגען ווייטער:

איז די רעליגיע אַ נויטווענדיג־בעשטימטער צווייג פון דער קולטור אָדער אַ פרייער?

אין דעם פּרט, דאַכט מיך, קאָנען שוין קיין חלוקי־דעות ניט זיין. יעדער איינער, וואָס האָט נאָר אַ ברעקעל ידיעה פון יענע קרעפטען, וואָס בעשאַפען רעליגיאָנען, מוז מודה זיין, אז דאָס איז אַ פרייער קולטור־צווייג און ניט קיין נויטווענדיג־בעשטימטער. נאָך מעהר, איידער די פילאָסאָפיע, הענגט אָב דאָס רעליגיעזע שאַפען פון פערשיידענע היסטאָרישע, פּאָליטישע, סאָציאַלע און אינדיווידועלע אומשטענדען און קיין „קלאָרער" מוח אין דער וועלט וועט ניט אויסגעפינען אַזאַ רעליגיע, וואָס זאָל זיך אַרויפ־דרינגען אויף דעם מענשען'ס שכל מיט דערזעלביגער מאַכט, ווי דאָס טהוט די מאַטעמאַטיק אָדער די נאַטור־וויסענשאַפט. יעדער איינער איז פריי צו האַלטען זיין רעליגיאָן פאַר דאָס לעצטע וואָרט פון שכל און יושר, און יעדער איינער וועט זיין דערביי פאַר זיך גערעכט.

און איצטער די לעצטע פראַגע: איז די רעליגיע אַלגעמיין אָדער אינדיווידועל? מוז יעדער מענש אין אַ וועלכער עס איז פאָרם זיין רעליגיעז אָדער אויך דער זין פאַר רעליגיאָן איז ווי דער זין פאַר מוזיק, אַ פּראָדוקט פון בעשטימטע אינדיווידועלע פעהיג־קייטען, פון אַ בעשטימטען אינדיווידועלען בוי פון דער נשמה?

שוין די אַלטע וועלט האָט געוואוסט, אז די רעליגיאָן איז ניט קיין אַלגעמיינע אייגענשאַפט פון דער מענשליכער נשמה. „אמר נבל בלבו אין אלהים". „עס זאָגט דער שאַלקהאַפטיגער אין זיין האַרצען: ניטאָ קיין גאָט". דער אַנטי־רעליגיעזער גע־דאַנק פון דער נייער צייט קאָן אודאי ניט גלויבען, אז יעדער

מענש מוז זיין רעליגיעז. און דער גרעסטער טייל פון דער אויפ־געקלעהרטער מענשהייט מיינט, אז רעליגיאָן איז אַ זאַך, וואָס איז אפשר גוט פאַר דעם המון, אָבער וואָס קאָן בשום אופן ניט לעבען אין דעם הארצען פון אַ געבילדעטען, וויסענשאַפטליך אויפגע־קלעהרטען מענשען.

אין גרונט זענען די אַלע דריי מיינונגען גערעכט נאָר אין איין פּרט: אַ רעליגיעזער גלויבען און אַ רעליגיעזער לעבען איז ניט יעדענס עסק. פּיעלע נשמות בלייבען קאַלט צו דער רעליגיאָן, ווי פּיעלע אַנדערע נשמות וועלען זיך קיין מאָל ניט דערוואַרעמען פאַר מוזיק אָדער פּאָעזיע בכלל. מען האָט אָבער אַ טעות, ווען מען מיינט, אז „רעליגיאָן איז גוט פאַר דאָס פאָלק" און טויג ניט פאַר דעם אויסדערוועהלטען, העכער שטעהענדען יחיד. מיר דוכט: די זאַך איז אַקוראַט פערקעהרט. אויב די רעליגיע איז פאַר וועמען עס איז שעדליך, איז דאָס פאַר דעם המון, פאַר די גרויסע מאַסען, און אויב עס איז דאָ וועך עס איז, פאַר וועמען רעליגיאָן איז גוט, איז דאָס נאָר פאַר די „יחידי סגולה". די אמת'ע רעליגיע וויל געבען אַן ענטפער אויף יענע שאלות, וועלכע ניט די וויסענשאַפט און ניט די פילאָסאָפיע קאָן ניט פערענטפערען. זי וויל בעפרידיגען אַזעלכע געפיהלען און בעדערפעניסען, וואָס בלייבען הונגעריג און דאָרשטיג, אפילו ווען די וויסענשאַפט, די מאָראַל און די קונסט האָבען שוין אין אַ פילאָסאָפישען סינטעז אַלץ געטהאָן, וואָס זיי קאָנען אויפטהאָן, כדי צו שטילען דעם דאָרשט נאָך אמת, יושר און חן. ערשט אַזעלכע מענשען, וועמעס נאַטור עס קאָן זיך ניט בעפרידיגען אויך מיט דעם שעהנסטען פילאָסאָפישען וועלט־בילד, האָבען אַ רעכט אויפצובויען נאָך אַ העכערע וועלט מיט דעם תנאי, זי זאָל ניט געהן להיפך ניט צו דער וויסענשאַפט און ניט צו די פאָדערונגען פון אַן ערנסטען פילאָסאָפישען דענקען.

אין יענער העכערער וועלט, וואו עס ווערט שוין ניט געפרעגט נאָך אמת, יושר און חן, נאָר נאָך ה י י ל י ג ק י י ט און א ו נ־ע נ ד ל י כ ק י י ט, קאָן דער רעליגיעז־פיהלענדער מענש אויס־מאָלען אַ בילד פון אַ גאָטהייט, מיט וועלכער ער בעהעפט זיך אין זיין נשמה, און אויף אַזאַ'ן אופן דורכלעבען אַ גאַנצע סימפאָניע פון געפיהלען און בילדער, וואָס שפּראָצען ארויס פון דער בענק־שאַפט נאָך הייליגקייט און אונענדליכקייט, — אַ סימפאָניע פון

געפיהלען און בילדער, פון וועלכער דער ניט־רעליגיעזער מענש האָט אקוראט אזא השגה, ווי דער בלינדער פון דער פארבען־פראכט און דער טויבער פון הארמאָנישע קלאַנגען. נאָר אזעלכע אינ־דיווידוען, וועמעס גייסט עס האָט די מאכט, אריבער־צופליהען די טאָלען פון דער וויסענשאפט און די בערג פון דער פילאָסאָפיע, נאָר אזעלכע קאָנען זיך באָדען אין דעם בלויען הימעל־עטער פון א געטליכער רעליגיע. אָבער אזעלכע רעליגיעז געשטימטע נשמות זענען ביי דער מענשהייט לעת־עתה נאָך זעלטענע אויסנאהמען, אפשר נאָך ראַרער צו טרעפען, איידער מאטהעמאטיקער און גע־ניאַלע מוזיקער. און אויב מיר האָבען איינגעזעהן, אז אפילו די העכערע מאטהעמאטיק קאָן ניט בעטראַכט ווערען ווי אַן אלגע־מיינער צווייג פון דער קולטור, נאָר ווי אַן אינדיווידועלער, מוזען מיר א פשיטא שוין צוגעבען, אז די רעליגיאָן איז, לויט איהר אינווענייגסטען כאַראקטער נאָך, א זאך, וואָס קאָן ניט זיין פער־שפרייט צווישען די גרויסע מאסען, א זאך, וואָס מוז בלייבען די פריווילעגיע און דאָס גליק פון גאָט־געבענשטען יחיד, — אַלע איינס, אויף וואָס פאר א שטופע פון בילדונג ער זאָל ניט שטעהן.

און בכלל: ווען מיר ריידען דאָ וועגען אינדיווידוען און מאסען, מיינען מיר דאָ ניט דעם חלוק צווישען געבילדעטע און עם־הארצים. א סך רעליגיעזע נאַטורען געפינען זיך צווישען דעם המון, זיי זענען אמת׳ע „יחידי סגולה“. און א סך מענשען מיט א טעמפען רעליגיעזען חוש זענען דאָ צווישען די אויפגעקלעהרטע. זיי געהערען אין דעם פּרט פון רעליגיע צו דעם המון.

זאָל אונז ניט אָבנארען דער פאקט, וואָס די רעליגיע האָט תמיד געשפיעלט און שפיעלט איצטער אזא גרויסע ראָלע ביי די ברייטע מאסען. קוקט זיך צו נעהנטער צו דעם אינהאַלט פון דעם פאָלקס־גלויבען, — ניט צו דעם, וואָס די העכערע, רעליגיעז־פיהלענדע מענשען לעגען אין איהם אריין, נאָר צו דעם, וואָס דער המון טראָגט פון איהם ארויס, — און איהר וועט געפינען, אז וואָס־וואָס, אָבער אמת׳ע רעליגיע, אמת׳ע בענקשאפט נאָך היי־ליגקייט און אונענדליכקייט, איז דאָרטען אפילו אויף א רפואה ניטאָ. די רעליגיאָן פערנעהמט ביי דעם פאָלק קודם כל דעם פלאַץ פון וויסענשאפט. געוויסע קראַנקהייטען זענען פאר איהם א פּראָדוקט פון איבערזינליכע פאקטאָרען; געוויסע ערשיי־

נונגען, ווי צ. ב. ערד־ציטערניש, דונער, רעגען און האָגעל — א פּועל־יוצא פון דעם געטליכען גוטען אָדער בעזען ווילען, אויף וועלכען מען קאָן, ווי מיט א כישוף, איינווירקען דורך תפילות און תעניתים. די רעליגיע שפּיעלט ביי דעם פאָלק, צווייטענס, די ראָלע פון דער מאָראַל. גוט און שלעכט איז פאַר איהם ניט דאָס, וואָס מ י ר דיקטירט מ י י ן אייגענער געוויסען, נאָר דאָס, וואָס איז „אנטפּלעקט" געוואָרען ווי דער ווילען פון גאָט, אָדער בעשטימט געוואָרען פון הייליגע מענשען אין גאָט'ס נאָמען. און די רעליגיע פערנעהמט ביי דעם פאָלק, דריטענס, דעם אָרט פון פילאָסאָפיע. זי גיט איהם א פּרימיטיווען בילד פון א וועלט־איינהייט, וואָס איז אין זיעבען טעג צונויפגעמייסטערט געוואָרען פון אַן איין־איינציגען גאָט.

די הערשענדע פאָלקס־רעליגיע, — סיי ביי אידען, סיי ביי דער איבעריגער מענשהייט, — איז דעריבער גאָר ניט קיין רע־ליגיע, נאָר א פאַלשע וויסענשאַפט, א שלעכטע מאָראַל און אַן אומגעלומפּערטע פילאָסאָפיע.

וואָס גיכער דאָס פאָלק וועט זיך בעפרייען פון איהר, וואָס גיכער עס וועט אָננעהמען די אמת'ע וויסענשאַפט אַנשטאָט דער פאַלשער, די פרייע מאָראַל פון דעם אייגענעם געוויסען אַנשטאָט דער שקלאַווישער מאָראַל פון דעם פרעמדען געבאָט, די מאָדערנע רייך־אויסגעבויטע פילאָסאָפישע סיסטעמען אַנשטאָט דער אומגע־לומפּערטער רעליגיעזער טראַדיציע, — אַלץ בעסער פאַר דאָס פאָלק. די אמת'ע רעליגיע וועט יעמאָלט בלייבען אַן אייגענטום פאַר יענע יחידים, וועמען גאָט האָט געבענשט אָדער געשטראָפט מיט א בעזונדערן רעליגיעזען חוש. אָבער אַזעלכע יחידים וועלען זיך שוין בשום אופן ניט לאָזען פאַרשרייבען, אין וואָס פאַר א גאָט זיי זאָלען גלויבען און ווי זיי זאָלען אויסלעבען זייער רעליגיעזען לעבען. אויב א וועלכער עס איז גייסטיגער צוואַנג קאָן ניט אריבערגעטראָגען ווערען פון איידעלערע נשמות אפילו אין דער וויסענשאַפט און אין דער פילאָסאָפיע, — ווער שמועסט שוין פון א גייסטיגען צוואַנג אין די צאַרטע ספערען פון דעם רעליגיעזען גלויבען!

מיר זעהען ממילא, אז די רעליגיאָן איז אפשר אַן אייבי־גער לאָגישער צווייג פון דער מענשליכער קולטור, דערפאַר אָבער איז

ער גאַנץ זיכער אַ פרייער און אַן אינדיווידועלער. ווי קאָן דען אַזאַ קולטור־צווייג ווערען אַ חוב פאַר יעדען מענשען און נאָך דערצו אין אַ גאַנץ בעשטימטער פאַרגעשריבענער פאָרם? זאָגען, אַז די אידישע נאַציע איז אויף אייביג פערבונדען מיט אַ געוויסער פאָרם פון דעם רעליגיעזען לעבען, הייסט, ערשטענס, פאָדערען, אַז יעדער איד זאָל זיין רעליגיעז, — אַ פערלאַנג, וואָס איז אַקוראַט אַזוי קלוג, ווי די פאָדערונג, אַז יעדער מענש זאָל זיין אַ געבאָרענער זשעניע אין מוזיק. צווייטענס, הייסט עס, אַז אויף דעם רעליגיעזען געדאַנק פון דעם יחיד ווערט אַרויפגעלעגט אַ צוואַנג, וואָס בעשטימט די גרעניצען, אין וועלכע עס מעג זיך בעוועגען דער פלוג פון זיין רעליגיעזען שאַפען. „דו זאָלסט זיין רעליגיעז“, האָט דעם זעלביגען זין, ווי דער „אוקאַז“: „דו זאָלסט זיין מוזיקאַליש און דוקא ליעב האָבען וואַגנער'ם מויק, און קיין אַנדער מוזיק טאָר ניט קלינגען אַנגענעהם אין דיינע אויערן“...

די צונויפגיסונג פון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט קאָן אויך ביי דעם אידישען פאָלק ניט געשעהן אַנדערש, סיידען דורך אַ גייסטיגען צוואַנג, וואָס פער'משפט דעם יחיד צו גייסטיגער קנעכטשאַפט. אין דערינען איז געלעגען די הויפט־טראַגעדיע פון דעם אידישען גייסטיגען שאַפען אין גלות. מיר האָבען אין אַן אַנדער אָרט זיך געמיהט צו בעווייזען, אַז ניט די אידישע רעליגיע האָט בעשאַפען דאָס אידיש פאָלק, נאָר דאָס אידיש פאָלק האָט בעשאַפען די אידישע רעליגיע, ווי אַ מיטעל אין דעם קאַמפף פאַר זיין נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. *) כל זמן דער שכל איז געווען יונג און ניט־ערפאַהרען, האָט ער נאָך געקאָנט טראָגען אויף זיך די קעיטען פון דעם גייסטיגען צוואַנג, וועלכע די נאַציע האָט אַרויפגעלעגט אויף איהם, אין דעם נאָמען פון איהר איינהייט און גאַנצקייט. עס האָט אָבער געמוזט קומען אַ צייט, ווען דער שכל איז געוואָרען שטאַרק און זעלבסטשטענדיג און עס איז איהם געוואָרען אונמעגליך צו בלייבען ווייטער אין יאָך. אומזיסט טענה'ט דאָס פאָלק, אַז מיט דעם אָבשאַפען פון דער אידישער רעליגיע, ווערען אונטערגעגראָבען די גרונדזייַלען פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. דער יחיד קאָן ניט ווידער אונטער־

*) זעה די „מיסלי אָב איסטאָרישעסקיך סוד'באַך יעוורייסטוואַ“.

בויגען זיך אונטער דעם צוואַנג־בעפעהל פון דעם פאָלק. ער קאָן ניט און טאָר דאָס ניט — אין דעם נאָמען פון דער נאַציע און אפילו אין די אינטערעסען פון דער רעליגיע. ער זעהט, אמת, איין, אַז די אידישע רעליגיע האָט געהאָלפען דעם פאָלק אין זיין נאַציאָנאַלען קאַמפף, ער פערשטעהט דעריבער גאַנץ גוט די פסיכאָ־לאָגיע פון יענע אידען, וואָס זוכען מיט אַלע כחות טריי צו בלייבען דעם אַלטען אידישען גלויבען. אָבער איינשטימען אין דעם גרונד־געדאַנק, אַז פאָלק און רעליגיע איז איין און די זעלביגע זאַך, וואָלט בעהייסען שעדיגען דעם פאָלק און שעדיגען דער רעליגיע. אין דעם פאַקט, וואָס די רעליגיע האָט געשפּיעלט אַזאַ הויכע ראָלע אין דעם אידישען נאַציאָנאַלען לעבען, זעהט ער איינס פון יענע אומגליקען, וואָס מוזען וואָס גיכער אָבגעשאַפט ווערען.

די אידישע רעליגיאָן איז אַרויסגעטרעטען און טרעט נאָך איצטער אַרויס מיט דער פּרעטענזיע, אַז זי שטעלט מיט זיך פאָר דאָס אידישע פאָלק. אַ גרויסער און שעדליכער טעות! די רע־ליגיע שטעלט מיט זיך ניט פאָר דאָס פאָלק, זי פ ע ר ש ט ע ל ט דאָס פאָלק. מען דאַרף זיך ערשט דורכרייסען דורך איהר, כדי צו צוקומען צום פאָלק. די גרויסע און טיפע נאַציאָנאַלע, סאָציאַ־לע און מאָראַלישע פּראָבלעמען פון דעם אידישען לעבען און דער גאַנצער מענשהייט, וואָס זענען מיט אַזאַ גלאַנץ אַרויסגעשטעלט געוואָרען פון אונזערע נביאים, זענען אַ דאַנק דעם יודענטום פער־וואַנדעלט געוואָרען אין קליינליכע שאלות־ותשובות וועגען כשר און טריפה, וועגען אַ נאָדעל אין פּופּיק, וועגען אַן אויסגעבלאָזענער איי, וואָס איז געבאָרען געוואָרען אום יום טוב.

די אידישע רעליגיע, ווי אַ בעשטימטער שולחן ערוך, וואָס איז אַ חוב פאַר יעדען אידען, איז אַ הויכע שטאַרקע וואַנד, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט אויסגעבויט צווישען זיך און דער אַרו־מיגער וועלט. אָבער דיזעלביגע וואַנד שיידט אָב דאָס פאָלק פון דעם פרייען געדאַנק, פון זיינע אייגענע נאַציאָנאַלע און מענש־ליכע אינטערעסען, וואָס קאָנען פערענטפערט ווערען נאָך אויף דעם וועג פון אַ פּראָגרעסיווער פרייער ענטוויקעלונג. דער בעס־טער טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ זעהט ניט די אידישע נאַציאָן, קימערט זיך ניט וועגען איהר, ווייל צווישען איהם און איהר שטעהט די הויכע, געמויערטע רעליגיעזע וואַנד...

מען מוז זי אראָבגראָבען. דער אידישער נאַציאָנאַליזם מוז אין גאַנצען בעפרייט ווערען פון דער אָפיציעלער אידישקייט... אין דעם פּונקט שטים איך איין מיט די בעסטע טראַדיציעס פון אונזער השכלה־צייט און אונזער אסימילאַציאָנס־פּעריאָד. איך געה זיך אָבער פאַנאַנדער מיט זיי אין איין פּונקט. איך זאָג: מיט דעם אראָבטראָגען אליין איז ניט גענוג. עס מוז אין דער זעלבינער צייט געגעבען ווערען דעם פאָלק אין די הענד אַן אַנדער בלי־זין, מיט וועלכען ער זאָל קאָנען קעמפּפען פאַר זיין נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ און זיין פּראָגרעסיווע ענטוויקלונג. אויב מיר וועלען דאָס ניט טהאָן, וועט זיך אונז קיין מאָל ניט איינגעבען אראָבצוגראָבען די רעליגיעזע וואַנד, ווייל דאָס פאָלק זעהט אין איהר זיין איינציגע שוץ אין זיין נאַציאָנאַלען קאַמפּף. אָבער אויב מיר וועלען דאָס טהאָן, אויב עס וועט זיך אונז איינגעבען צו בעשאַפען נייע פּראָגרעסיווע מיטלען פאַר דעם נאַציאָנאַל־אידישען קאַמפּף, יעמאָלט קאָנען מיר בעפרייען דאָס פאָלק פון יענער רעליגיעזער פעסטונג, אין וועלכער ער איז געווען געצוואונגען זיך איינצושליסען.

ניט נאָר רעליגיעז צושטערען, נאָר אויך נאַציאָנאַל בויען, — דאָס איז דעריבער די אויפגאַבע פון דער איצטיגער אידישער אינטעליגענץ. און אין דיעזער דאָפּעלטער ארבייט וועלען מוזען סוף־כל־סוף צושפּרינגען די קעיטען, וואָס האָבען ביז אָהער צונויפגעשמידעט אין איינעם רעליגיאָן און נאַציאָן.



# טויט און ווידערגעבורט פון געטער און רעליגיאנען*)

רעליגיאָנען און געטער ווערען געבאָרען אין קדושה, עלטערען זיך אין טומאה, גוסס'ען און שטאַרבען, פערוואָרפענע, פערגעסענע, ערגעץ וואו הינטער אַ פּליִיט, און שטעהען אויף תחית־המתים צו אַן אייביגען לעבען אין דעם גן־עדן פון דער מענשליכער פּאָעזיע. אַ גאָט, אַ טייוועל, אַ „גאָר נישט“, אַ געטליך „בילד“, — דאָס איז די ביאָגראַפיע פון די געטער. היילינגער, תמימות'דיגער גלוי־בען; פיינדליכער אָבשיי און קאמפּף; קאַלטע גלייכגילטיגקייט; פּאָעטישע בענקשאַפט נאָך דעם העכסטען אין דער וועלט, — דאָס זענען די לעבענס־פאַזען פון אַ רעליגיע.

היינריך הײנע איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געמאַכט פּאָפּולער דעם געדאַנק, אַז די קדושה פון געטער געהט איבער אין טומאה. אמת, ער ווענדט איהם נאָר אָן אויף די געטער פון רוים, גריעכענלאַנד און דער אַלט־גערמאַנישער וועלט. אין זיין „בריעף איבער דייטשלאַנד“, „עלעמענטאַרגייסטער“ און „די געטער אין גלות“ שילדערט ער אונז דעם פּראָצעס, ווי אַזוי פון די אַלטע גע־טער זענען אין דעם גלויבען פון פאָלק, אין דער צייט פון דעם מיטעלאַלטער, אויסגעוואָקסען שדים און פינסטערע קרעפטע, בייזע רוחות און פיינד פון דעם מענשען. פון דעם מענשענס בעשיצער און פריינד זענען גריעכישע געטער געוואָרען טייוואָלים, אַריינ־געטהאָן שטענדיג אין איין איינציגען רעיון, ווי עפּעס אָבצוטהאָן אַ שפּיצעל דעם מענשען, ווי צו פערדאַרבען זיין גוף און נשמה.

עס נעהמט אָן אַ געפיהל פון רחמנות, פערגלייכט מען צ. ב. דאָס לעבען פון ווענוס־אַפראָדיטאַ, דער געטין פון שעהנקייט און ליעבע, בעת זי האָט זיך געעלטערט אין דייטשלאַנד אין דעם פּעריאָד פון טומאה, מיט דעם לעבען און דער ראָלע פון דערזעל־

---

*) יאַנואַר, 1909.

בינער געטין אין גריעכענלאַנד, בשעת זי האָט געשטראַהלט אין איהר יונגען הייליגען געטער־גלאַנץ.

אין גריעכענלאַנד און רוים, — א היים־געליעבטע, טיעף פערעהרטע געטערמאכט, די אויבער־האררין איבער אלץ, וואָס האָט א שייכות צו ליעבעס־גליק און ליעבעס־וועה. א יונגער בחור און א יונג מיידעל, א מאַן און א פרוי, א זקן און א זקנה, פלעגען קניען פאר איהר אין געבעט אָדער דאַנק, פאר זיך אָדער אנדערע, אויסגיסען פאר איהר אין בענקענד־פערזאומערטע קלאָגען דאָס גע־בראָכענע ליעבענדע הארץ, אויסבעטען ביי איהר אין גלוטהיג היי־סע תפילות א שטראהל פון ליעבע און גליק, אָדער אויסזינגען פאר איהר אין פרעהליך־קלינגענדע הימנען דעם דאַנק פאר די געשענק־טע גענאָד. מיט דעם קולט פון דער ווענוס האָט קיינער קיין מאָל זיך ניט געהאט וואָס צו שעהמען. דער מענש איז געגאַנגען צו איהר אין דעם געפיהל און דעם גלויבען, אז ער האָט א רעכט, א מענשליך און געטליך רעכט אויף איהר הילף.

גאַנץ אנדערש — די ווענוס אין טומאה. די ליעבע, וואָס זי שענקט, איז טריף און אומווערדיג. קניען פאר איהר איז דער גרעסטער בזיון און חטא. אָנקומען צו איהר קומט אָן נאָר דער, וואָס האָט זיך אין גאַנצען שוין אָבגעווענדט פון גאָט, וואָס זוכט, אויף להכעיס דעם אויבערשטען, דורך כשוף און טייוועלשע מיט־לען, ארויסרייסען פונ'ם מזל אזוינס, וואָס איהם קומט ניט על פי יושר און על פי דין. איהר כהן גדול איז שוין ניט דער פריסטער, נאָר דער מכשף. איהר קליענט איז ניט דאָס יונג ליעבענדע הארץ, נאָר דער נואף און שיכור, וואָס האָט פערשפּיעלט זיין נשמה דעם טייוועל.

ביז שפּעט אין דעם מיטעלאַלטער און אפילו נאָך אין אָנהויב פון דער רעפאָרמאציע האָבען זיך די גריעכישע געטער געעלטערט אין טומאה. ווי נאָר די קריסטליכע רעליגיע איז געוואָרען די הער־שענדע אין רוים און גריעכענלאַנד, האָט זיך אָנגעהויבען דער קאַמפּף אנטקעגען זיי.

וואָס האָט דאָס פאָלק, און אפילו די געבילדעטע וועלט פון יענער צייט, געטראַכט וועגען זיי? האָבען זיי געמיינט, אז אלע אָט די געטער, וועמען זיי האָבען געדיענט, זענען לכתחילה געווען נישט מעהר, ווי א מחנה בייזע רוחות, וואָס האָט געוועלטיגט

איבער די מענשען פון רוים און גריעכענלאַנד אָהן אַ שום רעכט אויף אַזאַ רעליגיעזע אויבערהערשאַפט, ביז עס איז געקומען דער אמת׳ער גאָט, קריסטוס, און האָט זיי אַלעמען פעריאָגט פון זייער הימלישען טהראָן צוריק אין די וויסטע פעלדער, פוסטע וועלדער און הרי־חושך, פון וואַנען זיי שטאַמען ? אָדער זיי זענען באמת געוועזען געטער און געטינען, נאָר קלענערע, שוואַכערע, איידער דער איצטיגער גאָט און זיין געליעבטער זוהן ? ס׳איז געווען, הייסט עס, אַ געטער־קריעג, גאָר אַ פּשוט׳ע מלחמה, אין וועלכער דער שטאַרקערער גאָט האָט געבראָכען די מאַכט פון דעם שוואַכערען, וואָס איז פון שנאה און קנאה געוואָרען זיין פיינד, זיין טייוועל... ווי די מעשה איז, בעווייזט אונז דער גורל פון דער רוימיש־גריעכישער רעליגיע, אַז געטער, געבאָרען אין קדושה, עלטערען זיך אין טומאה.

אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציע, ווען עס האָט גענומען ביסלעכווייז פערשווינדען די גאַנצע וועלט פון שדים און בייזע רוחות, זענען פון דעם פאָלקס־בעוואוסטזיין אין גאַנצען פערגעסען און פערשוואונדען געוואָרען די גריכיש־רוימישע געטער. דער פּעריאָד פון טויט און קאַלטער גלייכגילטיגקייט איז געקומען אויף זיי. אָבער ניט לאַנג האָט געדויערט זייער היהנער־פּלעט, זייער אומשוועבען ווי געשפּענסטער אין כף הקלע. נאָך איידער דער רעפאָרמאַציע, ווי נאָר עס האָבען זיך בעוויעזען די ערשטע שטראַה־לען פון דער רענעסאַנס־צייט, מיט דעם ערשטען ווידעראויפלעבען פון דער גריעכיש־רוימישער גייסטיגער וועלט, האָבען אויך די פערשטאָרבענע געטער גענומען ביי די געבילדעטע מענשען ביס־לעכווייז אָבלעבען, אָבאָטהמען, אריינגעהן אין דעם גן־עדן פון דער מענשליכער פּאָעזיע.

בעטראַכט איצטער דאָס לעבען און די בעדייטונג פון דער שעהנהייט־געטין ווענוס, ווי זי שטעהט אין דעם לואוור־מוזעאום, אליין אין אַ צימער, וואָס מען האָט אָבגעראַמט צוליעב איהר, אַ געהייליגטע, אַ בעוואונדערטע. מען וועט איצטער ניט פאַלען פאַר איהר אויף די קניע, ניט דאַנקען פאַר געשענקטע ליעבע, אָדער בעטען ליעבע במתנה, ווי אין דעם פּעריאָד פון קדושה. מען וועט זיך אָבער אויך ניט מעהר שרעקען פאַר איהר, ניט איבער׳צלמ׳ען זיך אין אַנגסט, ווי דאָס וואָלט געטהאָן אַ פרומער קריסט אין דעם

פעריאָר פון טומאה. א נייעם סאָרט פון אָנבעטער זאַמעלט זי אַרום זיך, א נייע קירכע איז אויסגעבויט אין מענשענ'ס הארצען צוליעב איהר.

לייענט איבער היינע'ס בעשרייבונג, ווי און וואס ער האָט געפיהלט, בשעת ער פלעגט קומען צו לויפען נאָך טרייסט צו ווענוס פון מילאָ. לייענט איבער גליעב אוספיענסקי'ס שטימונגען, וועלכע די זעלבינע געטין האָט ארויסגערופען אין איהם, בשעת ער איז געשטאַנען פאר איהר אין לואוור. *) היינע און גליעב אוספיענסקי! — צוויי פּאָליוסען פון מענשליכען כאראקטער, פון מענשליכען גייסט, און ווי הארמאָניש גיסען זיך צונויף זייער ביידענס רעלי־ גיעזע געפיהלען, בעת זיי שטעהען פאר דער מיטעלאַלטערליכער טייוועלין פון ווענוסבערג. ווי פערשיידען זיי זאָלען ניט זיין אין זייערע כאראקטערען, ווי פערשיידען עס זאָלען ניט זיין די געד־ דאנקען, וואס ווענוס האָט ארויסגערופען אין זיי, — אין איין פונקט זענען זיי אייניג: ווענוס איז די שעהנסטע, די איידעלסטע, די הייליגסטע געשטאַלט פון א מענשליכען וועזען, א שטיק פער־ געטערטע מענשליכע נאַטור, א טרייסט און א נבואה אויף פאר'ן איצטיגען מענשען, אן אייבינער תענוג אין דער מענשליכער פּאָעזיע.

פון דעם אידישען גן עדן ווערט אונז דערצעהלט, אז דאָרטען זיצען צדיקים מיט קרוינען אויף די קעפּ און האָבען הנאה פון דעם שיין פון דער שכינה. מען קאָן זאָגען, אז אין דעם גן־עדן פון דער מענשליכער פּאָעזיע שפּיעלען די ראָלע פון דער שכינה די פערשטאַר־ בענע געטער און געטינען. מיר דארפען שוין גאָרנישט פון זיי, מיר פערלאַנגען פון זיי ניט קיין הילף, מיר לייקענען זייער מאכט צו טהאָן נוטס אָדער שלעכטס און פונדעסטוועגען פערגעטערען מיר זיי און האָבען הנאה פון זייער שיין, ניט ווייניגער, ווי די צדיקים אין דעם אידישען גן־עדן.

די גריכיש־רוימישע געטער־וועלט איז איינגענומען געוואָרען פון דעם קריסטליכען גאָט. דאָס האָט ער זיי געמאכט פאר טייוואָלים און לענטעבער. קיין נייע רעליגיע איז פון יענער צייט אין אייראָפּא ניט אויפגעשטאַנען. א נייער גאָט איז ניט ארויס אין קריעג אנטקעגען דעם געטליכען פאָטער און זיין געטליכען

*) זעה זיין זעלטען טיעפע ערצעהלונג „ווזפּריאַמילא“.

זוהן. אָבער אויך די קריסטליכע רעליגיע האָט, נאָך אַ לאַנגער צייט פון ניט געשטערטען לעבען אין קדושה, געמוזט אריינטרעטען אין אַ פעריאָד פון טומאה, פון אומווערדיגקייט: דער פרייער געדאַנק האָט דאָ געשפּיעלט די ראָלע פון אַ נייער רעליגיע און אַ נייעם גאָט, וואָס האָט אַראָבגעריסען קריסטוס'ען פון זיין קעניגליכען הימעל־שטוהל און האָט איהם ארומגערינגעלט מיט אַן אַטמאָספערע פון אומריינינקייט, פון טומאה.

שוין אין דעם פּסיכישען לעבען פון דער רעפאָרמאַציע געפינען מיר דעם אָנהויב פון דעם דאָזיגען פּראָצעס. מיט אַ נייעם קריסטוס אין קאָפּ און אין הארצען, האָט די רעפאָרמאַציע געקעמפפט אַנטקעגען דעם אַלטען קריסטליכען גאָט. אַלע יענע שעהנע צערעמאָניעס פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירכע, אַלע הייליגע געזאַנגען און הייליגע בילדער האָבען פערלאָרען זייער קדושה אין די אויגען פון די יונגע פאַנאַטישע רעפאָרמאַטאָרען און זענען מגולגל געוואָרען אין פערפעסטעטע טומאה־געשטאַלטען. די רעפאָרמאַטאָרען אַליין האָבען געוויס ניט געגלויבט, אַז דער גאָטעס־דיענסט פון דער קאַטוילישער קירכע איז מעהר ניט ווי אַ מין כשוף־שטיק, כדי צו געפינען חן אין די אויגען פון טייוועל. אמת, ביי אַ פּולע פון פאָלק איז אויך אַזאַ מין געדאַנק געווען גאָר ניט קיין פרעמדע זאַך: דער פּויפּסט איז דער אַנטיכריסט, דער טייוועל בכבודו ובעצמו, וואָס קומט צו קעמפּפען אַנטקעגען דעם קריסט, און דער קאַטוילישער גאָטעס־דיענסט — אַ צערעמאָניע צוליעב דעם האַר פון דער פינסטערניש. אָבער די גייסטיגע פיהרער און פערטרעטער פון דער רעפאָרמאַציע האָבען געזעהן גענוג קלאָר, אַז דאָס אַלטע קריסטענטהום איז ניט קיין אויגען־פערבלענדענעס, ניט קיין כשוף, ארויפגעוואָרפען אויף דעם מענשען פון זיין ערגסטען שונא, דעם שטן, נאָר פּשוט אַ טעות אין פּשט, אַ גרייז, וואָס האָט זיך אריינגעגנב'עט אין דעם מענשליכען מוח. און פונדעסטוועגען האָט די אַלטע קאַטוילישע רעליגיע אויך אין זייערע הערצער ארויסגערופען געפיהלען פון טומאה, אַלץ איינס, ווי די קאַטוילישע רעליגיע וואָלט באמת געווען אַ טייפעל־דיענסט, כדי צו דערצערענען דעם אמת'ען גאָט.

נאָך ריינער פון כשוף־געדאַנקען זענען געווען יענע פרייע פאָרשער, וואָס האָבען, ווי וואָלטער און די ערשטע אַטעאיסטען, ניט

נאָר געלייקענט דעם קריסטוס, נאָר אונטערגעגראָבען דעם פונדאַ־
מענט פון יעדער רעליגיע בכלל. און פון דעסטוועגען האָבען זיי
די עקזיסטירענדע רעליגיע און געטער געהאַסט מיט דער זעלביגער
שנאה, געשפּאָט פון זיי און מבזה געווען זיי מיט דעם זעלביגען
פאַנאַטישען פייער, אַקוראַט ווי די געטער וואָלטען געווען אמת'ע
נאַטירליכע קרעפטע, אָבער ניט הייליגע און גוטע, נאָר אומווערדיגע
און שעדליכע. איך וויל נאָר דערמאָהנען די געפיהלען, מיט וועל־
כע טאָלסטאָי, אַ קריסטליכער פריידענקער, בעשרייבט די צערע־
מאָניעס פון דעם גריעכיש־אָרטאָדאָקסען גלויבען: זיי זענען די
זעלביגע געפיהלען, וואָס ברענען אין די הערצער פון די קריסט־
ליכע פאַנאַטישע אַטעאיסטען. צווישען די קריסטליכע רעליגיעזע
צערעמאָניעס געפינט זיך איינע, וואָס דריקט סימבאָליש אויס דאָס
אריינגעהמען פון קריסטוס'ען און זיין גלויבען אין דעם אייגענעם
גוף און אין דער נשמה. מען נעהמט אַ שטיקעל ברויט מיט אַ
ביסעל וויין, מען עסט און מען טרינקט עס אויס, און די אמונה
פערזיכערט דעם גלויביגען דערביי, אַז דאָס ברויט ווערט אין איהם
מגולגל אין קריסטוס'עס פלייש און דער וויין — אין קריסטוס'עס
בלוט. טאָלסטאָי, ווען ער בעשרייבט דעם מנהג, איז אין גאַנצען
דורכגענומען מיט אַ געפיהל פון אומווערדיגקייט, פון כעס און
בושה פאַר אַזאַ מין קאַניבאַלישע טהאַט. איהם פערדריסט דערביי
ניט נאָר דער נאַרישער גלויבען, נאָר די מאָראַלישע ניעדערטרעכ־
טיגקייט פון אַ מענשען, וואָס וויל איינשלינגען דאָס פלייש און
בלוט פון זיין אייגענעם גאָט... דער קירכליכער קריסטוס און די
גאַנצע קריסטליכע קירכע לעבט איבער אין די פריידענקערישע
מוחות פון טאָלסטאָי און די איבעריגע פאַנאַטישע אפּיקורסים דעם
פעריאָד פון טומאה.

אָבער אויך פאַר דער קריסטליכער רעליגיע איז שוין אין די
הערצער פון אַ סך איידעלע און געבילדעטע מענשען אויפגעעפענט
געוואָרען דער גן עדן פון מענשליכע פּאָעזיע און פון אַן אייביגען
לעבען אין דעם גן עדן. דאָ קוקט מען שוין מיט גאַנץ אַנדערע
אויגען אויף די קירכליכע צערעמאָניעס, מנהגים, סימבאָלען און
געדאַנקען. ווען, למשל, ווערא פיגנער, די בעריהמטע רוסישע
רעוואָלוציאָנערין און איינע פון די זעלטען פרייסטע פרויען אין
דער וועלט, בעט אין אַ ליעד, אַז איהר מוטער זאָל א י ב ע ר־

צ ל מ ' ע ן איהר הארטען שווערען וועג פון קאמפף, האט דא, אין דעם ליעד, דער קריסטליכער סימבאָל פון איבער'צלמ'ען בע־קומען א גאנץ נייעם זין, א גאנץ נייע הייליגקייט, וואס ער האט ניט געהאט אין די צוויי פריהערדיגע פעריאָדען פון קדושה און טומאה. ווערא פינגער ווארט ניט פון איהם, ער זאָל אָבווענדען די שליטה פון בייזע רוחות, ווי דאס וואָלט געטהאַן דער גלויביגער קריסט; זי האט ניט מורא, אז ער וועט ארויסרופען שדים, ווי דאס וואָלט מורא געהאט צ. ב. א פרומער איד. דער צלם איז פאר ווערא פינגער געוואָרען מעהר ניט, ווי א פאָעטישער סימבאָל פון פריידיגען געהן אין טויט אריין פאר דער גאַנצער מענשהייט, א שטיק מענשליכע נאטור, פאָעטיש אויסגעדריקט אין א געטליכער פאָרם.

און ווען פרידריך אַלבערט לאַנגע שרייבט, אז פון די קאפיט־לעך תהילים, וואס ווערען געזונגען אין דער לוטעראַנישער קירך, ליעבט ער שטארקער פאר אַלע דעם שיר, וואס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „אָ קאָפּ, פול בלוט און וואונדען". ווייסען מיר אויך גאנץ גוט, אז דער בלוטיגער, פערוואונדעטער קריסטוס־קאָפּ האט אין די אויגען פון פרידריך אַלבערט לאַנגע ניט יענע מיסטישע קדושה, וואס ווערט ארויסגערופען ביי דעם פרומען פּראָטעסטאַנט, און אויך ניט יענע טומאה, וואס לעבט אין דעם הארצען פון א פאַנאַטישען אפיקורס, נאָר א גאנץ ניי געפיהל פון הייליגקייט: לאַנגע זעהט אין איהם די פּאָעזיע פון מענשליכען דולדען און ליידען, פון מענשליכען מקריב זיין זיך פאר זיין אידעאַל, — א שטיק מענשליכע נאטור אין דער פאָרם פון געטליכע פּאָעזיע.

אט אזוי דערגרייכען געטער און רעליגיאָנען צו זייער אונ־שטערבליכקייט.

נו, און וואס טהוט זיך מיט דער אידישער רעליגיע? פאָלגט זי אויך די זעלביגע געזעצען, וואס הערשען אין דעם לעבען פון אַלע רעליגיאָנען און געטער? וואו האלט זי איצטער אין דער וועלט? אין קדושה, טומאה, נוסס'ען? אָדער אויך פאר איהר איז שוין געקומען די צייט פון אָן אונשטערבליכען לעבען אין דעם גן עדן פון מענשליכע פּאָעזיע?

די אידישע רעליגיע האט געהאט דעם מזל אָבצולעבען א פעריאָד פון קדושה, א לענגערען, איידער אַלע איבעריגע רעליגיאָ־

נען אין דער מאָדערנער ציוויליזירטער וועלט. זי איז געוואָרען די מוטער פון צוויי גרויסע וועלט־רעליגיאָנען, — קריסטענטום און מאַהאַמעדעניזם. די טעכטער־רעליגיעס, ווי פערבימערט זיי זענען ניט געווען אַנטקעגען דער מוטער, האָבען געשעפּט זייער היילינגקייט פון איהר. פאַר דעם אויפגעקלעהרטען פרומען קריסט און פאַר דעם אויפגעקלעהרטען פרומען מאַהאַמעדאַנער איז דער אידישער גאָט — דער איינציגער אמת'ער גאָט, און די אידישע היילינגטימער, — וועניגסטענס, ביז צו דעם חורבן בית ראשון, — זענען היילינגטימער פאַר די קריסטען און די מאַהאַמעדאַנער. אין זייערע אויגען האָבען די גרונדפעסטען פון דער אידישער רעליגיע קיינמאָל ניט געקאָנט ווערען אָרומגעפלאָכטען מיט די נעצען פון טומאה.

און פון דעסטוועגען האָט אויך יענער טייל פון דער אידישער רעליגיאָן, וואָס איז צונויפגעגאָסען געוואָרען אין איין היילינגטום מיט דער קריסטליכער, דורכגעמאַכט אַ פעריאָד פון טומאה, אויב ניט ביי די געבילדעטע, איז ביי די נידעריגערע שיכטען פון דעם פאָלק. דער קריסטליכער המון־עם אין מיטעלאַלטער, ווי נאָך איצטער אין די צוריקגעבליבענע לענדער, האָט געפיהלט, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אַ פרעמד פאָלק און אַז זיין גאָט איז אַ פרעמדער גאָט. אַ פרעמדער גאָט האָט אָבער ביי מאָנאָטעאיסטען אַ גאַנץ אַנדער זין, איידער ביי געצענדיענער פון אַ מאָל, וואָס האָבען געגלויבט אין פיעל־געטעריי. דער געצענדיענער, דער פּאָליטעאיסט, האָט קיינמאָל ניט געהאַט די פּרעטענזיע צו גלויבען, אַז נאָר זיין גאָט, אָדער זיינע געטער זענען די אמת'ע און אַ חוץ זיי קאָן זיך ערגעץ אין דער וועלט ניט געפינען קיין היילינע געטליכע מאַכט. דער מאָנאָטעאיסט אָבער קאָן בשום אופן ניט צולאָזען די עקזיסטענץ פון אַ פרעמדען גאָט לעבען זיין אייגענעם. ער קאָן ניט לייקענען זיין איבערנאַטירליכע מאַכט, אָבער ער לייקענט זיין געטליכע נאַטור: דער פרעמדער גאָט איז אַ פיינד פון דעם אמת'ען, איינציגען; ער איז — דער טייוועל.

אויף אַזאַ'ן אופן האָבען די קריסטליכע פעלקער אין מיטעל־אַלטער געגלויבט אָהן אַ שמץ פון ספק, אַז די אידען האָבען פער־שריעבען זייערע נשמות דעם טייוועל, אַז אין זייערע פרעמדע בעהאַלטענע רעליגיעזע צערעמאָניעס איז אויסגעדריקט דער טייוועל־

דיענסט צו יענער פערבאָרגענער, פרעמדער און בייזער קראַפט, וואָס האָט נאָר איין ציעל פאַר די אויגען — צו קעמפּפען אנטקעגען דעם קריסטוס און אַלע, וואָס גלויבען אין איהם; אַז אין די שוהלען און בתי מדרשים קומען פאַר די מיסטעריעס פון יענער פערשאָלטענער מאַכט, וואָס פערגיפטעט דורך דעם אויג פון זיין אַנהענגער דאָס בלוט פון דער געווינערין, די מילך פון דער קוה, דאָס וואַסער פון ברונען; אַז אין די פאַרמעטענע ספרי־תורות פון די אידען שטעהען פערשריעבען יענע פער׳כשופ׳טע אָבשפּרעכען און צושפּרעכען, מיט וועלכע מען קאָן אָנשיקען צרות און פּלאָג אויף די דיענער פונ׳ם אמת׳ן קריסטליכען גאָט. אַ סך לעגענדעס, וואָס זענען פערבונדען מיט׳ן מיטעל־אַלטערליכען אנטיסעמיטיזם, קאָן מען בשום אופן ניט ריכטיג פערשטעהן, אויב מען פערגעסט, אַז אין די אויגען פון דעם אונוויסענדען פאָלק און דעם אונוויסענדען גלח איז דער איד געווען דעם טייוועל׳ס טרייעסטער דיענער. און טויזענדער, טויזענדער פאַסירונגען פון לעבען האָבען איהם עדות געזאָגט אין איין קול, אַז זיין חשד האָט אַ פעסטען געזיכערטען גרונד.

נעהמט צ. ב. די מעשה מיט די „האָסטיעס", מיט יענע קליינע ברויטלעך, וואָס האָבען געדאַרפט פאָרשטעלען דאָס הייליגע לייב פון קריסטוס. זיי פלעגען זיך אָפט בעדעקען מיט רויטע פליאַמעס, אין וועלכע דער גלויביגער קריסט האָט געמוזט זעהן פלעקען פון בלוט. *) ווי קומט בלוט אויף קריסטוס׳עס לייב? איז דען ניט קלאָר ווי דער טאָג, אַז דאָס האָבען אידען זיך נוקם געווען אָן קריסטוס? אַז זיי האָבען איהם געשטאָכען מיט מעסערם? און אָט איז אַ בליהענד יונג קינד אויף די אָרעמס פון אַ מוטער, — פריש, מונטער און געזונד. עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ איד, און אין אַ ווייל׳ע ארום האָט אַ היץ בעפאַלען דאָס קינד און עס פאַכעט שוין מיט דער נשמה. איז ניט דאָס אידישע כשוף־אויג שולדיג דערין? און אָט איז אַ קינד פערפאַלען געוואָרען. קאָן דאָס געמאָלט זיין, אַז ניט אידען האָבען איהם גע׳גנב׳עט, כדי אויסצוצאַפּען זיין בלוט און צונויפמישען עס מיט זייער׳ע מצות אויף פסח?

---

*) די פליאַמעס פלעגען שטאַמען, ווי די באָטאַניק האָט שפּעטער אויסגעפונען, פון אַ רויטליכען שימעל־פּלאַנץ.

אַלע אידישע צערעמאָניעס, די צערעמאָניעס פון אַ פּרעמד־לינג, זענען תמיד געווען אין חשד, אַז אין זיי שטעקט אַ דיענען צו דעם פרעמדען גאָט, ד. ה., צו דעם טייוועל. אין זיי קאָן ניט זיין קיין קדושה; זיי זענען אין גאַנצען איינגעטונקט אין טומאה.

אַ חוץ די טומאה פעריאָדע, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס גע־שילדערט, און וואָס איז בעצם ניט געווען קיין אינווענינגסטער פּראָצעס פון דער אידישער רעליגיע, האָט די אידישע רעליגיאָן אויך דורכגעמאַכט אַן א י נ ו ו ע נ י ג ס ט ע ן פעריאָד פון טומאה אין די הערצער פון די, וואָס האָבען אין איהר געגלויבט. מיר מיינען די טומאה, וועלכע דער אפּיקורסישער פרייער געדאַנק האָט ארויפגעוואָרפען אויף איהר.

ווען דער אפּיקורס האָט אויפגעהערט צו גלויבען אין די אמת׳ען פון דער אידישער רעליגיאָן, איז זי ניט געוואָרען פאַר איהם אַ ווילד־פרעמדע זאַך, וואָס האָט ניט קיין שייכות צום לע־בען. ניין! פריהער אָדער שפּעטער איז זי געוואָרען פאַר איהם אַ מין פיינדליכע מאַכט, אַנטקעגען וועלכער עס איז אַ מצוה צו קעמפּפען. אַלע איהרע מצוות און עבירות זענען ניט בטול גע־וואָרען פאַר איהם. ער האָט זיי כמעט אַלע אָבגעהיט, נאָר — פּונקט קאַפּויר. אויב פריהער האָט ער מיט זיינע מעשים געזוכט צו געפינען גענאָד אין די אויגען פון דעם אויבערשטען, אין וועלכען ער האָט געגלויבט, פלייסט ער זיך איצטער, צו דערצערענען מיט זיי דעם גאָט, אין וועלכען ער גלויבט ניט; ריכטיגער, צו ווערען אַ דאָרן אין די אויגען פון די, וואָס האַלטען נאָך פעסט ביי דעם אַלטען גלויבען. האָט מען פריהער ניט געטאָרט רויכערען אום שבת, עסען אום יום־כפּור, לעבען מיט אַ פרוי אָהן חופּה און קדושין, איז איצטער געוואָרען כמעט ווי אַ מצוה רויכערען אום שבת, מאַכען אַ יום־כפּור־באַל און ניט צולאָזען, אַז זיין ליעבע זאָל סאַנקציאָנירט ווערען דורך אַ אידישען רב, דורך אַ אידישער חופּה. אָט אַזוי איז די הייליגקייט פון דער אידישער אמונה מגולגל גע־וואָרען ביי די „אפּיקורסים" אין טומאה.

און אויך אַ פעריאָד פון גוסס׳ן, בלאָס ווערען און שטילען פערשווינדען איז אָנגעקומען אויף דער אידישער רעליגיע. די טומאה ווערט ביסלעכווייז אָבגעשוואַכט, דער צאָרן פערוועהט, אַלץ קלענער און קלענער — דער חשק צו שטרייטען מיט אַ געגנער, פון

וועלכען מען גלויבט, אז ער איז גאָר ניטאָ אויף דער וועלט, און די גאַנצע רעליגיאָן מיט איהר גאָט און איהר גאָטעס־דיענסט פער־שווינדט סוף־כל־סוף פון די אויגען. דער „אפּיקורוס" זעהט מענ־שען מיט לולבים אין די הענד לויפען אין שוהל, ער זעהט לייכטער מיט שבת־ליכט אויפ'ן טיש, אָבער דאָס אַלץ לאָזט איהם קאַלט. עס וועקט ניט קיין ליעבע, קיין האַס. זייערע דאגות! וואָס ריהרט עס איהם אָן ?!... און אזוי גוסס'ט און שטאַרבט די אידישע רעליגיע ביי דעם אידישען אפּיקורס אין פערגעסענקייט און פערוואָר־לאָזענקייט...

נאָך שרעקליכער איז די געטער־אַגאָניע ביי די מענשען, וואָס זייער קאַלטקייט שטאַמט ניט פון אויסגעלאָשענע טומאה, נאָר פון פערבלאַסטע קדושה, וואָס זענען גלייך פון דעם נאַאיווען גלויבען איבערגעגאַנגען אין אַ שטאַדיום פון מעכאַנישער קאַלטקייט.

ס'איז איצטער ניט זעלטען צו טרעפען גאַנצע „מנינים" און רעליגיעזע „קאָנגרעגיישאָנס", וואו דער המון, דער פּשוט'ער ווי אויך דער בעל־הבית'ישער, האָט שוין לאַנג פערלאָרען דעם פּונקט פון אמת'ן גלויבען און קומט צו געהן צו זיין גאָט מעכאַ־ניש, ווייל זיינע עלטערן האָבען עס געטהאָן, ווייל ער גיט זיך אליין ניט אָב קיין חשבון, אויף וויפיעל ער גלויבט אָדער ניט. פון דער אידישער רעליגיע איז דאָ מעהר ניט געבליעבען, ווי דער אויסגערער קאַלטער און פערגליווערטער גוף; די נשמה איז שוין אָדער אין גאַנצען אוועקגעפלויגען אין הימעל, אָדער פלאַטערט נאָך אין איהר לעצטער אַגאָניע. ווער עס וויל זיך פערגינען דעם טראַגישען פער־געניגען צו זעהן, ווי עס גוסס'ען געטער, זאָל אריינגעהן אין איינע פון אזעלכע ניו יאָרקער, דוקא אָרטאָדאָקסישע „קאָנגרעגיישאָנס" אין דער צייט פון די וויכטיגסטע, שבת־קודש'דיגע מאָמענטען פון דעם אידישען גאָטעס־דיענסט...

אָבער געטער לעבען אייביג. און פאַר דער אידישער רעליגיאָן האָט זיך אויך אָנגעהויבען אַ פּעריאָד פון תחית המתים אין דעם גן עדן פון דער מענשליכער פּאָעזיע. מיר וואָלטען געמוזט אָנ־פילען אַ גאַנץ בוך מיט דער שילדערונג פון יענע סמנים, וואָס בעווייזען דאָס. מיר ווילען אָבער נאָר דערמאָנען אַ פּאָר וויכטיגע פאַקטען.

פּרץ האָט דער ערשטער אויפגעלעבט אין דער אידישער פּאָעזיע

די גאַנצע רעליגיעזע וועלט פון יענעם חסידיזם, וואָס פלעגט אַרויס־רופען אין די הערצער פון די געבילדעטע די פערביטערסטע גע־פיהלען פון טומאה. דעם חסיד׳ס טיעפע רעליגיעזע נשמה, זיין התלהבות און זיין מיסטישער גלויבען, — זיי זענען פאַר אונז איצ־טער ניט קיין פרעמדע ערשיינונגען און אויך ניט קיין אַבשטויסענדע אומווערדיגקייטען. זיי זענען געוואָרען עלעמענטען, וואָס לעבען אין אונזער נשמה, אַרומגערינגעלט מיט אַ שיין פון איבערמענש־ליכער פּאָעזיע; זיי זענען אונז הייליג געוואָרען מחמת דעם זעל־בינגען טעם, פאַרוואָס אַלע אַבגעלעבטע געטער ווערען הייליג: ווייל זיי זענען אַ שטיק מענשליכע נאַטור אין אַ פּאָעטיש־רעליגיעזער געשטאַלט.

און ניט נאָר דער חסידיזם, אפילו אַ סך רעליגיעזע מנהגים און אַ גרויסער טייל פון דעם רעליגיעזען קולט האָבען שוין פער־לאָרען פאַר אַ גרויסען טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ זייער אומווערדיגקייט, און אַ טיעפע פּאָעטישע בענקעניש נאָך זיי האָט פערנומען דעם אָרט פון די אַלטע טומאה־געפיהלען.

רעליגיעזע מנהגים און געפיהלען זענען ניט פרעמד אפילו דעם קאַלטעסטען אַטעאיסט און דעם „אַנטיגאָט"־מענש. אויך דער מאָדערנער מענש האָט צערעמאָניעס, סימבאָלען, וואָס דריקען אויס אין אַ פּאָעטישער פאָרם געוויסע פאָרשטעלונגען, וועלכע זענען איהם הייליג. בעת מיר זיצען אין אַ פערזאַמלונג און הויבען זיך אויף פון אונזערע ערטער צוליעב אַ פערשטאָרבענעם העלד, וועמעס אַנדענקען עס איז אונז טייער, איז דאָס ניט מעהר, ווי אַ רעליגיעזע צערעמאָניע, אין וועלכער עס גיסט זיך אויס דאָס גע־פיהל פון אונזער פערעהרונג. בעת מיר טהוען אָן דעם ערשטען מאַי דאָס רויט בענדעל פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט, איז דאָס מעהר ניט ווי אַ רעליגיעזע צערעמאָניע, וואָס סימבאָליזירט אונזער צוגעהע־ריגקייט צו דער גרויסער קאַמפף־אַרמיי פאַר אַלגעמיין מענשליכע בעפרייאונג. און בעת מען מאַרשירט דעם ערשטען מאַי אונטער דער רויטער פאָהן פון פּראָלעטאַריאַט, ווערט די רויטע פאָהן, אין דעם געפיהל פון די, וואָס מאַרשירען, איינגעטונקט אין שטראַהלען פון הייליגקייט, אפשר נאָך ליכטענדערע, איידער די שטראַהלען, וואָס רינגלען אַרום אַ ספר תורה אין דעם געפיהל פון דעם פרומען אידען.

און די זעלביגע פּסיכאָלאָגיע, וואָס מאַכט פּאָעטיש הייליג די צערעמאָניע פון אויפשטעהן, פון טראָגען אַ בענדעל, פון פּיהלען איבער זיך דאָס פּלאַטערן פון אַ רויטער פּאָהן, טראָגט דער מאָדער־נער געבילדעטער איד אַריין אין אַ סך צערעמאָניעס פון דער אַלטער אידישער רעליגיאָן.

בעת ער איז אין מנין אום תשעה־באָב און זינגט נאָכ'ן חזן דעם „אלי ציון ועריה"; בעת זיין נשמה לעבט דורך דעם גאַנצען שווידער פון דעם יום־כפּור'דיגען „כל נדרי"; בעת ער גיסט זיך צונויף אין געפיהל מיט די פיעלע יתומים, ווען די טרויעריגע טענער פון אזכרת נשמות טראָגען זיך פּאַנאַנדער איבער'ן שוהל; בעת ער זעהט, ווי זיין מוטער בענשט ליכט און מיט איהר יעדער בעוועגונג פילט זי אָן די לופט מיט דעם גייסט פון דעם הייליגען שבת; בעת ער פערפאָלגט מיט די אויגען די גראַציעזע בעוועגונגען פון דעם לאַנגען, שלאַנקען לולב, וואָס דאַרף אַראָבברענגען די שפע פון הימעל און ערד, פון מזרח, מערב, צפון און דרום, — לעבט ער דורך די זעלביגע רעליגיעז־פּאָעטישע געפיהלען, וואָס וואַרעמען די הער־צער פון די עכט־פרומע. אמת, פאַר איהם זענען די צערעמאָניעס ניט קיין איבערנאַטירליכע געבאָטען, אָבער אין זיינע אויגען זענען זיי נאָך אַ סך העכער, איידער דאָס: זיי זענען סימבאָלען, פּאָעטישע פערקערפּערונג פון געפיהלען און געדאַנקען, וועלכע ער רעכענט פאַר הייליג־מענשליכע.

---

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז די פיער לעבענס־פעריאָדען פון דער געטער־ביאָגראַפיע, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס געשילדערט, געהען אַזוי כסדר איינער נאָך דעם אַנדערען, ווי די אַלטערס־צייטען אין אַ לעבעדיגען אָרגאַניזם. פערשיידענע גרופּען קאָנען אַריבערשפּרינגען איין פּעריאָד, אָדער אַן אַנדערען; און אַלע פּעריאָדען קאָנען זיך געפינען אין דער זעלביגער צייט, פערטיילט צווישען פערשיידענע מענשען. איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען דעם איינדרוק, וואָס אויף מיר האָט געמאַכט דער „קבלת שבת" אין דעם גרויסען מנין פון דעם סאַדאָגאָרער צדיק, ווען איך בין דאָרטען געוועזען מיט עטליכע פריינד, ביי ווענען דער קדושה־פּעריאָד איז שוין לאַנג, לאַנג אַריבער. טיעף אין זכרון האָט זיך מיר איינגעקריצט דאָס בילד פון אַ יונגען, בלייכען, דאַרען חסיד

מיט גרויסע, מיסטיש־אויפגערעגטע אויגען, וואָס איז האסטיג ארומ־געגאַנגען איבער׳ן שוהל און האָט נערוועז געריבען די הענד. זיינע ליפּען זענען געווען פערשמאַכט, אקוראַט ווי אַן אינגעניגסטע גלוטה וואָלט זיי איינגעטריקענט. זיי פלעגען אָפט עפענען זיך, אום ארויסצושטויסען דעם פערהאַלטענעם אָטהעם, אָט ווידער ענערגיש צושליסען זיך. זיין גאַנצע פיגור, זיין גאַנצער בענעהמען זיך, אַקוראַט ווי ארום איהם וואָלט קיין זאַך ניט געווען אין דער וועלט, האָט דייטליך גערעדט, אַז ער לעבט נאָך אין די פּליטער־וואָכען פון דעם קדושה־פּעריאָד. און ארום איהם זענען געווען מענשען קעלטערע, אפשר אַזוינע, ביי וועמען דער גאָט האָט שוין געגומען גוסס׳ען, און אויך עטליכע „אפּיקורסים", וואָס זענען גע־קומען מיט מיר, ביי וועמען, עס קאָן זיין, דער טומאה־פּעריאָד איז נאָך ניט אין גאַנצען פערשוואונדען. און אַזוי זענען דאָרטען געווען פערטראָטען אונטער איין דאַך אין דעם זעלביגען מאָמענט די פיער אַלטערס־צייטען פון דעם געטער־גלויבען.

הונדערטער טראַגעדיעס פון דעם אידישען לעבען שטאַמען דערפון, וואָס אונטער איין דאַך און צו דער זעלבינער צייט לעבען דורך די געטער זייערע פערשיידענע פעריאָדען: אַ פרוי, וואָס האַלט נאָך אין פּעריאָד פון קדושה, מיט אַ מאַן, ביי וועמען די רעליגיאָן איז געוואָרען אַן אומווערדיגקייט; פרומע עלטערן מיט אינדיפערענטע קינדער, אָדער, נאָך ערגער, מיט קינדער, ביי וועמען די רעליגיאָן פון זייערע עלטערן איז די ערגסטע, שענדליכסטע עבודה זרה. ליידער קאָנען מיר זיך ניט אָבשטעלען אויף יענע טראַגעדיעס. דאָס וואָלט אונז ארויסגעפיהרט פון די גרענעצען פון אונזער טהעמא. מחמת דעם זעלביגען טעם מוזען מיר לאָזען אַן אַ זייט אויך יענע פּראַקטישע פראַגען, וואָס זענען פערבונדען מיט דעם אריינטרעטען פון דער אידישער רעליגיע אין איהר פערטען לעבענס־מאָמענט, אין דעם מאָמענט פון ריין מענשליכער רעליגיע־זער פאָעזיע.ביידע ענינים פערדיענען אַ בעזונדערע ארבייט. דאָ וויל איך צום שלוס בעמערקען נאָר איינס.

עס קאָן איינעם אויסקומען קשה, וואָס מיר האָבען אין גאַנצען דורכגעלאָזען די זעהר אינטערעסאַנטע ערשיינונג פון דעם איצ־טיגען גייסטיגען לעבען אומעטום — דאָס נייע גאָט־זוכען, וואָס מיר בעמערקען כמעט אין אַלע ליטעראַטורען פון דער ציוויליז־

זידטער וועלט: די ניי־מיסטיקער, די ניי־קאַטאָליקען און ביי אונז, אידען, די נייע חסידים, — די בערדיטשעווסקי'ס און הלל צייט־לין'ס. זענען זיי דען ניט קיין גלענצענדערע אילוסטריאַציע פאַר דעם ווידער־בעלעבונגס־פעריאָד פון רעליגיאָנען און געטער, איי־דער די פּאָעטישע רעליגיע, פון וועלכער מיר מאַכען אזא ווזען?

ניין! ענטפערן מיר. זיי זענען גאָר ניט קיין אילוסטראַציע צו אונזער געדאַנק, ווייל זיי בעלאַנגען צו אַ גאַנץ אַנדער פּרק אין דער רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע. זיי זענען ניט דער לעצטער פעריאָד פון אַ רעליגיעזען לעבענס־ציעל, נאָר דער אָנהויב פון אַן ערשטען פעריאָד, פון דער קדושה־צייט פון אַ יוגענדליכער נייער רעליגיאָן. די רעליגיע איז, ווי די פילאָסאָפיע און די פּאָעזיע, איין אייביגער צווייג אין דער מענשליכער קולטור. עס פאַלען אָראָב און צופוילען זיינע בלעטער, זיינע בלומען, זיינע פרוכטען. אַנדערע שפּראָצען ארוים אויף זייער אָרט. דער מקור פון דער רעליגיאָן איז אַן אייביגער קוואַל — די בענקשאַפט פון דער מענשליכער נשמה נאָך אַ העכערער און שעהנערער וועלט; אָדער ווי פייערבאַך האָט טיעף און ריכטיג געזאָגט: „גאָט איז אַ טרעהר, געוויינט פון דעם מענ־שען אין דער שטיל איבער זיין אייגענעם גורל"... און דער קוואַל פון אזעלכע טרעהרען וועט קיינמאָל נישט אויסטריקענען.

וועלען אויך די קומענדיגע רעליגיאָנען דורכלויפען זייער אַלטען סדר: געבאָרען ווערען אין קדושה, זיך עלטערן אין טומאה, גוסס'ן און שטאַרבען, פערוואָרפענע, פערגעסענע, ערגעץ וואו הינטער אַ פּליים, און ווידער אויפשטעהן תחית המתים אין דעם גן־עדן פון דער מענשליכער פּאָעזיע?...



# די נאציאנאל־פּאעטישע ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע*)

.1

אין דעם ארטיקעל „טויט און ווידערגעבורט פון געטער און רעליגיאָנען" האָבען מיר מיט איינינע ביישפּיעלען אויס דעם לעבען פון דער אלטער גריכיש־רוימישער און דער קריסטליכער רעליגיאָן געפּרובט בעלייכטען אונזער געדאנק, אז „רעליגיאָנען און געטער ווערען געבאָרען אין קדושה, עלטערען זיך אין טומאה, גוסס'ען און שטארבען, פערוואָרפענע, פערגעסענע ערגעץ־וואו הינטער א פּליט און שטעהען אויף תחית־המתים צו אַן אייביגען לעבען אין דעם גן־עדן פון דער מענשליכער פּאָעזיע".

אויך די אידישע רעליגיע איז דאָרט אריינגעצויגען געוואָרען אין דעם קרייז פון אונזערע בעטראכטונגען, און אויך אין איהר לעבען האָבען מיר געפונען דיזעלביגע פיער פעריאָדען: פריהער א פאנאטישער גלויבען אין איהר הייליגקייט, דערנאָך א קאמפּף אנטקעגען איהר, א צו־להכעיס טהאָן, א שנאה ווי צו אַן אומווערדי־גער זאַך, וואָס מוז אויסגעראָט ווערן מיט'ן וואָרצעל; דערנאָך ווידער א קאָלטע גלייכגילטיגקייט, אָהן א ברעקעל האַס צו די, וואָס גלויבען, אָהן א סמן בעגייסטערונג פאר די פּאָעטישע שעהנ־קייטען, וואָס ליעגען אין איהר פערבאָרגען, און צום סוף — א תחית המתים, א וואָרעמער אינטערעס צו איהר, אָבער שוין גאָר אויף אַן אנדער גרונדלאגע: אויף דעם באַזיס פון ריין־מענשליכע, פּאָעטיש־הייליגע געפיהלען.

זינט יענער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען **) זענען שוין א סך וואַסערן אָראָבגעפלאָסען, און דער געשילדערטער פּראָצעס פון דער פּאָעטישער ווידערגעבורט, וואָס די אידישע רעליגיע מאַכט

*) מאַי — נאָוועמבער, 1911.

**) ער איז געדרוקט געווען אין יאנואַר 1909.

דורך, איז גיכער פערשטארקט געוואָרען, איידער אָבגעשוואַכט. אין רוסלאַנד, גאַליציע, וואו אונזער פאָלק מאַכט דורך אַ זעלבסטשטענ־דיגע ענטוויקעלונג, און אפילו אין אַמעריקא, וואו דער נאַטירליכער וואוקס פון דעם אידישען בעוואוסטזיין און געפיהל ווערט אַזוי פערהויקערט דורך דער אומגעלומפּערטער נאַציאָנאַלער לאַגע, אין וועלכער ער געפינט זיך איצט, — איבער דער גאַנצער וועלט, וואו ס'זענען נאָר דאָ אידישע אפּקורסים, די אַנטיגאָט־מחנה, וואָס האָט אַזוי מוטהיג און פאַנאַטיש געקעמפּפט אַנטקעגען דעם רבונו־של־עולם, אומעדום קאָן מען בעמערקען אין אַ שטאַרקער אָדער שוואַ־כער פאָרם יענעם פּראָצעס, דורך וועלכען די אידישע רעליגיע עטהעמט אויף דאָס ניי אָב „אין דעם גן־עדן פון דער מענשליכער פּאָעזיע".

אַ סך קומט איהם דאָ צו־הילף די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע וויע־דערבעלעבונג פון דעם אידישען פאָלק. דאָס גאַנצע אידישע לעבען, די גאַנצע אידישע געשיכטע איז אַזוי ענג פערבונדען מיט דער אי־דישער רעליגיע, אַז אונז טאָהר ניט וואונדערן, ווען מיר זעהען, ווי דער נעכטיגער ראַדיקאַל, פאַר וועמען דאָס אידישע פאָלק און די אידישע רעליגיע זענען געווען „טריף ווי חזיר", פאַלט צו פּלוצלונג צום ארון־קודש און טהוט תשובה מיט אַ געבראָכענעם געמיטה און קעהרט זיך אום צו דעם גאָט פון זיינע עלטערן; דאָס האָט דער אידישער פונק, דער פונק פון ליעבע צום פאָלק, אַ לאַנגע צייט געגלימט אונטער דעם קאַלטען אש פון פיינדשאַפט אָדער אינדיפע־רענטיזם, זיך פּלוצלונג פאַנאַנדערגעפלאַקערט צו אַ העלער פלאַם און האָט פערטריבט אַלע קאַלטע וויסענשאַפטליכע חשבונות, אַלע לאָגישע ארגומענטען.

דעם שרייענדסטען ביישפּיעל פון אַזאַ שטורמישען תשובה־טהאָן, פון אַזאַ אין־שטויב־וואַרפען־זיך פאַר'ן ארון קודש, האָט אונז ניט לאַנג בעוויזען הערר סטאָלפּנער מיט זיין רעפעראַט אין פּעטער־בורג, וואָס האָט איבערגעלאָזען אַ שטאַרקען רושם אויף דער דאָר־טיגער רוסיש־אידישער אינטעליגענץ. הערר סטאָלפּנער, אַ יונגער סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַן „איסקראָוועץ", אַ מאַן מיט אַ פיינעם פּי־לאָסאָפישען, אַ ביסעל אַ פּלפּול'יסטישען קאָפּ, האָט זיך פּלוצלונג ארויסגעריסען פון דעם מאַרקסיסטישען מאַטעריאַליזם און איז מיט האַק און פּאַק אריינגעשפּרונגען אין דעם אידישען גלויבען. אַנשטאָט

דעם מארקסיסטישען רוף: „פּראָלעטאריער אַללער לענדער, פער־איינינגט אייך!" — ווערט איצטער זיין גלויבען ארויסגעשריען אין אַן אנדער לאָזונג, דעם אַלטען רוף פון דעם אידישען פאָלק: „שמע ישראל, ד' אלהינו, ד' אחד!"...

דער פאַל מיט הערן סטאָלפּנער, ווי אויך אַנדערע ענליכע פּאַסירונגען ביי אידען און קריסטען, בעווייזט — צום וויפיעלטען מאָל? — אַז אַ מאַטעריאַליסטישע וועלטאַנשויאונג און אַ שטרענג־וויסענשאַפטליכע דיסציפּלינירונג פון אונזער מוח איז נאָך קיין שמירה ניט אַנטקעגען רעליגיע און רעליגיעזען גלויבען. די אַלטע באַאיוועַ פאָרשטעלונגען פון דעם ראַדיקאַלען גאָט־לייקענער, אַז זיינע מיינונגען זענען פעלזען־פעסט אויפגעבויט אויף דער וויסענ־שאַפטליכער, אויף דער אונפּארטייאישער בעטראַכטונג פון'ם וועלט־געשעהען, האָט אַנגעוואָרען יעדען קרעדיט אין דעם מאָדערנעם גע־דאַנק, ווייל איהר פאַלשקייט איז שוין לאַנג אויפגעדעקט געוואָרען פאַר יעדען, וואָס איז נעהענטער בעקאַנט געוואָרען מיט דעם מהות פון דער מענשליכער לאָגיק און דעם מענשליכען וויסען און פאָרשען.

די גאַנצע נאַטור־וויסענשאַפטליכע ערפאַהרונג, מיט אַלע מאַ־טעריאַליסטישע סיסטעמען, וואָס בעהעפטען איהרע איינצעלנע טיילען צו איין האַרמאָנישען בנין, זענען אין תוך אריין ניט מעהר, ווי אַן אייז־דעק אויף אַן אָבגרונד, אין וועמעס סודות עס האָט נאָך קיין מענשליך אויג ניט געקאָנט אריינדרינגען. דעם מענשען'ס נשמה, ווי אַ טייל פון דעם וועלטאַל, טראָגט אין זיך גופא יענעם וועלט־אָבגרונד. די לאָגיק, די ערפאַהרונג, די קלאָרע מאַטעמאַטישע אויסרעכענונג איז אויך דאָ ניט מעהר ווי אַ צודעק פון מעהר אָדער ווענינער דינעם אייז. ביי דאָס רוב מענשען איז ער פערוואָרפען מיט פערגליווערטען שנעע, פערשווארצט דורך די טאָג־טעגליכע דאגות, און דעריבער מיינען זיי, אַז זיי געפינען זיך אויף פעסטער ערד, וואָס קאָן קיינמאָל ניט וואַנקען. אָבער ביי אייניגע פערזאָנען — און, אונטער געוויסע אומשטענדען, ביי גאַנצע גרופּען — ווערט דער שנעע צושמאָלצען, די אייז־דעק ווערט דין און קלאָר, און זיי דוכט זיך, אַז זיי זעהען אין זייער אייגענער נשמה די סודות פון דעם אָבגרונד, ווי דורך אַ גלאָז. נאָך מעהר: זיי דוכט זיך, אַז זיי זענען ביכולת דורכצוברעכען דעם אייז, אַז זיי האָבען איהם דורכ־געבראָכען און אַז זיי שווימען לוסטיג אין די געהיימניספולע וואַ־

לען, בעת אין דער אמת'ן שוועבט ארום זייער גייסט ניט אונטער דער אייז־דעק, נאָר ווייט איבער איהר, אין דעם לאַזור־מרחב פון דעם מענשליכען כח הדמיון, ד. ה. אין דעם גן־עדן פון דער מענשליכער רעליגיעזער פּאָעזיע.

אָבער דער פאל סטאָלפּנער און די עהנליכע פאלען זענען נאָר אין אייניגע פונקטען פערבונדען מיט אונזער טהעמא. די ווידער־געבורט פון רעליגיע אין דער נשמה פון אַן אַטהעאיסטישען ראַדי־קאַל איז געוויס אַ פּאָעטישע ווידערגעבורט, ווייל יעדע רעליגיע, יעדע בענקשאַפט נאָך גאָט, הייליגקייט און אונענדליכקייט איז אַן ארט פּאָעזיע, אָבער אַן אונבעוואוסטע, עס מאכט ניט אויס, וואָס זי אַליין מיינט, אַז זי איז דער אבסאָלוטער אמת, אַנטפּלעקט פון אַן איבערנאַטירליכען גאָט, אָדער אויסגעפונען פון דעם מענשליכען שכל, און וואָס זי ווערט שטארק בעליידיגט, ווען מען זאָגט איהר אויס, אַז זי איז אַ פּאָעטיש־אויסגעטראַכטע זאַך. מיר רעדען דאָ אָבער פון בעוואוסטער פּאָעזיע, ווען רעליגיעזע בילדער און פאָרשטעלונגען, מיטהען און צערעמאָניעס ווערען אונז הייליג און טהייער ניט דערפאר, ווייל מיר גלויבען אין זייער איבערנאַטיר־ליכער געטליכקייט, נאָר דערפאר, ווייל אונזער געמיטה ווערט בעווענט דורך זייער מענשליכע שעהנקייט און זיי רופען אין אונז ארויס פּאָעטישע געפיהלען און געדאנקען, וואָס מיר האלטען פאר הייליג מענשליכע.

די נאָר פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע קאָן בלייבען פריי פון יעדער מעטאפיזיק און טעאָלאָגיע, פון יעדען הערשענדען רעליגיעזען גלויבען. דער ריין פּאָעטישער תענוג, צ. ב., וועלכען די כל־נדרי־שטימונג רופט ארויס, קאָן גאַנץ פריעדליך לעבען אין דער נשמה מיט דעם אטעאיזם, ווי מיט אַ פּאַ־נאַטישער גאָט־גלויביגקייט, מיט דעם יודענטהום, דעם קריסטענ־טהום און מיט וועלכען רעליגיעזען סיסטעם איהר ווילט. דער גרונד־בעדינג דערביי איז נאָר, אַז איהר רעליגיעז־פּאָעטישער אינ־האלט זאָל ארויסגעשעילט ווערען פון יענער קאָנפעסיאָנעלער שאָ־לעכץ, אין וועלכער ער איז צו אַ בעשטימטער צייט אויסגעוואקסען ביי אַ געוויסער גרופּע מענשען.

אָבער — איידער מיר געהען איבער צו דעם ענין פון דער נאַ־ציאָנאַל־פּאָעטישער רעליגיע, לאָמיר אַפריהער בעקאַנט ווערען מיט

איניגע אינטערעסאַנטע ליטעראַרישע דאָקומענטען, וואָס זענען ערשיענען ניט לאַנג און וואָס האָבען אַ דירעקטע שיכות צו אונזער טהעמע.

אין קיעוו איז ניט לאַנג אַרויס אַ נייע רוסיש־אידישע פּראָפּאַגאַנדאַ־שריפט: „נאַ יעוורעיסקיאַ טיעמי" (אויף אידישע טעמען) מיט אַרטיקלען פון באַגראָוו, היילינגמאַן, אַלעקסאַנדראָוו און אַנדערע. לויט די נעמען און אויך דער ריכטונג פון דער אויסגאַבע איז לייכט צו טרעפען, אַז זי שטאַמט פון קרייזען, וואָס זענען אין דער רעוואָלוציאָנערער צייט געשטאַנען נאָהענט צו דעם „בונד". שוין אין דער ערשטער נומער זעהט זי צו בעשטימען איהר שטעלונג צו דעם שאַרפען פּראָבלעם, וואָס די לעצטע צייט האָט אַרויסגערוקט, די פראַגע וועגען דער אידישער רעליגיע. קיין בעזונדער אַרטיקעל וועגען דעם ענין געפינען מיר ניט אין די „נאַ יעוורעיסקיאַ טיעמי", אָבער איהר שטעלונג טרעט אַרויס מעהר אָדער ווייניגער קלאָר אין אַ נאָטיץ וועגען דעם „פּאַל־סטאָלפּנער" און אין דעם לייט־אַרטיקעל, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „אין דעם נאַציאָנאַלען טומאַן".

די נאָטיץ וועגען סטאָלפּנער'ן רופט זיך: „פון מאַרקסיזם צו ראַביניזם". זי איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש, אַז איך ברענג זי דאָ אין גאַנצען, ווי זי שטעהט און געהט.

„דעם זעקסטען פעברואַר פונ'ם היינטיגען יאָהר האָבען די מיטגלידער פון דער פּעטערבורגער אָבטיילונג פון דער אידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט געהאַט די געלעגענהייט בייצואוואָהנען ביי אַ ציקאַווען שױשפּיעל, וואָס איז געווען איינציג אין זיין אַרט. דער ניט גאַר אומבעקאַנטער הערר סטאָלפּנער האָט זיך פאַר'ן גאַנצען עולם געשלאָגען על חטא פאַר זיינע מאַרקסיסטישע זינד. ער האָט זיך אַליין מכבד געווען מיט גרויזאַמע שלעג און האָט אויך יעדען איינעם געגעבען דאָס רעכט איינצוטיילען איהם אַ חלק. ליבטיג און פרעהליך איז הערר סטאָלפּנער אריינגעטרעטען אין דעם שויס פון דעם אַלט־טעסטאַמענטליכען יודאַאיזם, און הערר ל. שטערנבערג, פון דעם „נאָווי וואָסכאָד", האָט איהם געגעבען זיין פּאָטערליכע ברכה. סטאָלפּנער'ס נאָמען איז פּאָפּולער צווישען געוויסע קרייזען פון דער אידישער אינטעליגענץ. אַלס אָרטאָדאָקסאַלסטער מאַרקסיסט, האָט הערר סטאָלפּנער אָהן אויפהער געקעמפּפט

צוליעב דעם כבוד פון דער אַסימילאַציע אַנטקעגען דעם אידישען
נאַציאָנאַליזם. אין דער אידעע פון אַ זעלבסטשטענדיגער אידישער
אַרבייטער־בעוועגונג האָט הערר סטאָלפּנער געזעהען די גרעסטע
נאַציאָנאַליסטישע אַפּיקורסות, און וויפיעל אַרבייט און ענערגיע
האָט ער אויסגעגעבען אין דעם קאַמפּף אַנטקעגען אָט דער אידעע!
פון מאַרקסיזם צו ראַביניזם — אַזוי וואָלט הערר סטאָלפּנער גע־
קאָנט פאָרמולירען זיין פלוצים'דיגע פערוואַנדלונג. זי איז אין דער
אמת'ן געשעהן פלוצלונג. אין גאַנצען מיט צוויי יאָהר צוריק האָט
ה' סטאָלפּנער אין דער רעליגיעז־פילאָסאָפישער געזעלשאַפט גע־
קעמפּפט אַנטקעגען מערעזשקאָווסקי און ראָזאַנאָוו אין דעם נאָמען
פונ'ם פּאָזיטיוויזם, דער וויסענשאַפט און דעם שכל הישר. און
איצטער איז ער אַליין אין דעם לאַגער פון די גלויביגע און טרעט
מיט די פיס די פריהערדיגע אידעאַלען זיינע אין דעם נאָמען פון
דער רעליגיעזער אידעע. אָט ווי דער „יעווריייסקי מיר" גיט איבער
דעם סוף פון הערר'ן סטאָלפּנער'ס בעל־תשובה רעפעראַט: „אין
דער פערענטפערונג פון דער אידישער פראַגע וועלען ניט העלפען
קיינע רעצעפּטען — און אידען וועלען פערשווינדען, אויב פון זיי
וועט פערשווינדען דאָס רעליגיעזע בעוואוסטזיין; דאָס לעצטערע
איז זיך זעלבסט־צוועק; עס דיענט קיינעם ניט. בעסער גאָר ניט
עקזיסטירען, איידער עקזיסטירען, ווי אַלע פעלקער, אָהן אַ רעלי־
גיעזער אידעע. איך בין אַלע מאָל געווען אין דער מיינונג, אַז אי־
דען זענען אַ רעליגיעזע נאַציע; מיר האָט זיך אָבער געדוכט, אַז
אידיעזע רעליגיע האַלט אין פוילען, און אַז ממילא מוזען אויך די אי־
דען פערשווינדען, און מיר האָט זיך געוואָלט, אַז זיי זאָלען געפינען
זייער טויט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאַמפּף... איצטער אָבער
גלויב איך אין יענער רעליגיע און רוף, מיר זאָלען זיך אומקעהרען
צו דעם אור־קוואַל. שמע ישראל! ד' אלהינו, ד' אחד!" אַזוי
האָט דער נעכטיגער מאַרקסיסט פּאַטעטיש פערענדיגט זיינע רייד...
און דער „נאָווי וואָסכאָד", דער אָרגאַן פון דער אידישער פילאַנ־
טראָפּישער פּלוטאָקראַטיע, האָט איהם אונטערגעטראָגען דעם טי־
טעל: „ענטוזיאַסט, דענקער פון יודענטהום, ליידענשאַפטליכער
זוכער און שעטצער פון די אייביגע ווערטהען פון דעם יודאַאיזם".
אַ, ווי וואָלוועל איז דער ענטוזיאַזם אין אונזערע טעג, ווען די רעלי־
גיעזע זוכונגען זענען געוואָרען אַ מאָדע־זאַך. עס איז גענוג איבער־

צוזעצען די „וויעכי“ אין אידיש, כדי צו פערדיענען דעם טיטעל „דענקער פון יודענטהום“. די עפּאָכען פון פאַנאַנדערקריכען און אַרום־אירען האָבען אַלע מאָל געגעבען אַריבערלויפערס. פון׳ם מאַרקסיזם איז הערר סטאָלפּנער אַריבערגעלאָפען צו דעם ראַבי־ניזם. וואו וועט איהם אָנטרעפען די מאָדע פון דעם מאָרגענדיגען טאָג?“

דער טאָן פון דער גאַנצער נאָטיץ בעווייזט גאַנץ קלאָר, ווי אונצופריעדען איהר מחבר, הערר פּ. ב., איז מיט די שטרעמונגען, וואָס הערשען איצטער אין דעם אידישען לעבען. נאָך קלאָרער טרעט אַרויס די אונצופרידענהייט אין דעם לייט־אַרטיקעל, וואָס שטאַמט פון הערר פּ. באָגראָוו.

מיר ברענגען פון איהם נאָר איין איינציגע, אָבגעקירצטע שטעל.

„די נעכטיגע פיינד, לויט זייערע קלאַסען־אינטערעסען, פער־אייניגען זיך ענג, לויט די אינטערעסען פון׳ם שפּראַכען־קאַמפּף, און עס ענטשטעהט אַ נייע פּאַרטיי — די „אידישיסטען“ — אַ פּאַרטיי, וואָס פאַר איהר שטעהען די אינטערעסען פון דער שפּראַך העכער פון אַלץ... דער עיקר און דאָס אַלגעמיינע ווערט אונטער־וואָרפען אונטער דעם תפל און דעם פּרט. קליינינקע פראַגען ווערען פאַנאַנדערגעבלאָזען ביז צו דער גרויס פון גראַנדיעזע פּראָבלעמען... די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען האָבען געבראַכט מיט זיך, אין איינעם מיט דער ראָמאַנטישער בעציעהונג צום דעם עבר, אויך דעם וואוקס פון קלעריקאַלע שטימונגען. צביעות און עקעלהאַפטע רמאות אין רעליגיעזע פראַגען געהען האַנד אין האַנד מיט דעם איצטיגען פאַנאַנדערקריכען. עס איז געוואָרען אָנצואווייזען אויף די לעבערליכע „רעליגיעזע זוכענישען“ פון אַ געוויסען טייל פון אונזער ליטע־ראַטור, וואָס קאָפּירט שקלאַוויש דאָס, וואָס קומט פאָר אין דער רוסישער ליטעראַטור. מערעזשקאָווסקי, בערדיאַיעוו און ראָזאַנאָוו האָבען זיך פערהויקערט אָבגעשפּיעגעלט אין זשיטלאָווסקי און סטאָלפּנער“.

דאָ מוזען מיר זיך אָבשטעלען.

איך מוז צו מיין גרויסער שאַנד מודה זיין, אַז איך האָב אין מיין לעבען ניט געלייענט קיין איין וואָרט פון די רעליגיאָנס־פילאָ־סאָפישע שריפטען פון די הערען מערעזשקאָווסקי, ראָזאַנאָוו און

בערדיאיעוו און אז דעם זשורנאל „וויעכי" האָב איך קיין מאָל אין מיינע הענט ניט געהאַט. נאָך מעהר: איך האָב קיין זאַך ניט געלייענט וועגען זיי. געהערט האָב איך נאָר, אז זיי זענען גאַנץ געוועהנליכע מעטאַפיזיקער אָהן א ברעקעל זעלבסטשטענדיגען פילאָסאָפישען ווערטה. איך קאָן דעריבער ניט וויסען אויף זיכער, אויף וויפיעל מיינע אַנשויאונגען, מיט וועלכע הערר באַגראָוו איז הפנים אויך בעקאַנט, געהען זיך צונויף אָדער געהען זיך פאַנאַנדער מיט די אַנשויאונגען פון יענע העררען. אָבער איין זאַך איז מיר דערביי קשה: ווי אַזוי האָבען זיך די אַנשויאונגען פון מערעזשקאָווסקי און קאָמפּאַניע געקאָנט אָבשפּיעגלען אין אַזעלכע צוויי פון גרונד־אויס פערשיידענע ריכטונגען, ווי סטאָלפּנער'ס און מיינע?

הערר סטאָלפּנער שטעהט אויף דעם באָדען פון „ישראל ואוריתא חד": דאָס אידישע פאָלק איז אויף אייביג פערבונדען מיט דעם אידישען גלויבען. איך קעמפּף אַנטקעגען דעם „ישראל ואוריתא חד", זינט איך בין אַרויס אויפ'ן פעלד פון עפענטליכער טעטיגקייט.

הערר סטאָלפּנער רופט צוריק צו דעם „יודאַאיזם". פאַר מיר, ווי פאַר משה העסס, צ. ב., איז יעדע היסטאָרישע רעליגיע, וואָס ליעגט הינטער ספּינאָזאַ'ן, אַן איבערגעלעבטע זאַך, א שטיק פון דעם גייסטיגען עבר. איך זעה די רעליגיעזע ענטוויקעלונג פון דער מענשהייט אין דעם ווייטערבויען אויף דעם פונדאַמענט פון ספּינאָזאַ'ס פּאַנטעאיזם — מיט די מיטלען און די גרונד־פּרינציפּען פון קאַנט'ס קריטישער פילאָסאָפיע.

אויב סטאָלפּנער איז אַן אָבשפּיעגעלונג פון מערעזשקאָווסקין, קאָנען דאָס ניט זיין יענע געדאַנקען, פאַר וועלכע איך שטעל מיך איין.

און ווען מיר נעהמען אפילו סטאָלפּנער'ן אליין! מיט וואָס פאַר א רעכט וואַרפט מען פאַר „שקלאַווישע אָבשפּיעגעלונג" א מענשען, פון וועמען מען דערצעהלט אליין, אז ער האָט ניט לאַנג צוריק געקעמפּט אַנטקעגען די דאָזיגע אַנשויאונגען? דער, וואָס קעמפּפט און גיט זיך אונטער, בעוויייזט דערמיט, אז ער שפּיעגעלט ניט אָב געוויסע אַנשויאונגען „שקלאַוויש", ד. ה. אונבעוואוסט און אָהן קריטיק. ער גיט זיך אונטער דערפאַר, ווייל ער האָט איינגעזעהען, אז אָדער די דאָזיגע אַנשויאונגען

געהען ניט להיפך צו דעם „פּאָזיטיוויזם, דער וויסענשאַפט און דעם שכל הישר“, אָדער אז די אַלע דריי שעהנע זאַכען זענען אין די העכערע עולמות באַנקראָט און האָבען זיך ניט וואָס אריינצומי־שען אין זיי.

און גלאַט דער איינפאַל פון א מ א ר ק ס י ס ט, צו דער־קלעהרען די גייסטיגע שטרעמונגען פון דער צייט דורך „שקלאַווישע אָבשפּיעגלונג“ פון געוויסע אידעען. און וואו איז יענע ל ע ב ע־ד י ג ע ו ו י ר ק ל י כ ק י י ט, צו וועלכער דער מאַרקסיסט דאַרף קודם כל לויפען, כדי אין א י ה ר אויסצוגעפינען די וואָרצ־לען פון געוויסע אידעען, וואָס רייסען זיך אריין אין דעם עפענטלי־כען בעוואוסטזיין?

אָט צו דער לעבעדיגער ווירקליכקייט, צו די לעבענס־נויטען פון געוויסע געזעלשאַפטליכע גרופּען מוזען מיר זיך ווענדען, כדי צו פערשטעהן, וואָס עס שפּיעלט זיך אָב אין די הימעלס־ספערען פון דעם עפענטליכען געדאַנק, און האָט מען צו טהאָן מיט פּראָ־דוקטען פון׳ם אידישען שאַפען, דאַרף מען קודם כל געדענקען, אז די בעשאַפען זענען א י ד ע ן, וואָס געהערען צו יענער געזעל־שאַפטליכער גרופּע, וועלכע מען רופט אָן „דאָס אידישע פאָלק“, און אז ממילא מוזען זיי אָבשפּיעגלען יענע ל ע ב ע נ ס נ ו י־ט ע ן, וואָס זענען אָנגעוואַקסען ביי דעם אידישען פאָלק.

בנוגע צו דעם רעליגיעזען פּראָבלעם האָט דאָס אידישע בע־וואוסטזיין פון דער נייער צייט ארויסגעבראַכט דריי שטעלונגען: דאָס איז ערשטענס די שטעלונג פון דעם „אפּיקורס“; דאָס איז צווייטענס די שטעלונג פון דעם „בעל־תשובה“ אָדער דעם „גר־צדק“, ווי מען קאָן איהם אָנרופען; דאָס איז דריטענס די „נאַציאָ־נאַל־פּאָעטישע ווידערגעבורט“, וועלכע מיר פערטיידיגען.

א פּאָר ווערטער וועגען די ערשטע צוויי, איידער מיר געהען איבער צו דער דריטער.

דער אַלטער אפּיקורס איז אין איין פּונקט אן אמת׳ער „ירא שמים“: ער ציטערט פאַר גאָט, ריכטיגער געזאָגט פאַר דעם גלוי־בען אין אן איבערנאַטירליכע וועלט, ווי דער פרומער איד ציטערט פאַר דער „קליפּה“. אַלץ, וואָס איז נאָר ווי לויז פערבונדען מיט דעם אידישען רעליגיעזען לעבען, רופט ארויס אין זיין נשמה א גע־פיהל פון שפּאָט, האַס און פעראַכטונג. די עפענטליכע בעליידיגונ־

גען, וועלכע די אַפּיקורסים האָבען אָנגעטהאָן דער אידישער רעליגיע, — די יום־כפור־בעללער, דער חלול־שבת בפרהסיא, — זענען ניט נאָר געווען מיטלען צו פּראָפּאַגאַנדירען דעם פרייען קריטישען גע־דאַנק, נאָר אויך אַ מין פּערזענליכע נקמה אָן אַ געדאַנקען־וועלט, וואָס האָט פריהער געהאַלטען פערשקלאַפט דעם אייגענעם יונגען, צו ליכט און פרייהייט שטרעבענדען גייסט. דעם נקמה־געפיהל האָט ער אויסגעדריקט ניט נאָר עפענטליך, נאָר אויך פּריוואַט, בחדרי חדרים, דאָרטען, וואו דאָס עפענטליכע אַרויסטרעטען איז געווען פערבונדען מיט אַ צו שטאַרקער געפאַהר. אַ יונגער אַפּיקורס האָט א י י נ ע ר א ל י י ן, בעהאַלטענערהייט, זיך געקוויקט אום יום־כפור מיט חזיר און ברויט און האָט זיך נאָך מצער געווען, וואָס יום־כפור פאַלט ניט אויס אום פסח: ער וואָלט שוין פאַר איינס מקיים געווען די עבירה פון חמץ.

שוין די העפטיגקייט און טיעפקייט פון אַזאַ פּראָטעסט איז אַ גוטער בעוויז, אַז זיינע וואָרצלען זיינען געלעגען ניט אין דעם צולאָזענעם „עבדיה בהפקירא“, ווי דאָס האָט אויסגעדוכט דער אַלטער וועלט, נאָר אין יענער נאַציאָנאַלער לעבענס־נויט, וואָס האָט געצוואונגען דאָס אידישע פאָלק אַרויפצוטרעטען אויף דעם וועג פון מאָדערנע בילדונג און ציוויליזאַציאָן, — אַ שריט, וואָס וואָלט, לויט די היסטאָרישע אומשטענדען פון יענער צייט, געווען אַבסאָלוט אונמעגליך, אויב מען וואָלט מיט געוואַלד ניט פאַנאַנדערגעריסען די אייזערנע קעיטען פון דער אַלטער אמונה.

אמת, אָט דער נ א צ י א נ א ל ע ר זין פון זיין רייסען און ברעכען איז קיין מאָל ניט געשטאַנען קלאָר פאַר דעם גייסטיגען אויג פון דעם אַלטען אַפּיקורס, פונקט ווי דעם איינצעלנעם אַרביי־טער איז ניט קלאָר, אַז זיין גאַנצע גייסטיגע וועלט ווערט בעהערשט דורך די לעבענס־נויטען פון דעם אַרבייטער־קלאַס און אין לעצטער ליניע — פון די לעבענס־נויטען פון דער געזעלשאַפטליכער ענט־וויקעלונג.

ווי אַזוי די אינטערעסען פון אַ גרופּע, צו וועלכער איינער בעלאַנגט, ווירקען אויף די געפיהלען און געדאַנקען פון דעם איינ־צעלנעם; ווי א ז ו י אין איהם ווערט געשאַפען די אילוזיע, אַז ע ר איז דער איינציגער מקור פון אַלץ, וואָס קומט פאָר אין זיין נשמה, בעת די גאַנצע ריכטונג פון זיין גייסטיגען לעבען ווערט

דיקטירט דורך די אינטערעסען פון דער גרופּע, — אָט די אַלע זעהר אינטערעסאַנטע פראַגען זענען נאָך עד היום ניט אויסגע־פאָרשט געוואָרען ווי געהעריג, און וועלען ערשט יעמאָלט קלאָר אויפגעדעקט ווערען, ווען די פּסיכאָלאָגיע וועט מיט איהרע מיטלען אַ נעהם טהאָן זיך פאַר די פּראָבלעמען, וואָס דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָם און דער סאָציאָלאָג גיבען איהר אויף. על כל פּנים, געהערט צו די וויכטיגסטע רעזולטאַטען פון דער סאָציאָלאָ־גישער פאָרשונג דער פאַקט, אַז הינטער די בעוואוסטע גע־דאַנקען פון דעם איינצעלנעם שטעהען די לעבענס־נויטען פון זיין גרופּע, פון יענעם גרעסערען כלל, צו וועלכען ער געהערט לויט זיין געבורט אָדער לויט זיין לאַגע.

אָבער ווייל די אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלקס־לעבען זענען דאָס רוב געשטאַנען הינטער דעם בעוואוסטזיין פון דעם איינצעלנעם אפּיקורס, האָט ער אונבעוואוסט געשפּיהרט ניט מעהר ווי די ריכטונג, אין וועלכער ער ווערט געטריבען, האָט אָבער ניט איינגעזעהען ניט דעם אינוועניגסטען תוך פון דער גאַנצער בעוועגונג, ניט איהרע לעצטע ציעלען און ממילא אויך ניט די גרעניצען, אין וועלכע זי דאַרף זיך אָבשפּיעלען.

„בוי איבער די יסודות פון דעם אידישען פאָלקס־לעבען! שטעל עס אַנידער אויף דעם פונדאַמענט פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן און דעם פרייען מענשליכען געדאַנק!“ — דאָס איז געווען דער בעפעהל, וועלכע די לעבענס־נויטען פון דעם אידישען פאָלק האָבען ארויסגעגעבען דער אפּיקורסות. אָבער אין די קעפּ פון די איינצעלנע אפּיקורסים האָט זיך דער דאָזיגער בעפעהל צונויפגע־פלאָנטערט מיט אַ גאַנצען קנויל אַנדערע מאָטיווען, אריבערגענומע־מענע פון דער בעשטימטער צייט אין דעם בעשטימטען לאַנד, אין וועלכע ער האָט געלעבט. די אַלטע היסטאָרישע אידעען־פערבינדונג פון רעליגיאָן און נאַציאָן; די קאָסמאָפּאָליטישע שטרעמונגען אין דער ראַדיקאַלער אַטמאָספערע; די ביישפּיעלען פון „פריי“ און „מענשליך“, וועלכע ער האָט געזעהען נאָר אין דער נאַציאָנאַלער פאָרם פון דער הערשענדער קולטור, — דאָס אַלץ און נאָך אַנדערע מאָטיווען האָבען געטריבען צו דער טעאָריע פון דער אַסימילאַציע. ניט די אַלטע יסודות פון דעם אידישען פאָלקס־לעבען האָט מען געלייקענט, נאָר די עקזיסטענץ גופא פון׳ם פאָלק, זיין פרייע און

זעלבסטשטענדיגע ענטוויקעלונג אין דער צוקונפט, ווי ביי די פעל־קער פון דער גאנצער וועלט.

א דאנק דער אפיקורסות האָבען זיך געעפענט פאר א גרויסען טייל פון דעם אידישען פאָלק די קוואלען פון בילדונג און ציוויליזאציע. דער מאסשטאב פון דעם אלגעמיין מענשליכען אמת איז אריינגעלעגט געוואָרען אין די הענד פון דער אידישער אינטעליגענץ. דאָס רעכט פון פרייע קריטיק בנוגע צו אלע אלטע טראדיציעס האָט די אפיקורסות אויסגעקעמפפט אין לעבען. עס איז אויפגעוואַק־סען די אויפגאבע פון דעם אומקעהר אהיים, כדי אָבצופרישען און בעלעבען די כחות פונ'ם פאָלק מיט די קוואלען פון נייעם לעבען. די פעריאָדע פון דער ריין נעגאטיווער אפיקורסות האָט אָבגעלעבט איהר צייט און די געשיכטע האָט זיך שוין געווענדט צו איהר מיט דעם בעקאנטען אויסרוף: „דער מורין האָט זיין שולדיגקייט געטהאָן, דער מורין קאָן געהן“.

מיט די היסטאָרישע מורינעס איז אָבער אלע מאָל די צרה, וואָס זיי פערשטעהען ניט דעם וואונק פון דער צייט. דאָס רוב פון זיי בלייבט פערגליווערט אין די אלטע אפיקורסיש־אסימילאטאָרישע דאָגמען. אָבער ווי גרויס זייער ווירקונג זאָל ניט זיין אין לעבען, זייער היסטאָרישע, פאָרווערטס־טרייבענדע מאכט איז גע־בראָכען. אויף א גרויסען צו־וואוקס פון נייע, יונגע כחות האָבען זיי ניט וואָס צו האָפען. איצטער קאָן אן אפיקורס אין דעם אלטען אסימילאטאָרישען זין ווערען נאָר דער, וואָס האָט זיין יוגענד פערבראכט אין דעם לופט־און־ליכט־לעערען רוים פון דער אלטער פרומקייט און וועמען א ליליענבלום'ס „חטאות נעורים“ האָט פלוצלונג „אָבגעעפענט די אויגען“. אָבער דאָס רוב פון אזעלכע פערשפעטיגטע אפיקורסים קוקען זיך באלד ארום אין דער נייער וועלט און בעמערקען באלד, אז דער „מאָדערנער“ געדאנק, צו וועל־כען זיי זענען צוגעשטאנען, איז בעצם דער געדאנק פון די זעכציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט; אז דער רוח הקודש פון דעם היסטאָרישען פראָגרעס האָט זיך שוין לאנג פון איהם אָב־געטהאָן און אז די נייע צייט פערלאנגט א גאנץ אנדער שטעלונג, סיי צו דער רעליגיאָן, סיי צו דער נאציאָן. מיט דעם אריינדרינגען פון דעם מאָדערנעם פראָגרעסיווען נאציאָנאליזם אין די ברייטע מאסען פון'ם פאָלק ווערט בעשאפען די מעגליכקייט, אז דער שטאָק־

פרומער איד זאָל אריבערגעהן צו א העכערער פּראָגרעסיווער וועלט־אנשויאונג און זאָל דערביי זיך ניט דארפען אָבזאָגען אין הארצען פון זיין פאָלק און אויך ניט דארפען שפייען אין פּנים דער רעליגיע פון זיינע עלטערן. די מעגליכקייט גיט איהם די נאַציאָנאַל־פּאָעטי־שע ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע.

מען דארף אָבער ניט מיינען, אז די דאָזיגע ווידערגעבורט איז א מין פּראָגראַם מיט א פעסטגעשטעלטען שלחן־ערוך אָדער מיט קלאָר פאָרמולירטע פּרינציפּען. דאָס איז מעהר א שטימונג און א געפיהל און ממילא קאָן זי ארויסווייזען זיך אין פערשיידענע שטופען, איינע שטאַרקער און ערנסטער ווי די אַנדערע. פון איהר ערשטען אָנהויב, דעם „שמעלץ־פונקט", וואו דער אייז פון דעם אַלטען טומאה־געפיהל הויבט נאָר וואָס אָן צו צוגעהן, ציעהט זיך א שטופע נאָך א שטופע, אין וועלכע דער נאַציאָנאַל־פּאָעטישער אינהאַלט פון דער אידישער רעליגיע ווערט אַלץ טיעפער און ערנ־סטער, ביז ער דערגרייכט דעם „זיעד־פונקט", יענעם מאָמענט, ווען עס הויבט שוין אָן צו שלאָגען דער ד א מ פ ף פ ו ן ד ע ם מ י ס ט י ש ע ן ג ל ו י ב ע ן און טראָגט זיך אום ווי א וואָלקען איבער דעם מעטאפיזישען און דעם טעאָלאָגישען הימעל. די נאַ־ציאָנאַל־פּאָעטישע שטימונג געהט דאָ אריבער אין ריינע רעליגיע.

עס פערשטעהט זיך, אז ניט אַלע מענשען מוזען דורכמאַכען דעם פּראָצעס, שטופע נאָך שטופע, ביז'ן סוף. אייניגע קאָנען בליי־בען שטעהן אויף אייביג ביי א וועלכער עס איז שטופע, לויט דער „טעמפּעראַטור" פון זייער געפיהל צו דעם אידישען פאָלק און זיינע רעליגיעזע טראַדיציעס, און עס איז פאַר קיינעם קיין חוב ניט דערוואַרעמען זיך צו דער דאַמפּף־היטץ פון א מיסטישען גלויבען.

אין נאָרמאַלע אומשטענדען שפּיעלט די לעצטע פאַזע — די א י ב ע ר ג ע ה י ט צ ט ע — קיינמאָל קיין בעדייטענדע ראָלע ניט אין דעם פּראָגרעסיווען לעבען פון א פאָלק: די אמת'ע רעליגיע איז ביז אַהער אַלע מאָל געווען דאָס גליק און די פּריווילעגיע פון אויסדערוועהלטע יחידים. אונטער געוויסע אומשטענדען אָבער בעמערקען מיר ביי אַלע פעלקער, אז א גרויסער טייל פון דער ראַדי־קאַלער אינטעליגענץ שפּרינגט אריבער מיט א מאָל פון דעם „נע־פריהר־פונקט" צו דעם „זיעד־פונקט". דאָס פּאַסירט אַלע מאָל יעמאָלט, ווען זי דאַרף זיך אין גאַנצען בעפרייען פון וועלכע עס

איז קאָסמאָפּאָליטישע אָדער אַסימילאַטאָרישע איינפלוסען פון דרויסען. מיט דערזעלביגער האַסטיגקייט, מיט וועלכער זי האָט פריהער פערלאָזען די אַלטע טראַדיציעס פון פאָלק, פערברענט זי איצטער איהרע נייע געטער און וואַרפט זיך אָהן שכל אין די אָרעמס פון דער אַלטער רעליגיע. אין דייטשלאַנד האָט זיך דער פּראָצעס אָבגעשפּיעלט אין דער צייט פון די מלחמות אַנטקעגען נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען און די פּאָר צעהנדליג יאָהר נאָך זיי, כמעט ביז דער מיטע פון די דרייסיגער יאָהרען. די מיטעלאַלטערליכע ראָמאַנטיק, מיט דעם צוריקקעהר צו דעם פאָלקס־גלויבען, האָט ביי אַ געוויסען טייל פון דער דייטשער אינטעליגענץ פערנומען דעם פּלאַץ פון דער פריהערדיגער פרייגייסטעריי, וואָס האָט צו אַ גרויסען טייל אָבגעשטאַמט פון דער פ ר אַ נ צ ו י ז י ש ע ר אויפקלעהרונג. „פראַנצויזענפרעסעריי“ איז אַריין אין דער מאָדע און דאָס „דייטשטהום“ אָדער „טעווטאָנענטהום“ איז פערהייליגט געוואָרען. „טעווטאָמאַניע“ האָט דאָס דער פּראָגרעסיווער גערדאַנק אַ נאָמען גענגעבען. אין רוסלאַנד האָט זיך דער פּראָצעס אָבגעשפּיעלט אַביסעל שפּעטער און האָט דאָרטען אַרויסגעבראַכט דאָס „סלאַוואָפּילענטהום“, די רעאַקציע אַנטקעגען דער פראַנצויזישער אַסימילאַציע, וואָס האָט בעהערשט די מוחות פון דער אינטעליגענץ.

ווי די „טעווטאָמאַנען“, אַזוי האָבען אויך די סלאַוואָפּילען געלערנט, אַז קיין אַלגעמיין־מענשליכער אמת איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ; אַז דער אמת איז פערשיידען פון פאָלק צו פאָלק און אַז ער ליעגט ניט אין די פאָרשונגען פון דעם יחיד, ווי געניאַל ער זאָל ניט זיין, נאָר אין די הונדערטיעהריגע פּראָדוקטען פון דעם פאָלקס־שאַפען. „ווילסטו זיין אַ טריי קינד צו דיין פאָלק, איז יעמאָלט בויג דיינע קניה פאַר די טראַדיציעס פונ׳ם פאָלק, ווייל אין זיי דריקען זיך אויס די פערבאָרגענסטע סודות פון זיין נשמה. זאָג זיך אָב פון ד י י ן מאַסשטאַב וועגען אמת, יושר און שעהנקייט און הויב אָן קוקען אויף אַלץ מיט די אויגען פונ׳ם פאָלק“ — דאָס איז געווען דער לאָזונג פון די סלאַוואָפּילען און טעווטאָמאַנען.

מיט וואָס דער דאָזיגער גייסטיגער פּראָצעס האָט זיך געענדיגט, איז אונז בעקאַנט. זיין היסטאָרישער תוך איז געלעגען אין דעם צוריקגעהן צום פאָלק, און ווי נאָר ביי דער אַסימילאַציע איז געבראָכען געוואָרען דער חוט השדרה, ווי נאָר דאָס נאַציאָנאַלע לע־

בען איז געוואָרען נאָרמאַל, אזוי האָט זיך דער דאַמפּף פון דעם מיסטישען גלויבען ווידער פערוואַנדעלט אין קריסטאַל־קלאָרע קולטור־שטראָמען, וואָס האָבען גענומען בעפּרוכטען די איינענע, פערלאָזט געוועזענע פעלדער.

אַן ענהליכער פּראָצעס שפּיעלט זיך איצטער אָב אין דעם אידישען לעבען. איינצעלנע פעלען פון ווידער־פרום־ווערען האָבען קיינמאָל ניט געפעהלט אין דעם לעבען פון דער אידישער אינטעלי־גענץ, זינט די פּאָגראָמען פון די זיבעציגער און אכטציגער יאָהרען. אָבער צו אַ מעכטיגער פאָלקס־ערשיינונג איז דאָס געוואָרען נאָר אין אונזערע טעג, ווען זי ציעהט צו צו זיך בעדייטענדע מאַסען פון פאָלק, וויכטיגע טהוער און דענקער כמעט אין אַלע לענדער פון דער ציוויליזירטער וועלט. עס איז אויסגעוואַקסען אַ בענקשאַפט נאָך אמת׳ער רעליגיעזער אידישקייט, אַן „אין־שטויב־וואַרפען־זיך־פאַר׳ן אָרון־קודש“, ווי איך האָב דאָס פריהער אָנגערופען, אַן אמת׳ע מאַניע זיך אין גאַנצען צונויפצוגיעסען מיט דעם ליידענדען פאָלק אין זיינע היסטאָריש־רעליגיעזע טראַדיציעס. מיר לעבען איצטער דורך די פעריאָדע פון „יודאָ־מאַניע“. „צוריק צום יודענטהום!“ איז די פּאַראָלע, און אין דעם צענטער פון די גייסטיגע אינטערעסען ווערט אוועקגעשטעלט די פראַגע: „וואָס איז דער אמת׳ער תוך פון׳ם יודענטהום?“ פּראָפעסאָר הערמאַן קאָהען און פּראָפעסאָר לודוויג שטיין; אחד העם און דובנאָוו; סטאָלפּנער און דר. י. ל. מאַגנעס (אין זיין לעצטער ענטוויקעלונגס־פאַזע), — וואָס פאַר אַ פערשיי־דענקייט פון פיגורען, גייסטיגע ריכטונגען, כאַראַקטערען! אָבער זיי אַלע דאַרפען אַרומגענומען ווערען מיט איין איינציגער רייף. זיי אַלע זענען איצטער קראַנק אויף דער חלאת פון דער צייט, דער יודאָ־מאַניע.

קאָנען מיר האָפען, אַז אויך ביי אונז וועט די מאַניע באַלד אריבערגעהן, אַז אויך דאָ וועט דער איבערגעהיטצטער מיסטישער דאַמפּף זיך באַלד אָבקיהלען צו קריסטאַל־קלאָרע קולטור־שטראָמען?

על פי אַנאַלאָגיע האָט מען געמאָגט אָננעהמען, אַז יע. און זיכער איז, אַז סוף־כל־סוף וועט אויך די אידישע אינטעליגענץ זיך אויסהיילען פון דער חלאת. אָבער ביי אונז, אידען, איז דער ענין, ליידער, ניט אזוי פשוט ווי ביי די אומות העולם. די פּראָבלעמען פון דער קולטורעלער ענטוויקעלונג, ד. ה. פון דעם גאַנצען היס־

טאָרישען לעבען, קאָנען דאָרטען זעהר לייכט אָבגעטיילט ווערען פון די פראַגען וועגען דעם נאַציאָנאַלען זיין אויף דער וועלט, ווייל די עקזיסטענץ פון דאָס רוב אייראָפּעאישע פעלקער שטעהט ניט אין געפאהר. נאָך לייכטער קאָן זייער קולטורעלער פאָרטשריט זיך בעפרייען פון דער רעליגיעזער מאכט. און די וועניגע נאַציאָנען, וואָס דארפען תמיד שטעהן אויף דער וואך פון זייער נאַציאָנאַלען קיום, האָבען לכל הפחות אַן אייגען לאַנד, וואָס איז שוין פאַר זיך אַ שטאַרקע שמירה אנטקעגען דעם נאַציאָנאַלען טויט. די רעלי־גיאָן שפּיעלט אויך ביי זיי גאָר ניט קיין קליינע נאַציאָנאַלע ראָלע, אָבער זי איז פאָרט ניט די איינציגע קולטור־פאָרם, אין וועלכער עס גיסט זיך אויס די נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייט פון פאָלק. אויך ביי זיי קאָן דעריבער געמאָלט זיין אַ פאָלשטענדיגע גלייכגיל־טיגקייט צו דער רעליגיע און דערפון זאָלען ניט ליידען די נאַציאָ־נאַלע אינטערעסען פונ׳ם פאָלק. גאַנץ אַנדערש איז עס מיט אונז, וואָס מיר זענען געצוואונגען צו געהן, ווי אַקראָבאַטען, אויף אַ שטריק, מיט דעם איינציגען באַלאַנס פון דער רעליגיע אין די הענד. דאַ קאָן מען ניט ערוואַרטען, אַז די פרום־געוואָרענע אינטעליגענץ, וועמעס פרומקייט האָט דורך און דורך אַ נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, זאָל זיך אַזוי גרינג צושיידען מיט דעם איינציגען באַלאַנסיר־שטאָק און פערלאָזען זיך אויף אונז, וואַרטען ביז מיר, די ראַדי־קאַלען, וועלען אויסאַרבייטען אַן אַנדער דערהאַלטענדע קראַפט, אויף וועלכער דאָס פאָלק זאָל זיך קאָנען פערטרויען.

באמת גערעדט, וואונדערט מיך גאָר ניט, וואָס אונזערע „יודאַאיסטען“ קאָנען בשום אופן ניט איינזעהן, אַז די פּראָגרעסיווע עלעמענטען פון דעם פאָלק אַרבייטען שוין איצטער אינסטינקטיוו אויס די נויטיגע דערהאַלטענדע נאַציאָנאַלע קראַפט: די מאָדערנע אידישע קולטור אין דער אידישער שפּראַך. כל זמן די יונגע קול־טור לעבט נאָך ווי אַ וואַסער־פלאַנץ, וואָס ווערט אַרומגעטריעבען איבער דעם שטראָם פון דעם היסטאָרישען לעבען, אָהן פעסטע וואָרצלען אין דעם באָדען, אין דעם פאָלק גופא; כל זמן די איבער־געבענקייט צו אָט דער אידישער קולטור איז נאָך ניט אַריינגע־דרונגען אין די הערצער פון די גרויסע אידישע מאַסען (און דאָס האָט די אידישע קולטור אפשר נאָך גאָר ניט פערדיענט), וועלען אונזערע „יודאַאיסטען“ האָבען גענוג אורזאַכען ביטער צו קעמפּפען

אנטקעגען דעם, אַז די רעליגיעזע פעסטונגען פון דעם פאָלק זאָלען אָראָבגעשלייפט ווערען ביז צום גרונד, און אויף אַזאַ'ן אופן קאָן ביי אונז דער בעפרייאונגס־פּראָצעס פון דער רעליגיעזער מאַניע געדויערן אַ סך לענגער, איידער ביי אַלע אנדערע ציוויליזירטע פעלקער.

דאָס דאַרף אָבער ביי אונז, די אָנהענגער פון דעם פרייען געדאַנק, נאָך שאַרפער ארויסרוקען דעם פּראָבלעם: ווי מאַכט מען, אַז די פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע פאַקטאָרען זאָלען קאָנען בעסער קאָנקורירען מיט דער רעליגיעזער טראַדיציע? קאָן מען אפשר אויסנוצען די אַלטע פּ אָ ר מ ע ן פון דעם רעליגיעזען לעבען אַזוי, אַז אין זיי זאָל אַריינגעגאָסען ווערען אַ נייער אינהאַלט, וואָס זאָל אַ ברעקעל ניט געהן להיפּך צו דעם פרייען געדאַנק? אפשר ליעגט אין זיי גופא אַ געוויסער אינהאַלט, וואָס קאָן לייכט אָבגעריינינגט ווערען פון אַלע איבערנאַטירליכע צומישעכצען, וואָס האָט אָבער פון דעסטוועגען אין זיך גופא גענוג קראַפט צוצוציהען צו זיך דעם ענטהוזיאַזם פון'ם פאָלק?

מיר דוכט, אַז די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע קאָן אויף אַלע אָט די פראַגען געבען אַ בעפריע־דיגענדען ענטפער.

---

.2

איינער פון מיינע קריטיקער, הערר Z פונ'ם „יעווערעיסקי מיר", איז ניט צופריעדען מיט מיין דערקלעהרונג, וואָס אַזוינס איז רעליגיאָן, וועלכע איך האָב געגעבען אין מיין ארטיקעל „רעליגיע און נאַציע".

ער מיינט, ס'איז פאַלש צו זוכען דעם „תוך" פון דער אמת'ער רעליגיע אין דעם געפיהל פון „היילינקייט" און „אונענדליכקייט", ווי מיר האָבען עס געטהאָן, און אָבראָמען פאַר דער דאָזיגער וועלט פון היילינקייט און אונענדליכקייט אַ בעזונדער פּלאַץ, וואָס איז דורכאויס פערשיידען פון די העכסטע מענשליכע אידעאַלען: אמת, יושר און שעהנקייט.

„מיר זאָגען זיך לגמרי אָב צו פערשטעהן", שרייבט ער, „ווי אַזוי מען קאָן „היילינקייט" אָוועקשטעלען אנטקעגען „אמת, יושר

און שעהנקייט", ווי דאָס טהוט הערר זשיטלאָווסקי? וואָס זשע איז דען היילינקייט, אויב ניט די פּערסאָניפיצירונג פון די דריי ליכטיגע אידעאַלען פון דער מענשהייט?" *)

ווען איך וואָלט אפילו צוגעגעבען, אז „היילינקייט" איז ניט מעהר ווי א צונויפשמעלצונג פון אמת, יושר און חן, וואָלט איך יעמאָלט געבליבען די שאלה וועגען „אונענדליכקייט", וואָס לאָזט זיך ניט אריינשטופּען אין די דאָזיגע דריי־אייניגקייט פונ׳ם מענש־ליכען אידעאַל. אין דער אמת׳ן זענען דאָ א סך רעליגיאָנס־וויסענשאַפטליכע טעאָרעטיקער — ווי צ. ב. עדוואַרד צעללער און מאַקס מיוללער — וואָס דערקלערען דעם וועזען פון רעליגיאָן נאָר דורך דעם שטרעבען פון דעם מענשען צו אונענדליכקייט.

אָבער אויך אין דעם פּונקט פון היילינקייט קאָן איך ניט מסכים זיין מיט מיין געעהרטען הערן קריטיקער. „היילינקייט" ווי „אונ־ענדליכקייט" זענען גאַנץ בעזונדערע געפיהלען, אייגענאַרטיגע, און עס איז ניט לייכט אין ווערטער אויסצודריקען זייער תוך. מיר וועלען מיט א פּאָר ביישפּיעלען בעווייזען, אז די היילינקייט איז א בעזונדער געפיהל, וואָס שפּרינגט ארויס אין גאַנץ בע־שטימטע פעלען, און האָט ניט צו טהאָן מיט א צונויפגיסונג פון אמת, יושר און שעהנקייט.

בעטראַכט א זיצונג אין א געריכטס־הויז. מען בעשולדיגט א שלעפּער, אז ער האָט גע׳גנב׳עט א ווערטפולען חפץ און האָט קונציג בעהאַלטען אַלע עקען פון זיין פערברעכען. דער פּראָקוראָר איז א שאַרפזיניגער שערלאָק־האָלמישער קאָפּ און פון א פּאָר פאַקטען, וועלכע דער שלעפּער און זיין אדוואָקאַט קאָנען ניט לייקענען, שמידט ער אויס א רינג נאָך א רינג, א גאַנצע אייזערנע קעיט פון ארגומענטען, און ברענגט ארויס דעם אמת, אז עס האָט ניט געקאָנט זיין קיין אנדער גנב, א חוץ דעם אָרעמען שלעפּער. די גאַנצע פּראָצעדור שפּיעלט זיך אָב אין אן אטמאָספערע פון שעהנקייט. שעהן איז דער געריכטס־זאַל, שעהן די רעדען פון די געבילדעטע יוריסטען, שעהן די זשעסטען פון זייערע הענד, שעהן דער פריהלינגס־טאָג, וואָס רייסט זיך אריין אין די אָפענע פענסטער. אפילו דאָס אויסזעהן פון דעם שלעפּער, זיינע צו־

*) „יעווריעסקי מיר" נומ. 30, 1911.

ריסענע טראַנטעס, די פער׳שכור׳טע נאַז, דער טעמפּער בליק, די געשוואָלענע, ווי מיט גלאָז בעדעקטע, בלאָהליכע ליפּען, ברענגען ארוים א ווירקונגס־פולען קאָנטראַסט, וועלכען יעדער עסטעטיקער וועט אָבשעצען מיט הנאה. דער ריכטער, דוקא ניט קיין שלעכטער מענש, הערט אוים די אייזערנע לאָגיק פון דעם פּראָקוראָר, אָבער, געריהרט פון דעם מענשליכען יושר, וואָס געהט אין דעם פאַל ניט להיפך צו דער שטרענגסטער, פּינקטליכסטער געזעצליכקייט, לאָזט ער בעפרייען דעם אָרעמען בעטלער.

דאָ האָט איהר פאַר זיך א פאַל, וואו „די דריי ליכטיגע אי־דעאַלען פון דער מענשהייט“ — אמת, יושר און שעהנקייט — האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איינעם. און פון דעסטוועגען איז די גאַנצע פּראָצעדור ניט קיין רעליגיעזע, און קיינער פון די צו־הערער האָט ניט איבערגעלעבט קיין רעליגיעזע שטימונג. פאַר וואָס? ווייל יענע „דריי ליכטיגע אידעאַלען פון דער מענשהייט“ זענען דאָ ארויסגעטראָטען אין זייער קליינליכער, וואָכעדיגער, „ענדליכער“ פאָרם און ממילא האָבען זיי ניט געקאָנט ארויסרופען קיין געפיהלען פון הייליגקייט און אונענדליכקייט.

אויב ביי דער בעטראַכטונג פון דעם שלעפער האָט אייער נשמה דורכגענומען דער גאַנצער עלענד און די טראַגיק פונ׳ם מענש־ליכען לעבען — און מענשליכע טראַגיק איז, ווי איהר ווייסט, איינער פון די וועגען, וואָס פיהרען צו הייליגקייט און אונ־ענדליכקייט, — איז נעהמט אן אנדער פאַל. אָנשטאָט דער גנבה — א „בריטש אָוו פּראָמים“־פאַל, וואו א יונגע, שעהנע, פרעהליכע אלמנה בעשולדיגט א בעיאָהרענטען באַנקיער, וואָס איז אויך ניט פון די אומעדיגע נפשות, אז ער האָט איהר צוגעזאָגט חתונה צו האָבען און וויל נישט האַלטען זיין וואָרט. אויך דאָ קאָנט איהר אויסמאָלען דעם צונויפגוס פון אמת, יושר און שעהנקייט, אָבער פון הייליגקייט און אונענדליכקייט, — און ממילא פון א רעליגיע־זער שטימונג, — וועט שוין דאָ קיין שמץ ניט זיין, ווייל אַלץ איז דאָ קליינליך, וואָכעדיג: „ענדליך“, ווי די פילאָסאָפיע דריקט זיך אוים.

צוריק ברענג איך דאָ אן אנדער פאַל פון מיין פּערזענליכער ערפאַהרונג, וואו „די דריי ליכטיגע אידעאַלען“ זענען אָדער גאָר ניט געווען, אָדער אָבגערוקט ווייט־ווייט ערגעץ וואו אן א זייט,

אָבער דאָס געפיהל פון הייליגקייט איז ארויסגעטראָטען קלאָר און שארף.

געווען איז דאָס אין אַן ערשטען מאי אין בערן, אין דער שווייץ. איך בין געגאַנגען שפּאַצירען און בין אריין, פארבייגעהענדיג, צו אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישען גענאָסען, מיינעם אַ בעקאַנטען שוסטער. אין שטוב איז געווען יום־טוב'דיג אויפגערוימט און צוגעפּוצט. די צוויי טעכטערלעך אויסגעוואַשען, אויסגעצוואָגט, אין ווייסע פאר־טיכלעך און מיט רויטע סטענגעס אין די שווארצע קינדערשע צעפּ. דער בעל־הבית, אויך אַן אויסגעוואַשענער, אין די זונטאַג־הויזען און זשילעט, אָהן דעם ראָק און אָהן דעם ארבייטס־פארטוך, איז געזעסען ביים אָפענעם פענסטער מיט אַ פּייפ אין מויל. אַ זיסע יום־טוב־רוה איז געווען אויסגעגאָסען אויף זיין מיעדען געזיכט.

— פאר וואָס זענט איהר ניט געגאַנגען צו דער פערזאַמ־לונג? — האָב איך געפרעגט. (איך האָב געמיינט דערמיט די אָפיציעלע פּארטיי־פערזאַמלונג, וואָס קומט פאָר אין דעם פאָר־מיטאָג פונ'ם ערשטען מאי).

— איך ווייס ניט, עפּעס ציהט ניט אהין. עס קומט מיר אויס צו וואָכעדיג. דער גרויסער, קאַלטער זאַל, די מענשען מיט די סיגארען אין מויל, מיט די ביער־גלעזער אויף די טישלעך... און אויף דער ביהנע קארל מאָאָר, *) וואָס דונערט ווי אַלע מאָל אנטקעגען דער רעגיערונג און רעכענט איהר אויס די חטאים פאר'ן גאַנצען יאָהר...

— נו, און אין מארש־צוג וועט איהר געהן?

— דעם אמת געזאָגט, אויך ניט מיט'ן גאַנצען הארצען. דער צוג אַליין איז אמת פייערליך. אָבער די וואָכעדיגע גאַס ארום, מיט די אָפענע קראָמען, מיט די בורזשויעס, וואָס שטעהען ביי די אָפענע פענסטער און טיהרען און קוקען אונז צו! און דער צוג אַליין איז פייערליך אויך נאָר דרויסען. אינוועניג ווייצעלט מען זיך וועגען דער היינטיגער רעדע, וועגען דער לעצטער פעראיינס־זיצונג, וועגען די מיידלעך אויפ'ן גאַס און אין די פענסטער... אָבער געהן וועל איך. ערשטענס, צוליעב די קינדער און, צווייטענס, מוז מען דעמאָנסטרירען אונזער מאַכט.

*) אַ טאַלאַנטפולער שווייצערישער אַגיטאַטאָר.

איך האָב איהם וואָרעם געדריקט די האַנד. איך פּלעג מיך אויך אַזוי נוהג זיין דעם ערשטען מאַי. אין דער פריה — בעסער געהן שפּאַצירען, און נאָך וואָרמעס — אין צוג, — „ניט מיט'ן גאַנצען האַרצען", נאָר צוליעב מיינע קינדער און מחמת מען מוז דעמאָנסטרירען די סאָלידאַריטעט מיט'ן סאָציאַליסטישען אידעאַל.

בעטראַכט איצטער די שטימונג פון מיין חבר, בעת ער איז געזעסען אין דער היים, — די שטימונג, וואָס האָט איהם ניט גע־לאָזען געהן אין אַ זאַל, געווים אַ צוגעציערטען לכבוד דעם ערשטען מאַי, וואו עס ווערט געפּרעדיגט ז י י ן אמת און ז י י ן יושר; די שטימונג, וואָס האָט איהם געמאַכט אומווילינג צו געהן אין דעם פייערליכסטען ערשטען־מאַי־צוג, צווישען חברים פון זיין אייגענעם גלויבען. די סיגאַרען, דאָס ביער, די וואָכעדיגע גאַס, די וויצען, — קורץ, דאָס ו ו אָ כ ע ד י ג ע און קליינליכע האָט ער געוואָלט אויסמיידען, ווייל זיין שטימונג איז געווען אַ ה י י ל י ג ע.

די היילינקייט איז דעריבער אַן אייגענאַרטיגער פּסיכישער עלעמענט, אַ בעזונדער בלום פון אונזער נשמה, וואָס האָט גאָר ניט אַדער זעהר ווייניג צו טהאָן מיט אמת, יושר און שעהנקייט אין זייערע קליינליכע, ענדליכע, „וואָכעדיגע" ערשיינונגען.

דאָס געפיהל פון היילינקייט לעבט דורך יעדע רעליגיעזע נאַ־טור, דער איד אַזוי גוט ווי דער קריסט, דער גלויביגער מענש אַזוי גוט ווי דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פרייידענקער.

אַז די געפיהלען פון היילינקייט און אונענדליכקייט קאָנען אין גאַנצען אָבגעשיידט ווערען פון אַ וועלכען עס איז איבער־נאַטירליכען גלויבען, איז מיר קלאָר געוואָרען ביי אַן אַנדער גע־לעגענהייט.

איינער פון די שווייצערישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַס־טאָרען (אין דער שווייץ זענען אַזעלכע פּאַסטאָרען ניט קיין זעל־טענהייט) האָט אַ מאָל, אין דער בערנער מינסטער־קירך, מיט איהר וועלט־בעריהמטען אָרגעל, אַראַנזשירט אַ קאָנצערט צו עפּעס אַן ערציהערישען אָדער וואָהלטהעטיגען צוועק. מען האָט פאַר־געלעזען, געזונגען און געלאָזט שפּיעלען די אָרגעל, ווי ביי אַלע קאָנ־צערטען, אָבער — וואָס פאַר אַן אויסקלייב פון נומערן אינ'ם פּראָ־גראַם! ווי האַרמאָניש האָט עס געשטימט מיט די הויכע שלאַנקע קאָלאָנאַדען, וועלכע האָבען, אין בית־השמשות־ליכט, זיך רוהיג

געצויגען ארויף צו דער איינגעהאַלטענער שטילקייט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט אויבען אין די קופּאָלעס און האָט געהאָרכט, איניג און ערנסט, צו עפּעס זעהר וויכטיגען (אַזוי האָט זיך עס געדוכט).

אָנגעהויבען האָט זיך דער קאָנצערט מיט אַ פּרעליודיע פון באַך, אפשר דער איינציגער קינסטלער, וואָס האָט די קראַפט צו מאָלען אין טענער די אונענדליכקייט. דערנאָך האָט דער פּאַסטאָר פאָר־געלעזען געטהע׳ס פראַגמענט „די נאַטור", אין וועלכען געטהע, דער דענקער, דערקלעהרט זיין פּאַנטעאיסטיש־ספּינאָזיסטישען „אני־מאמין". און עס האָט זיך געדוכט ביי דעם לייענען, אַז די ווענט און די קאָלאָנאַדען פון דער קירך זענען צוגאַנגען געוואָרען אין זונען־שיין; אַז אַן אונענדליכע וועלט האָט אָבגעשפּיעגעלט אין זיך אַן אונענדליכען הימעל און האָבען זיך ביידע צונויפגעגאָסען אין איינעם מיט אַן אונענדליכען גאָט. און צום סוף, אַז דער קאָנצערט האָט זיך געענדיגט מיט אַ שטיקעל פון בעטהאָווען׳ס „ניינטער סימפּאָניע", ווען איבער די קאָלאָנאַדען האָבען געגומען פליעסען און זיך וויעגען, — ווי די וואַלען פון אַ ברייטען־ברייטען, ליכטיגען טייך, — אייביג־יונגע, פריידיג־הייליגע טענער פון דעם געזאַנג: —

„אַלע מענשען, גלייך געבוירען,
גלייך אַן אַדעליג געשלעכט" —

האָט איהר געפיהלט, ווי פון אייער נשמה פערשווינדט לגמרי דאָס קליינע, וואָכעדיגע, ענדליכע און זי גיסט זיך אין גאַנצען צונויף מיט דעם גרויסען, הייליגען, אונענדליכען, — אַלץ איינס, צו עס איז דאָ אַן איבערנאַטירליכע וועלט, אָדער ניט.

נאָך אַ מאָל: הייליגקייט און אונענדליכקייט זענען געפיהלען פּאַר זיך, גאַנצע, אונטיילבאַרע, לכל הפּחות אין זייער איצ־טיגער געשטאַלט ביי דעם מענשען; און אַלע פּרובען פון דער פּסיכאָלאָגיע, פּאַנאַנדערצובייטען זיי אויף אַ סך קליין־געפיהלען, האָבען זיך ביז אַהער נאָך ניט איינגעגעבען. אויף זיי, אויף די דאָזיגע געפיהלען, רוהט דאָס רעליגיעזע לעבען פון דער מענשליכער נשמה.

פון וואַנען האָבען זיי זיך גענומען ביי דעם מענשען?

ס׳איז אַ פּלוגתא צווישען מיסטיקער־אידעאַליסטען און עמפּי־ריקער־מאַטעריאַליסטען.

די מיסטיקער מיינען, אַז ס׳איז דאָ אין דער וועלט אַזאַ מין

„זיין“, וואָס איז אין זיך גופא אונענדליך און הייליג, — א גאָט, אויב איהר ווילט. אָט דאָס הייליגע, אונענדליכע „זיין“ וויל זיך אנטפּלעקען, פערווירקליכען, און עס אנטפּלעקט זיך אין די העכסטע מאָמענטען פון דער מענשליכער נשמה, דער עיקר, אין איהרע רע־ליגיעזע בעשאַפונגען. די רעליגיאָן איז א פּראָדוקט פון דער היי־ליגקייט און אונענדליכקייט, וואָס געפינט זיך אין דער וועלט.

די מאַטעריאַליסטען, צוריק, פּלייסען זיך צו בעווייזען, אַז די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען זענען ביי דעם מענשען אויסגעוואַקסען פון גאַנץ פאַלשע בעגריפען וועגען דעם וועלט־געשעהען און וועגען דעם מענשען׳ס נשמה. און די — אין זיך פאַלשע — רעליגיעזע פאָרשטעלונגען האָבען אין דעם פערלויף פון דער צייט, אין א לאַנגען משך פון ענטוויקעלונגען, אַרויסגערופען אין דער נשמה שטימונגען פון פּחד, צוגויפגעגאָסען מיט ליעבע און פערעהרונג. אָט פון דעם צונויפגוס האָט זיך עס לסוף אַרויסגעקריסטאַליזירט דאָס געפיהל פון הייליגקייט...

ס׳איז א האַרבע פּלוגתא; גרויסע פּראָבלעמען שטעהען דאָ אין קאָן. אָבער — וואָס זאָל אונז דאָ אַהרען דער גאַנצער סכסוך? לאָז זיין, דער מאַטעריאַליסט איז גערעכט, אַז די „הייליגקייט“ איז אויסגעוואַקסען פון גאַנץ וואָכעדיגע, פּראָזאַאישע וואָרצלען. האָט דעריבער דאָס געפיהל אויפגעהערט צו זיין דאָס, וואָס עס איז? איז איבערהויפּט פאַראַן וואָס עס איז אין דעם מאָדערנעם מענש־ליכען לעבען, — קונסט, וויסענשאַפט, פילאָסאָפיע, קאָמוניזם, פריי־הייט, — וואָס זאָל ניט האָבען זיינע וואָרצלען אין די פאַלשע פאָר־שטעלונגען פון א מאָל? עס איז קיין זאַך ניטאָ ביי דער מענשהייט, וואָס איז פריהער ניט געבוירען געוואָרען אין דעם בלוט און דעם שמוץ פון דעם ווילדען לעבען, און נאָר אַן איינגע׳עקשן׳טער נאַר, איינגעמאַרינירט אין דעם עסיג פון דער „ראַדיקאַלעבץ“, קאָן פאַלען אויף דער המצאה — אויסצואוואָרצלען פון דער נשמה די העכסטע געפיהלען פון הייליגקייט און אונענדליכקייט, מחמת זייער ניט־אַריסטאָקראַטישער אָבשטאַמונג.

ווען אויף דעם קולטור־בוים פון דער מענשהייט זאָל אפילו אין גאַנצען איינדאַרען און אַראָבפאַלען יענער צווייג זיינער, וואָס רופט זיך „רעליגיע“, — א זאַך, אין וועלכע מיר קאָנען אין קיין פאַל ניט גלויבען, — וועט אויף יעמאָלט פערבלייבען ביי דער

מענשהייט איהר טייערסטע ירושה — יענע איידעלסטע און צאַר־טעסטע געפיהלען, וואָס מיר רעדען איצטער וועגען זיי, — און צו די גוטע זייטען פון דער פינסטערסטער רעליגיאָן (יעדע זאַך האָט א י ה ר ע גוטע זייטען) מוז מען צורעכענען דעם פאַקט, וואָס זי האָט אויסגעלערנט די מענשליכע נשמה צו פיהלען היילינקייט און אונענדליכקייט.

יעדע רעליגיע האָט בעשאַפען מאָמענטען, וואָס רופען אַרויס אין דער נשמה פונ׳ם גלויבינגען די געפיהלען פון היילינקייט. זי האָט היילינע פ ע ר ז אָ נ ע ן, טיילס איבערנאַטירליכע, ווי איהרע געטער און מלאָכים, טיילס אויסגעטראַכטע מענשליכע, — ווי איהרע לעגענדאַרישע העלדען, — טיילס ווירקליך געלעבטע, געשיכטליכע פיגורען, וואָס האָבען אין זייער לעבען און אין זייער טויט אויסגעדריקט די אמת׳ען פון זייער גלויבען. זי האָט היילינע ע ר ט ע ר, — טעמפּלען, בערג און טהאָלען, היילינע קוואַלען און בוימער, — וואָס דער גלויבינגער מענש הויבט זיך אָן גאַר אַנדערש צו פיהלען, ווי נאָר ער טרעט אריין אין זייער נאָהענטקייט; זי האָט היילינע ז א כ ע ן, — צלמים, טלית־און־תפילין׳ס, ספרי־תורות, איקאָנעס א. אז. וו. זי האָט היילינע צ י י ט ע ן, — יום־טובים, תעניתים, — און האָט אויך היילינע ה א נ ד ל ו נ ג ע ן, — תפלה־טהאָן, קרבנות־ברענגען, זיך מתודה זיין פאַר׳ן גלח און דער־גלייכען.

אָט די אַלע היילינטימער, — די פּערזאָנען, ערטער, זאַכען, צייטען און האַנדלונגען, — ווירקען ווי א מאַגנעטישע קראַפט אויף דער נשמה פון דעם אמת רעליגיעזען מענשען און זעצען זי אריין אין א געפיהלס־אַטמאָספערע, וואָס איז אונמעגליך אויסצודריקען אין ווערטער.

די שאלה איז איצטער: קאָנען אָט די אַלע היילינטימער אַרויס־ברענגען אין אונזער געפיהל דיזעלבינע אַטמאָספערע, ווען מיר הערען אויף צו גלויבען אין זייער איבערנאַטירליכער בעדייטונג? מוז דער מאָדערנער מענש בעשאַפען גאַנץ נייע היילינטימער, כדי אין זיין ברוסט זאָל ווידער אויפלייכטען דאָס געפיהל פון היילינ־קייט?

מיר האָבען שוין געהאַט די געלעגענהייט ניט איין מאָל אויפ־צואווייזען אויף דעם פאַקט, אז אפילו אַזעלכע געטער, וואָס זענען

געשטאָרבען, פערגעסענע און ארומגערינגעלטע מיט אַן אַטמאָספערע פון טומאה, האָבען אויך געקאָנט אויפשטעהן „תחית המתים אין דעם גן־עדן פון דער מענשליכער פּאָעזיע“. זיי האָבען דאָס געקאָנט דערפאַר, ווייל, ווי פערהימעלט א גאָט, אָדער א וועלכע עס איז רעליגיעזע פאָרשטעלונג זאָל ניט זיין, איז ער אָדער זי דאָך ארויסגעוואַקסען פון **מענשליכע** נויטען און אידעאַלען, וואָס מוזען צו יעדער צייט זיין טייער דעם מענשליכען הארצען. און ווען דער איבערנאַטירליכער צודעק פערליערט אין גאַנצען זיין רעליגיעזען צויבער, טרעט נאָך קלאָרער ארויס דער ריין מענשליכער תוך, און די נסים ונפלאות, די צערעמאָניעס און ריטואַלען ווערען פערוואַנדעלט אין **פּאָעטישע סימבאָלען**, וועלכע דריקען אויס א וויכטיגען גייסטיגען אינהאַלט. אָט דער גייסטיגער **מענשליכער** אינהאַלט רופט ארויס אין דעם מענשען דעם זעלביגען געפיהל פון היילינקייט, ווי א מאָל די אַלטע רעליגיעזע פאָרשטעלונג.

די פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער רעליגיע שעילט ארויס, רייניגט אָב און פערטיעפט דעם מענשליכען קערענדעל אין אַלע רעליגיעזע פאַנטאַזיעס, און פערוואַנדעלט די איבערנאַטירליכע עלעמענטען אין ריין פּאָעטישע סימבאָלען.

די בעוועגונג צוליעב א נאַציאָנאַל־פּאָעטישער ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע, — א בעוועגונג, וואָס טראָגט זיך שוין איצטער ארום אין דער לופטען, — דאַרף טהאָן דאָס אייגענע מיט אַלע אַלטע אידישע היילינגטימער. זי דאַרף זיי אַלע קריטיש דורכפאָרשען, פערוואַרפען יענע, אין וועלכע דער מענשליכער תוך איז איז אין גאַנצען אויסגעפּרעסען געוואָרען, סיי דורך איבערנאַטירליכע משוגעת'ן, סיי דורך שאָוויניסטישע בייזקייט; אויסרייניגען די, וואָס האָבען נאָך אין זיך א מענשליכען תוך, פערטיעפען און קלאָרער ארויסברענגען זייער מענשליכען ווערט און זייער נאַציאָנאַלע בעדייטונג. **די אויסגעלייטערטע היילינגטימער דאַרפען ווערען דער פונדאַמענט פון א פריי־רעליגיעזען לעבען פאַר יעדען אידען, וואָס וויל זיין סאָלידאַריש מיט די שיקזאַלען און נויטען, ליידען און האָפנונגען פון זיין פאָלק.**

די בעוועגונג מוז אָבער פון אָנהויב אָן ארויסטרעטען מיט דעם קלאָרען בעוואוסטזיין, אז זי פערמעסט זיך ניט צו בעשאפען נייע איבער־מענשליכע וועלטען, אָדער אריינגיסען א נייע גלויביג־רעליגיעזע קראפט אין די אַלטע אידישע פאָרמען. דאָס איז די אויפגאַבע פון דעם אייביג־שאפענדען רעליגיעזען גייסט, און מיר, פשוט'ע בשר ודם'ס, וואָס טראכטען וועגען די ליידען און פריידען פון דער מענשהייט און דעם אידישען פאָלק אויף דער וועלט, האָבען ניט די העזה אריינצומישען זיך אין זיינע ענינים. אונזער אויפ־גאַבע איז: נאציאָנאַל־פּאָעטיש אויסצוגעשטאלטען יענע פאָרמען פון דעם אַלטען גלויבען און איבערלאָזען פון זיי נאָר יענעם אינ־האַלט זייערען, וואָס קאָן ווערען דער פונדאמענט פון א מענשליכער גייסטיגער וועלט, א א י ד י ש ־ מענשליכער אַטמאָספערע, אין וועלכער עס זאָל קאָנען עטהעמען יעדער געבילדעטער, מאָדערן דענקענדער און נאציאָנאַל־פיהלענדער איד.

עס קאָן ניט זיין די אויפגאַבע פון א זשורנאַל־ארטיקעל — ווי לאַנג ער זאָל זיך ניט ציהען — דורכצופיהרען אין גאַנצען די דאָזיגע ארבייט: אָבצושעצען פון דעם נאציאָנאַל־פּאָעטישען שטאַנדפּונקט י ע ד ע ן מאָמענט פון דער אידישער רעליגיע, אַלע גלויבונגען, צערעמאָניעס און הייליגטימער, אָבצוקלייבען די פון זיי, וואָס האָבען נאָך ריין־מענשליכע לעבענס־קראפט אין זיך און פערוואנדלען זייערע איבערנאטירליכע פאָרמען אין פּאָעטישע סימ־באָלען. דאָס קאָן גלאַט ניט זיין די אויפגאַבע פון איין מענשען. אומבעוואוסט ארבייט דארויף א גרויסער טייל פון אונזער דור. אָבער א פּאָר ביישפּיעלען פון אַזא'ן ארבייט וועל איך דאָ ברענגען, כדי דער לעזער זאָל בעקומען א קלאָרען בעגריף סיי פון איהר בע־דייטונג, סיי פון איהר מעטאָדע.

---

.3

לאָמיר אָנהויבען מיט די הייליגע פּערזאָנען פון דער אידישער רעליגיע.

עס פערשטעהט זיך, אז מיר מוזען דאָ לאָזען אָן א זייט דעם אידישען וועלט־גאָט, דעם „קדוש־ישראל" פון דער אידישער רעלי־גיעזער פ י ל אָ ס אָ פ י ע, וועלכע האָט דערוויילע דערגרייכט

איהר העכסטע מדרגה אין ספּינאָזאַ'ס פּאַנטעאיזם. דער וועלט־גאָט אָדער די גאָט־וועלט געהערט שוין צו דער איבער־מענשליכער וועלט און מוז בלייבען פאַר דעם מאָדערן־רעליגיעזען מענשען, אפילו אין זיין ספּינאָזיסטישער געשטאַלט, אַן „אל חי וקים" אין דעם פּשוט'סטען זין פון דעם וואָרט, אַ לעבעדיגע, שטענדיג ווירקענדע געטליכע מאַכט, וואָס לאָזט זיך ניט פערוואַנדלען אין קיין פּאָעטישען סימבאָל. גאָט שטעהט איבער דער נאַציאָנאַל־פּאָעטישער ווידערגעבורט, און דיזע מוז איהם לאָזען צורוה: זאָל זיך מיט איהם בעשעפטיגען די אידישע טעאָלאָגיע.

אָבער דער גאָט פון דער אידישער לעגענדע, דער גאָט פון אברהם'ן, יצחק'ן און יעקב'ן, דער גאָט פון דער אגדתא, איז אַ מענשליכער גאָט, פון וועמען מען דערצעהלט זיך אַ סך וואונדער־שעהנע פּאָעטישע זאַכען. און די אַלע דערצעהלונגען, פון דער אגדתא אָן ביז צו דער לעצטער חסידישער וואונדער־מעשה'לע, האָבען אין זיך אַזוי פיעל ריין מענשליכע שעהנקייט, זענען אַזוי רייך אין נאַציאָנאַל־פּאָעטישע מאָטיווען (צ. ב. די ליידען און פריידען פון דער שכינה אין גלות!), אַז אפילו די נשמה פון אַן אטעאיסטישען אידען קאָן בעגייסטערט ווערען פון זיי, ווי נאָר איהר וועט אראָבנעהמען פון זיי דעם רעליגיעז־גלויביגען מלבוש און זיי לאָזען שטראַהלען אין זייער געטליכער נאַקעטקייט פון ריינער פּאָעזיע. דאָס אייגענע איז אויך מיט די אַנדערע איבערנאַטירליכע פּערזאָנען פון דער אידישער לעגענדען־וועלט, — מיט די מלאָכים און מיט דער פאַר דאָס אידישע האַרץ טייערסטער פיגור — דער פיגור פון משיח בן דוד. אָבשטויסענד אין דער געשטאַלט פונ'ם תמימות'דיגען גלויבען, בעקומען זיי אַ נייעם געטליכען שיין, אַ מענשליכען אָרעאָל, ווי נאָר מען פערוואַנדעלט זיי אין פּאָעטישע געשטאַלטען און סימבאָלען.

געוויס טאָר מען דערביי ניט פערגעסען, אַז דער, וואָס געהט אריין אין די פּלאַנצונגען פון דער אידישער לעגענדע מיט נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ציעלען אין זינען, מוז מיט זיך נעהמען אַ שטאַרקע, שאַרפע גאַרטען־שער אין די הענד, און ניט איין פערדאַרטער צווייג אָדער גיפטיגע בלום וועט מוזען פאַלען פאַר אַ קרבן צו דעם קריטישען געדאַנק. נאָר דאָס, וואָס איז מענשליך שעהן, וואָס האָט אַן אייביגען אָדער פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַלען, סאָציאַלען

אָדער מענשליכען אינהאַלט, וועט פערשווינט ווערען פון דער שער און וועט אריבערגענומען ווערען אין דער נאַציאָנאַל־פּאָעטישער ווידערגעבורט.

געהט מען איבער צו די נ א ט י ר ל י כ ע הייליגע פּער־זאָנען, — די אויסגעטראכטע, ווי די אבות און אפשר אויך משה און אהרון, און די היסטאָרישע, ווי דוד, שלמה, די נביאים, — וועט אויך דאָ, פערשטעהט זיך, די קריטישע שער האָבען ניט וועניג ארבייט. עס איז א גרויסער ספק, צ. ב., אויב אזא גאָר משונה־דיגער „הייליגער", ווי שלמה המלך, זאָל קאָנען אויסהאַלטען די פאָדערונגען פון דעם נאַציאָנאַל־פּאָעטישען קאַנאָן. און ביי א סך, א סך פיגורען, וואָס די אידישע טראַדיציע האָט זיי פערהייליגט, וועט די קריטיק מוזען ארונטעררייסען דעם „כתר־קדושה" פון זייער קאָפּ. אָבער ווי פריי די שער זאָל גיט „קוצץ־בנטיעות־זיין", ווי מוטהיג זי זאָל ניט שניידען רעכטס און לינקס טרוקענע פּאַנאַ־טיקער און פאַלשע דמאים, — עס וועלען בלייבען גענוג גדולים און קדושים, וואָס זייערע געשטאַלטען קאָנען אין אונז ארויסרופען די געפיהלען פון הייליגקייט און אונענדליכקייט. דאָס לעבען, שאַפען, ליידען און לעהרען פון אונזערע נביאים, וואָס ווירקען אויף י ע־ ד ע ר מענשליכער נשמה ניט שוואכער ווי באַך'ס א כאָראַל; די מאַקאַבעער, בר כוכבא און די עשרה הרוגי מלכות; פיעלע פון די אזוי אָנגערופענע „פאַלשע" משיחים (שלמה מולכו, צ. ב.), — דער גאַנצער גרויסער צייל פון אידישע גאָט־מענשען און מארטירער, ביז אראָב צו גריגאָרי גערשוני, — וואָס פאר אַן אונענדליכער קוואַל פון הייליגער מענשליכקייט!

כמעט אזוי רייך אין נאַציאָנאַל־פּאָעטישען אינהאַלט, ווי די אידישע הייליגע פּערזאָנען, זענען די אידישע הייליגע צ י י ט ע ן. אויך זיי מוזען פריהער דורכגעלייטערט ווערען אין די „שבעה מדורי גיהנם" פון דער קריטישער וויסענשאַפט, איידער זייער ריינע נשמה וועט קאָנען אריינגעהן אין דעם גן־עדן פון דער נאַציאָנאַל־פּאָעטי־שער רעליגיע.

נעהמט דעם ערשטען און דעם וויכטיגסטען אידישען יום־טוב: פּסח. לויט די רעזולטאַטען פון דער מאָדערנער פאָרשונג, מוז מען אָננעהמען, אז דער יום־טוב איז א סך עלטער, איידער דאָס אידישע פאָלק, אז ער איז אַן אַלטער, אַלטער סעמיטישער פריהלינג־

יום־טוב, נאָך פון יענער צייט, וואָס פערליערט זיך אין דעם גע־ריכטען געפּעל פון דער פערגאַנגענהייט, ווען אַלע סעמיטען האָבען אפשר געהאַט נאָר איין גאָטהייט, די עשתרות (אַסטאַרא—אישטאַר־ווענוס), די געטין פון ליעבע, די מוטער פון אַלע שפּע־טערדיגע סעמיטישע געטער, — דעם אידישען „יאַהוועה“, דעם מואב׳שען „כמוש“, דעם „אשור“, „רמון“, און אזוי ווייטער. די אידישע טראַדיציע האָט אָבער פערבונדען די ווידערבעלעבונג פון דער נאַטור מיט דער ווידערבעלעבונג פון דעם אידישען פאָלק, מיט זיין בעפרייאונג פון דער עגיפּטישער שקלאַווערייִ. אַ גאַנצער געפּלעכט פון ווילדע פלאַנצען — קריעת ים־סוף, עשרה מכות, — קינדיש־נאַאיווע וואונדער, — איז ארומגעוואַקסען ארום דעם היי־ליגען מענשליכען קערן, וואָס ליעגט אין דער אידישער פסח־לע־גענדע. אָבגעשעילט פון אַלע נאַטירליכע און היסטאָרישע אונ־מעגליכקייטען, דערצעהלט אונז די געשיכטע, אז אַ פאָלק, וואָס האָט דורות און דורות געשמאַכט אין שקלאַווערייִ, האָט זיך אָנגע־טהאָן אַ גבורה און האָט זיך מיט געוואַלט ארויסגעריסען פון זיין שקלאַווישען יאָך. אין אַ וויסטען מדבר האָט עס זיך אוועקגעלאָזט, הונגער און דאָרשט געליטען, אָפט געשטאַנען הארט ביי דעם ראַנד פון דעם אָבגרונד, נישט איין מאָל געמוזט קוקען דעם טויט גלייך אין די אויגען, נישט איין מאָל געוואָרען אָבהענדיג און קליין, אָבער, בעגייסטערט פון אַ פאָרווערטס־טרייבענדען אידעאַל, האָט ער זיך פאָרט דערשלאָגען צו זיינס. ער האָט ערָאבערט „דאָס פערשפּראָ־כענע לאַנד!“

וואָס פאַר אַ בעטרעף האָבען די אַלע אויסגעטראַכטע „געט־ליכע“ נסים לגבי אָט דעם פשוט׳ען, מענשליכען, בלענדענד־שעהנעם פאַקט!

אויב ס׳איז באמת דאָ אין דער וועלט אַ „פרייהייטס־גייסט“, וועמען מיר בעזינגען אין אונזערע רעוואָלוציאָנערע ליעדער, האָט ער גאַנץ געוויס געמאָגט זיך ווענדען צו דעם אידישען פאָלק מיט יענע אייניגע דורכגעפיהלטע ווערטער, וועלכע דער נביא ירמיהו לעגט אריין אין די ליפּען פון דעם אידישען גאָט:

„איך געדענק דיר די גנאָד פון דיין יוגענד,
פון דער כלה־צייט דיינער די ליעבע.
ביזט געגאַנגען נאָך מיר אין דעם מדבר,

אין אַ וויסט, ניט בעזעעטען לאַנד...
דורך סטעפּען און פינסטערע שלוכטען,
דורך טרוקענים, בעשאָטענט מיט טויט,
דורך אַ לאַנד, וואו קיין מענש טהוט ניט ציהען —
און וואו קיין מענש האָט נאָך ניט געוואוינט".
(„זכרתי לך חסד נעוריך,
אהבת כלולותיך,
לכתך אחרי במדבר,
בארץ לא זרוע...
בארץ ערבה ושוחה,
בארץ ציה וצלמות,
בארץ לא עבר בה איש
ולא ישב אָדם שם". — ירמיהו, ב' 6—2).

און אַט דער בלענדענד־שעהנער היסטאָרישער פאַקט, דאָס בילדערנע וויעגעלע פון דעם אידישען פאָלק, איז נאָך אַ סך, אַ סך מעהר, איידער אַ היסטאָרישע פּאַסירונג: עס איז אַ פּ אַ ע ט י־ ש ע ר ס י מ ב אָ ל פון דעם מענשליכען פרייהייטס־קאַמפּף בכלל, אין אַלע צייטען, אַלע דורות, אַלע מענשליכע לאַגעס. אַ סימבאָל פון יענעם קאַמפּף, געטריעבען דורך אַ גרויסען אידעאַל, וואָס צווינגט איינעם אוועקצואווארפען הינטער זיך אַלע פליישטעפּ פון מצרים און לאָזען זיך נאָך איהם „דורך סטעפּען און פינסטערע שלוכטען, דורך טרוקענים, בעשאָטענט מיט טויט" און זוכען נייע, ניט אויסגעטראָטענע וועגען, געהן „דורך אַ לאַנד, וואו קיין מענש טהוט ניט ציהען, און וואו קיין מענש האָט נאָך ניט געוואוינט"...

די גאַנצע מענשהייט האָט געמאָגט פייערן דעם אידישען פּסח, — זאָלען מ י ר אָן איהם פערגעסען?!

---

.4

דער ביישפּיעל פון פּסח קאָן געבען דעם לעזער אַ קלאָרען בעגריף וועגען דעם, וואָס מיר רופען, „די פערמענשליכונג פון די אידישע רעליגיעזע היילינגטימער". מיר וועלען זיך דעריבער ניט אָבשטעלען באריכות אויף אַלע אידישע הייליגע טעג און בענוטצענען

זיך נאָר מיט א פּאָר בעמערקונגען וועגען די וויכטיגסטע פון זיי. די גרויסע מאַסע ל י ר י ק, וואָס וואַקסט אָן אין הארצען, ווען מיר דענקען וועגען זיי, וואָלט בעסער געפּאַסט פאר לייט־ארטיקלען אין דער טעגליכער פּרעסע צו איטליכען היילינגען טאָג, און דעריבער וועט קיינער קיין פּאַראיבעל ניט האָבען, ווען מיר וועלען זיי דאָ כמעט אין גאַנצען אונטערדריקען.

ש ב ו ע ו ת איז אויך, ווי פּסח, פריהער געוועזען א ריינער נאַטור יום־טוב, אָדער ריכטיגער, אַן א ג ר י ק ו ל ט ו ר ־ יום־טוב: די ערשטע ש נ י ט ־ צ י י ט פון די תבואות אין פעלד. אָבער די אידישע טראַדיציע האָט פערבונדען דעם יום־טוב מיט דער לעגענדע פון מתן־תורה. די דאָזיגע לעגענדע איז ווידער־א־מאָל איינע פון די שעהנסטע מענשליכע שטריכען, וואָס מיט זיי צייכענט זיך אויס די אַלטע אידישע רעליגיע. אָבגעריייניגט פון דעם איבערנאַטירליכען, אָבער גראַנדיעז פּאָעטישען צודעק, דערצעהלט אונז די לעגענדע, אַז א פאָלק, וואָס האָט זיך נאָר וואָס בעפרייט פון דער שקלאַפעריי און דער פערגרעבטקייט אין גלות, האָט זיך אַליין געגעבען א „געזעץ פון לעבען“, א וויסענשאַפט, ווי מענשען זאָלען לעבען צווישען זיך אין געזעלשאַפטליכען פריעדען.

די מאָדערנע פאָרשונג האָט, נאָך מיין מיינונג נאָך, בעוויעזען גאַנץ קלאָר, אַז זעהר א גרויסער טייל פון דעם, וואָס מיר זענען געוואוינט געוואָרען צו רופען „תורת משה“, שטאַמט נאָר פון די ארומיגע ציוויליזירטע פעלקער פון יענער צייט, דער עיקר פון בבל. אויב אָבער איינינגע שונאים אונזערע מיינען, אַז דער פאַקט פערמינערט אין א בעדייטענדער מאָס די אָריגינאַליטעט און דעם וואונדערבאַר־הויכען מאָראַלישען צושטאַנד פון דעם אידישען פאָלק, האָבען זיי א געוואַלטיגען טעות. אין יענעם פעריאָד פון דער מענשליכער ציוויליזאַציע האָט בבל געשפּיעלט כמעט דיזעלביגע ראָלע, וואָס פראַנקרייך האָט געשפּיעלט אין דעם אָנהויב פון דעם נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט. און אַקוראַט, ווי עס איז נאָך עד היום שווער צו געפינען א בעזעצגעבונג פון א פּראָגרעסיווען פאָלק, וואָס זאָל ניט האָבען אריינגעארבייט אין זיך געוויסע טיילען פון דעם פראַנצויזישען „קאָד נאַפּאָלעאָן“, אזוי איז אויך אין יענער צייט די אריינארבייטונג פון דעם האמוראַבישען קאָדעקס געוועזען א קלאָרער סמן, אַז דאָס פאָלק שטעהט אויף דער העכסטער שטופע פון

יענעם רעכטליכען בעוואוסטזיין, צו וועלכער די מענשהייט האָט זיך דערשלאָגען.

אָבער דאָס אידישע פאָלק האָט ניט נאָר אריבערגענומען די האמוראַבישע געזעצגעבונג, עס האָט זי ווייטער אויסגעבילדעט און ענטוויקעלט. און פערגלייכט מען די אידישע „תורה" מיט דעם אַלטען באַבילאָנישען אָריגינאַל, זעהט מען אויפ'ן שטעל איין, אז די ענטוויקעלונג איז געגאַנגען אין דער ליניע, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דאָס אידישע פאָלק: אין דער ליניע פון גרעס־טער סאָציאַלער גערעכטיגקייט און הומאַניטעט. אין זיין תורה האָט דאָס אידישע פאָלק ניט נאָר דערגרייכט די העכסטע שטופע פון דער יעמאָלט'דיגער ציוויליזאציע; עס האָט אריבערגעוואַקסען די אַלטע ציוויליזאציע „מיט די אַקסלען און העכער", און אויף יאָהרען און יאָהרען בעקומען אַ רעכט צו קוקען אויף איהר פון אויבען אראָב. אויף דער הויך פון „תורת משה" איז אין יענער צייט געשטאַנען נאָר דאָס אידישע פאָלק, און די תורת משה איז געוועזען דער בארג סיני, פון וועלכען די אידישע נביאים, — די עמוס, הושע, מיכה, ישעיה און ירמיה, — האָבען געקאָנט פאַנאַנ־דערשפּרייטען זייערע אָדלער־פליגלען און אַ הויב־טהאָן זיך צו די העכסטע הימלען פון דעם מענשליכען אידעאַל.

די „תורת משה", ווער עס זאָלען ניט זיין איהרע מחברים, איז אַ וויכטיגער היסטאָרישער דאָקומענט פון דעם מענשליכען פּראָגרעס, און וויבאַלד דאָס אידישע פאָלק האָט בעשטימט אַ יום־טוב צוליעב איהם, קאָנען מיר מיט דעם ריינסטען געוויסען, אין איינעם מיט איהם, הייליג האַלטען די דאָזיגע טעג. פאַר אונז וועט די „תורה" זיין הייליג, ווייל זי איז אַ סימבאָל פון ו ו י ס ע נ־ש אַ פ ט א י ב ע ר ה ו י פּ ט, ווייל אין איהר האָט דאָס פאָלק צונויפגעזאַמעלט זיין גאַנצען שאַץ פון וויסען און פון יושר, און האָט צום ערשטען מאָל דערקלערט פאַר דער מענשהייט, אז דער שאַץ פון וויסען און יושר איז די ה י י ל י ג ס ט ע זאַך, וואָס אַ פאָלק פערמאָגט, די ו ו י כ ט י ג ס ט ע זאַך, וועגען וואָס אַ מענש דאַרף טראַכטען טאָג און נאַכט (והגית בו יומם ולילה) און וואָס ער דאַרף איבערגעבען בירושה צו דעם קומענדיגען דור (ושננת לבניך).

פּסח איז דער יום־טוב פון דעם רעוואָלוציאָנערען פריהייטס־

קאַמפּף; שבועות — דער יום־טוב פון דעם פריידליכען פּאַרטשריט, פון די אידעען, וואָס ווערען ביסלעכווייז פערווירקליכט אין לעבען; פּסח איז געבויט אויף דעם רעוואָלוציאָנערען פּעסימיזם, פאַר וועמען די גאַנצע פערגאַנגענהייט איז איינגעטונקט אין דער פינ־סטערניס פון מצרים און וועמעס בליקען עס זענען אָנגעשטעלט נאָר אויף דאָס פערשפּראָכענע, הייליגע לאַנד, וואָס ליגט אזוי וויים — אזוי וויים. שבועות גיט דעם נויטיגען אָפּטימיסטישען באַלאַנס. ער ווייזט, אַז דער קאַמפּף פון דער מענשהייט ביז אַהער איז געווען ניט אומזיסט. נאָך דער וואַנדערונג אין דעם מדבר, בעזעצט מען זיך אין אַ לאַנד און מען עסט איהרע פרוכט, און מען זאַמעלט גייסטיגע אוצרות, וואָס זענען ווערטה, מען זאָל לעבען צוליעב זיי.

נאָך שבועות קומט אין דער צייל פון אידישע יום־טובים ראש השנה, עשרת ימי תשובה, שבת חזון, יום־כפּור. זיי זענען מעהר אַלגעמיין־מענשליך, איידער נאַציאָנאַל. די הערבסט־שטימונג אין דער נאַטור ווערט אין זיי פערוואַנדעלט אין די הערבסט־שטימונג פון דעם מענשליכען לעבען. דעם מענשען'ס „זינדיגקייט", זיין אונפאָלקאָמענקייט, זיין שטרעבען אָבצוגעבען זיך אַ דין וחשבון (חשבון הנפש!) פאַר דעם פערגאַנגענעם יאָהר, זיין שטרעבען בעַ־סער צו ווערען, אָבצושווענקען דעם שמוץ, וואָס האָט זיך אַרומגעַ־קלעפּט אַרום דער נשמה, און דער בעוואוסטזיין פון דעם טויט, וואָס לויערט אויף יעדען איינעם פון אונז, — דאָס זענען אַלץ אַזוינע ערנסטע מאָמענטען אין דעם מאָראַלישען לעבען פון יעדען מענ־שען, אַז די ימים־טובים האָבען באמת פערדיענט דעם נאָמען פון ימים־נוראים, „די פורכטבאַרע טעג". און גאַנץ געוויס זענען זיי ווייניגער פורכטבאַר פאַר אַ גלויביגען מענשען, וואָס האָט אין הי־מעל אַ גאָט, ניט נאָר אַן „אל קנא ונוקם" (אַן אייפער־און ראכע־זיכטיגען גאָט), נאָר אויך אַן „אל חנון ורחמים" (אַ בארעמהערציגען גאָט), איידער פאַר דעם ניט־גלויביגען, וואָס האָט אויף קיינעם ניט צו האָפען, ביי קיינעם נישט צו בעטען, וואָס מוז אויסקעמפּפען אָט די אַלע ערנסטע לעבענס־פּראָבלעמען מיט די אייגענע כחות... אָבער אָבשטעלען זיך אויף זיי מוז ער, ניט ווייניגער, איידער דער גלויביגער, אויב ניט נאָך מעהר. די שאלה איז נאָר: קאָנען אַזעל־כע ריין־אינדיווידועלע, טיעף פערבאָרגענע מאָמענטען, די אינ־טימסטע פון די אינטימע, אַרויסגעטראָגען ווערען אויפ'ן גאַס?

וואָס פאַר אַ ווערטה האָט די גאַנצע תשובה, דער גאַנצער חשבון הנפש, דאָס גאַנצע שטרעבען צו ווערען בעסער און איידעלער, אויב דאָס ווערט געמאַכט אויף קאָמאַנדע: פּונקט דעם ערשטען טאָג אין חודש תשרי און ע נ ד י ג ט זיך פּונקט דעם צעהנטען נאָך דעם זונען־אונטערגאַנג?

פאַר דעם ריין־רעליגיעזען מענשען איז דאָס קיין קשיא ניט: אַזוי וויל גאָט אַליין. דאָס איז די צייט, וואָס ער האָט בעשטימט אויף פאַנאַנדערצורעכענען זיך מיט די בעלי־חובות. דער, וואָס פיהלט אָבער נישט אויף זיך קיין „פּראָטעסטירטע וועקסלען", דער קאָן אויך ניט האָבען קיין בעשטימטע טערמינען, ווען צו דאגה'נען פאַר די אויסבעסערונג פון דעם אייגענעם „איך", ווען צו פערטראַכטען זיך, וואָס אונזער לעבען איז, „ווי אַ שטויב, וואָס טראָגט זיך, ווי אַ וואָלקען, וואָס ציהט פאַרביי, און ווי אַ חלום, וואָס פערפליהט". איך בין דעריבער שטאַרק אין ספק, אויב די ריין־אינדיווידועלע ימים־נוראים קאָנען אויפגענומען ווערען אין דעם סיסטעם פון דעם נאַציאָנאַל־פּאָעטישען יודענטום. זיי מוזען אפשר אין גאַנצען איבערגעלאָזען ווערען צו דעם יחיד, וואָס מוז אַליין בעשטימען אין וואָס פאַר אַ פאָרם און ביז צו וועלכען גראַד ער קאָן זיך פיהלען סאָלידאַריש מיט דעם רעליגיעז־גלויביגען טייל פון זיין פאָלק. איינס איז אָבער זיכער: פערשווענען אַזעלכע יום־טובים בפרהסיה, אָנטהאָן מיט אַ כיון צער דעם גלויביגען ברודער, בעת זיין געמיטה איז אַזוי ליידענד, וואָלט געווען אַזאַ רויהע גראָבקייט, וואָס מען קאָן קוים געפינען אַ וואָרט אין דער מענשליכער שפּראַך, כדי צו כאַראַקטעריזירען זי. מיר גיבען צו, אַז צו אַ געוויסער צייט איז אָט די רויהע גראָבקייט געווען אַ נויטווענדיגקייט. דאָס אידישע אינדיווידואום האָט זיך געמוזט מיט אַ ל ע מיטלען בעפרייען פון דעם רעליגיעזען צוואַנג. איצטער אָבער, ווען דער פרייער געדאַנק האָט זיך אין דעם אידישען לעבען דערשלאָגען צו געוויסע רעכט, מוזען מיר אַליין פאַנאַנדערוויקלען און הויך האַלטען די פאָהן פון טאָלעראַנץ. עס פערשטעהט זיך, אַז די אמת'ע טאָלעראַנץ וועט ערשט יעמאָלט ווירקליך הערשען אין לעבען, ווען זי וועט אויפהערען צו זיין איינזייטיג. ווען ניט נאָר מיר וועלען רעספּעקטירען דעם רעליגיעז־גלויביגען, נאָר אויך ער וועט זיך אויסלערנען צו האָבען דרך־ארץ פאַר אונז; ווען ער וועט איינזעהן, אַז

איך קאָן זיין אַקוראַט אַזאַ שעהנער מענש ווי ער, דורכפיהלען אַט די אַלע פּראָבלעמען פון זינד און תשובה, פון לעבען און טויט, ניט ווענינער טיעף, איידער ער, ווען אַפילו איך זאָל מיר זיצען מיט אַ ציגאַר אין מויל און אַ פּען אין דער האַנד ביום הכפורים שחל להיות בשבת... *)

סוכות נויטיגט זיך ניט אין אַ בעזונדער דערקלערונג און פערטיידיגונג. ער איז דער „חג האָסיף“, דער יום־טוב פון איינזאַמלען די פרוכטען פון פעלד, דער אָבשלום פון דעם אַגראַר־ווירטשאַפטליכען יאָהר. אין איהם הייליגט דער מענש זיין מענשליכע אַרבייט אויפ'ן פעלד, צוליעב אַ מענשליכען לעבען אויף דער וועלט. די ריין מאַטעריעלע טהעטיגקייט צו דערהאַלטען דעם מענשליכען גוף ווערט דאָ — ווי אין אַלע אַלטע רעליגיאָנען — מיט פולען רעכט דערהויבען צו דער מדרגה פון אַ רעליגיעזען אַקט.

די אידישע רעליגיאָן שליסט אָב דעם יום־טוב מיט דעם פרעהליכסטען טאָג פונ'ם גאַנצען יאָהר — שמחת־תורה. דערמיט דריקט זי אויס דעם געדאַנק — ווידער אַ מאָל מיט פולען רעכט — אַז די מאַטעריעלע עקזיסטענץ פון דעם מענשען איז ניט מעהר ווי אַ נויטיגער בעדינג פאַר אַ העכערען גייסטיגען לעבען, פאַר די פריידען פון ערקענטנים און וויסען, פון יושר און שעהנקייט, וואָס ווערען ביי דעם אידען פערקערפּערט אין איין־איינציגען וואָרט — דער תורה.

אַ חוץ די ימים־טובים, וואָס געפינען זיך אין דער תורה, און וואָס שטאַמען דעריבער, לויט דער טראַדיציע, פון גאָט אַליין, האָט

*) פון דער אַנדער זייט אָבער דאַרף מען ווענען די ימים־נוראים ניט פערגעסען, אַז אין די פורכטבאַרע טעג דערמאָנט זיך דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אָן די אונמענשליכע פערפאָלגונגען און די איבערמענשליכע יסורים, וועלכע ער האָט אויסצושטעהן פון דור צו דור. דאָס איז שוין אַ ריין נאַציאָנאַלער און אין דער זעלביגער צייט אַ טיעף מענשליכער מאָמענט, וואָס מען טאָר איהם ניט אַוועקמאַכען כלאחר יד. די שאלה, צי אַ פריינעזינטער, נאַציאָנאַלער יודענטום קאָן זיך פיהלען סאָלידאַריש מיט דעם רעליגיעזען טייל פון פאָלק אין דער הייליגונג פון די ימים־נוראים, מוז דעריבער נאָך בלייבען אָפען פאַר אַ ווייטערע דיסקוסיע.

דאָס אידישע פאָלק האָט נאָך צוויי ימים־טובים, וועגען וועלכע ער אליין גיט צו, אז מענשען האָבען זיי בעשאפען און אריינגעפיהרט אין לעבען. דאָס זענען חנוכה און פורים. עס קאָן זיין, אז דערפאר גופא איז ער אזוי אונגערעכט צו זיי און בעהאנדעלט זיי ניט מיט דער זעלביגער היילינקייט און פייערליכקייט, ווי די פריהערדיגע. זיי זענען פאר דעם אידען האלבע יום־טובים. מיר קאָנען אָבער ניט מאַכען דעם אונטערשייד פון „מענשליכע" און „געטליכע", ווייל אויך די „געטליכע" זענען פאר אונז מענשליכע. דעריבער מוז אונזער שטעלונג צו זיי זיין א גאנץ אנדערע, איידער אין דער אלטער רעליגיעזער וועלט.

די אכט טעג חנוכה מוזען, נאָך אונזער מיינונג נאָך, דער־הויבען ווערען כמעט צו דערזעלביגער הויך און היילינקייט ווי פסח, ווייל דער אינהאלט פונ׳ם חנוכה איז כמעט דערזעלביגער ווי פון פסח, — דער זיעגרייכער קאמפף פונ׳ם פאָלק פאר זיין פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט. פורים אָבער פערדיענט גע־ווים ניט, מען זאָל מאכען פון איהם אזא וועזען. דאָס איז איבער־הויפט א מערקווירדיגער יום־טוב. אויסגעוואקסען איז ער — ווי מען נעהמט אָן כמעט אויף געווים — פון א באבילאָנישען מיטהוס, אין וועלכען עס ווערט פאָרגעשטעלט דער קאמפף פון די באבילאָנישע געטער, מארדוק (מרדכי) און אישטאר (אסתר), מיט די עלאמיטישע געטער הומאן (המן) און ואשטי (ושתי). (אויך די „הדסה" פון דער מגילה שטאמט מסתמא פון דעם אלט־באבילאָנישען „האדאשאטו", וואָס האָט דעם דאָפּעלטען טייטש פון „הדם" און „כלה" און פאסט זיך זעהר גוט ווי א ביי־נאָמען פאר דער אישטאר). ענג צונויפגעבונדען מיט דעם מיטהוס איז אויך געוועזען אַן אלטער באבילאָנישער יום־טוב, אין וועלכען מען פלעגט צום שפאס מאכען פאר א קיסר א צום טויט פעראור־טיילטען פערברעכער, וואָס פלעגט „געוועלטיגען" גאנצע פינף טעג, זיך באָדען אין אלע וואוילטאָגען פון דעם קיסרליכען הויף, כדי אויף דעם זעקסטען טאָג אויפגעהאנגען צו ווערען, ווי המן, אויף דער תליה. דער דאָזיגער באבילאָנישער יום־טוב האָט אויך גע־טראָגען דעם כאראקטער פון א קארנאוואל און פון צולאָזענער פרייד, — שטריכען, וואָס האָבען זיך דערהאלטען אין דעם אידישען פורים.

נאָר ריין פּאָליטישע מאָטיוועו האָבען געקאָנט פיהרען דערצו, מען זאָל אָט דעם, דורכאויס פּרעמדען, יום טוב אריינגעהמען אויף אין די אידישע פּייער־טעג, — מאָטיווען, אויף וועלכע מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָבשטעלען. דאָס מערקווירדיגסטע און דאָס שעהנסטע דערביי איז, וואָס דאָס פּאָלק אליין האָט, אין די טיעפעניסען פון זיין בעוואוסטזיין, אלע מאָל געפיהלט, אז פּורים איז אייגענטליך גאָר קיין יום טוב ניט. „פּורים ניע סוויאטא" (פּורים איז ניט קיין יום־טוב), זאָגען די סלאַווישע אידען און זענען דורכאויס גערעכט. אין איהם איז קיין איין איינציגער מאָמענט ניטאָ, וואָס זאָל קאָנען פּרעטענדירען אויף הייליגקייט, אויף געהויבענע מענשליכקייט. אלע מאָטיווען, וואָס ווערען בעהאַנדעלט אין דער כלומר׳שט „היסטאָ־רישער" דערצעהלונג פון דער מגלת אסתר, — סיי די ליידען, סיי די פריידען, — זענען וואָכעדיג־מענשליכע, אויב איהר ווילט נאָך: א ו נ ט ע ר ־ מענשליכע. און די מענשען אליין, וואָס ווערען דאָרט געשילדערט, קאָנען בשום אופן ניט ארויסרופען קיין מאָראַ־לישען ענטהוזיאזם אין אונז. די איינציגע מאָראַלישע פּערזאָן אין דער מגלה, — האָט א מאָל א דייטשער געלערנטער בעמערקט, — איז ושתי המלכה, וואָס האָט זיך אָבגעזאָגט ארויסצוגעהן א נאַ־קעטע פאר אחשורש׳ן מיט זיינע שכור׳ע געסט. דאָס פּאָלק איז דעריבער זעהר גערעכט, ווען ער בעהאַנדעלט דעם יום־טוב מיט אן איראָנישען שמייכעל אויף די ליפּען; ווען ער ערלויבט זיינע פּורים־שפּיעלער זיך לוסטיג מאַכען איבער דער גאַנצער מעשה און פער־וואַנדלען דעם אידישען הויפּט־העלד פון דער אסתר־געשיכטע, „מרדכי הצדיק", אין די קאָמישע פיגור פון „מאָנדרעכאַי" אָדער „מאָנדריש", מיט זיין הויקער, מיט זיין לייגערנער באָרד ביז די קניע און מיט דער „פּאָמעלע" אין די הענד.

דאָס אלץ, דוכט מיר, מוז פיהרען צו דעם רעזולטאַט, אז פּורים קאָן בשום אופן ניט אריינגענומען ווערען אין דעם לייסטער פון די אידישע הייליגע טעג. אין דעם נאַציאָנאַל־פּאָעטישען יודענטום קאָן ער פון דעסטוועגען פערבלייבען, אָבער נאָר ווי א פ אָ ל ק ס־מ נ ה ג, אין וועלכען דאָס פּאָלק אליין, איינגעמאַטערט צו בע־טראַכטען דאָס לעבען אלע מאָל פון דער ערנסטער זייט, גיט א צווינקער מיט אן אויגעל, מעשה קונדס, און לאַכט זיך אויס פון אלע די המנ׳ס, וואָס דערגעהען איהם די יאָהרען, און פון דעם

גאַנצען גיהנם, אין וועלכען ער איז געצוואונגען צו לעבען... צוליעב זיין אייגענער אונצערשטערבארער לעבענס־קראפט פילט ער אָן זיין כוס און בעגריסט זי מיט א לוסטיגען „לחיים!“...

צו די אידישע הייליגע צייטען געהערען אויך די „תעניתים“, די טעג פון פאַסטען און טרויער. ווארפט מען אראָב דעם אסתר־תענית, וואָס הויבט אָן סיי ווי סיי פערגעסען צו ווערען פון פאָלק, זענען זיי אַלע געווידמעט צו די טרויעריגסטע פאַסירונגען פון אונזער געשיכטע, און האָבען בלי ספק א רעכט, מען זאָל זיי אויס־צייכענען אין דעם פאָלקס־לעבען, דערהויפט שבעה־עשר בתמוז און תשעה באָב. די צוויי תעניתים זענען פונקט דער היפך פון פסח. יענער — דער יום־טוב פון נאַטור'ס ווידערערוואכען און דעם פאָלק'ס ווידערגעבורט. דיעזע — די קלאָג־טעג פון נאַטור'ס אָבשטארבען און דעם פאָלק'ס ניעדערלאַגע. די פאַסירונגען, וואָס ווערען בעטרויערט אום שבעה־עשר בתמוז און תשעה־באב, געהערען, ווי אויך די היסטאָרישע פאַסירונג פון פסח, צו יענע נאַטירליכע, אָדער ריכטיגער: געשיכטליכע וואונדער, וואָס מאַכען דעם גורל פון דעם אידישען פאָלק אַזוי אינטערעסאַנט און וויכטיג פאַר דער מענשהייט. קיין פאָלק קאָן ניט אויפווייזען אויף אַזא איבער־מענשליך טאַפּפערען, אַזא מאוים'דיג טראַגישען ראַנגלען זיך פאר פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט, ווי דאָס האָבען די אידען בעוויזען אין זייער קאמפף מיט דעם הונדערט מאָל שטארקערען פיינד, דעם וועלט־בעהערשענדען רוים. ציוניסט, אָדער ניט ציוניסט, — יע געגלויבט אין דעם אידישען „צוקונפטס־שטאַאט“, אָדער ניט, — יעדער נאַציאָנאַל־געזאָנענער איד מוז פיהלען דעם גרויסען נאַציאָנאַלען אומגליק פון יענער צייט, ווען דאָס פאָלק האָט פערלאָרען זיין פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט, און יעדער, אפילו דער ניט נאַציאָנאַל געזאָנענער איד, קאָן ניט אָבלייקענען, אַז דער דור, וואָס האָט זיך אַזוי העלדענמוטיג מקריב געווען פאַר דער פרייהייט פונ'ם פאָלק, פערדיענט אויף אייביג א יעהרליכען „יזכור“־טאָג, אונטער די קלאַנגען פון די קנות און דעם טרויעריגען נגון פון דעם „אלי ציון“.

און „אחרון — אחרון חביב!“ דעם שעהנסטען און דעם בעם־טען פון די אידישע הייליגע טעג, האָבען מיר געלאָזען אויפ'ן סוף, — דעם שבת, דעם הייליגען סאָציאַלען יום־טוב, אין וועל־

כען עס איז צום ערשטען מאָל, ביז צו א געוויסען גראַד, פערווירק־ליכט געוואָרען ד אָ ס ר ע כ ט א ו י ף ר ו ה פאַר דעם שקלאַף און דעם ארביימער, — א רעכט, וואָס איז פיעל וויכטיגער, איידער דאָס בעריהמטע „רעכט אויף ארבייט", מיט וועלכען פיעלע אוטאָפּיסטען האָבען געהאָפּט צו פערענטפערען די סאָציאַלע פראַגע. דאָס רעכט אויף רוה האָט נאָך ניט די מענשהייט און וועט עס ניט קאָנען האָבען, ביז מען וועט ניט איבערבויען די יסודות פון איהר לעבען, לויט דעם פּרינציפּ פון סאָציאַליזם, און דאָס אידישע פאָלק קאָן באמת שטאָלץ זיין דערויף, וואָס די ערשטע קערענדלעך, פון וואַנען עס איז אויסגעוואַקסען דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער אידעאַל, זענען איינגעפלאַנצט געוואָרען אין זיין פּראָפעטישער ליטעראַטור און זענען פערווירקליכט געוואָרען, אויף וויפיעל דער יושר פון יענער צייט האָט דאָס צוגעלאָזען, אין א סך פון זיינע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס.

מען זעהט: מיט זיינע הייליגע טעג האָט זיך דאָס אידישע פאָלק ניט וואָס צו שעהמען. ל ע ב ע ן, מענשליכעס לעבען אין זיינע דערהויבענסטע מאָמענטען ווערט פערהייליגט אין די אידישע שבתים און יום־טובים. די ליידען און פריידען פון א גאַנצען פאָלק, וואָס שטרעבט צו „גרויס" און „אייביג", געפינען א היל־ביגען אָבקלאַנג אין זיי. מיר זאָגען נאָך א מאָל: זיי פערדיענען, די גאַנצע מענשהייט זאָל זיי פייערן. נישיים זשע וועלען מיר, פּראָגרעסיווע אידען, ניט אריינגעהמען זיי אין אונזער הארצען, ניט הייליג האַלטען זיי אין טרייער ליעבשאַפט?

מיר געהען איצטער איבער צו די אידישע הייליגע ע ר ט ע ר. אזעלכע ערטער האָט דאָס אידישע פאָלק זעהר ווייניג. די דאַווען־שוהל און דעם בית־מדרש רופט דער איד אָן „מקום קדוש", א היי־ליגער אָרט. אָבער אין דעם בעוואוסטזיין פון דעם פאָלק האָט די הייליגקייט פון יענע ערטער ניט גאָר קיין בכבוד'ען פּלאַץ. נאָר דער גאַנץ פרומער איד פיהלט א הייליגען ציטער, ווען ער געהט אריין אין „מנין". פאַר דאָס גאַנצע פאָלק זענען די „מנינים", „שוהלען", „שטיבלעך", „קלייזלעך" און „בתי־מדרשים" באמת ניט מעהר ווי בתי־מדרשים (לערן־הייזער) און בתי־כנסיות (פערזאַמ־לונג־הייזער). א קאָנווענט, א סעמינאַר, א קלוב, א בערזע, אָפּט־מאָל א פערד־מאַרק, — אלץ וואָס איהר ווילט איז געוואָרען די

אידישע שוהל, אָבער בשום אופן ניט קיין „מקום קדוש“, קיין הייליג אָרט. מיט דעם אידישען אויסדרוק „א הייליגער אָרט“ רופט דאָס פאָלק גאר אן אנדער זאך, דעם בית־עלמין, דעם פלאץ, וואָס פערבינדט פאר איהם בעשיינפערליך די וועלט מיט יענער וועלט, דעם פירהויז פון גן־עדן און גיהנום. די הייליגקייט פונ'ם בית־עלמין איז ביי דעם אידישען פאָלק — ווי ביי אלע פעל־קער און ביי אלע מענשען — קיינמאָל ניט פערשוואונדען און וועט מסתמא קיינמאָל ניט פערשווינדען, און דער מנהג, מען זאָל אום תשעה־באָב געהן אויפ'ן הייליגען אָרט בעזוכען די קברים פון די ליעבע געשטאָרבענע, איז אזא שעהנער פאָעטישער מנהג, אז מען קאָן גאר ניט א טראכט טהאָן — ניט אריבערצונעהמען איהם אין דעם נאציאָנאל־פאָעטישען יודענטום.

דערפאר האָט דאָס אידישע פאָלק איין הייליג אָרט, וואָס האָט גאר א בעזונדערן נאציאָנאל־פאָעטישען ווערטה. דאָס איז דאָס הייליגע לאנד, ארץ ישראל, די היים, וואו דאָס אידישע פאָלק איז געבאָרען געוואָרען, דער פלאץ, וואו עס האָבען זיך אָבגעשפּיעלט די וויכטיגסטע עפּיזאָדען פון זיין געשיכטע, דער באָדען, אין וועלכען עס רוהט די שטויב פון זיינע שעהנסטע העל־דען, דער אָרט, וואו ער האָט בעשאפען דאָס גרעסטע און שעהנסטע פון זיין קולטור. דער דאָזיגער אָרט איז באמת איינגעבאָקען אין דעם הארצען פון יעדען פרומען אידען און שוין אויך פון א סך — א סך זעהר ניט פרומע.

לאָז זיין, די ציוניסטען מאכען א טעות, ווען זיי מיינען, אז מיט דעם ישוב אין ארץ ישראל קאָן מען פערענטפערן די אידען־פראגע און געבען די מעגליכקייט דעם גאנצען אידישען פאָלק צו לעבען א בכבוד'ען, פרייען, רייכען און זיכערען לעבען. דאָס איז אפשר אן אונמעגליכע אוטאָפּיע. אָבער פאר דער נאציאָנאל־פאָע־טישער ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע איז ניט דאָס וויכטיג. וויכטיג איז, אז דאָס הייליגע לאנד זאָל אויף אייביג פערבלייבען א הייליגטום פון דעם אידישען פאָלק. אָבער דערצו איז ניט גענוג, אז די ערא־ינערונג וועגען ארץ־ישראל זאָל לעבען אין דעם פאָלקס זכרון, ווי דאָס ווילען איינינע ניט־ציוניסטישע נאציאָנאליסטען. אויב דאָס לאנד פון אונזער גרויסער פערגאנגענהייט איז באמת א הייליגע

לאַנד פאַר אונז, איז יעמאָלט קאָן אונזער געפיהל זיך בשום אופן ניט אויסאיינען מיט דעם געדאַנק, אז אונזער הייליגטום זאָל ליעגען אין פרעמדע הענד, ליעגען פערוואָרפען און פערוויסט אזוי, אז אפילו א ציוניסטיש־געזינטער רייזענדער האָט געקאָנט אנטלויפען פון דאָרטען מיט א האַרץ, צופּייניגט פון דעם חרוב'ען צושטאַנד. די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע וויעדערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע לעגט ארויף א הייליגען חוב אויף יעדען נאַציאָנאַל־געזינטען אידען, אויסצולייזען דאָס לאַנד פון פרעמדע הענד — לאָז זיין „עפענטליך־רעכטליך", לאָז זיין פּריוואַט־רעכטליך, — דער עיקר, זי זאָל איבער־געהן אין אידישע הענד, וואָס זאָלען זי פערוואַנדלען אין א גן־עדן, אין דעם פּרעכטיגסטען אָרט אויף דער וועלט, אין א צושטאַנד, וועלכען זי פערדיענט, לויט אונזער געפיהל פון ל י ע ב ע און איבערגעבענקייט צו איהר. און פ ו ן ד ע ם ש ט א נ ד־פּ ו נ ק ט בעלויכטען, איז שוין גאָר קיין נפקא מיניה ניט, וויפיעל עס דאַרף קאָסטען און צו דאָס וועט זיך עקאָנאָמיש לוינען: הייליגטימער ווערען ניט פערצינזט מיט זעקס פּראָצענט יעהרליך...

---

.5

עס בלייבט נאָך צו זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען די הייליגע ה א נ ד ל ו נ ג ע ן און די הייליגע ז א כ ע ן פון דער אידישער רעליגיע.

די הייליגע האַנדלונגען, — דאָס איז דער „שלחן־ערוך", אנט־קעגען וועלכען עס ווערט געפיהרט א קאַמפּף פון דער השכלה־צייט אָן. דאָס איז דער גאַנצער סכום פון מצוות און עבירות, דינים און מנהגים, וואָס נעהמען ארום דאָס גאַנצע אידישע לעבען און בעשטימען עס אויף יעדען שריט און טריט, פון וויעגעלע ביז'ן קבר. דאָס איז דער לייסטער פון אלע זאַכען, וואָס א איד טאָר ניט טהאָן, וואָס ער מעג טהאָן און וואָס ער מוז טהאָן. אהערצו געהערען אלע דינים פון כשר און טריפה, פון מילה, חופּה און קידושין; די אָרט, ווי אזוי הייליג צו האַלטען די שבתים און יום־טובים; ווי צו דאַוונען, וואָס און ווען צו דערצעהלען דעם רבונו־של־עולם; וואָס צו דערמאָנען איהם, ער זאָל חלילה ניט פערגעסען.

מיר האָבען שוין אָפטמאָל אויפגעוויזען אויף די היסטאָרישע אורזאכען, וואָס האָבען ג ע מ ו ז ט ארויסברענגען אין דעם אידישען לעבען די שטאָלענע נעץ פון דעם שלחן־ערוך. די אַלע דינים און מנהגים, מצוות און עבירות, האָבען מיר געזאָגט, מוזען בעטראַכט ווערען, ווי אַ נאַציאָנאַלער שוץ־פאַנצער, מיט וועלכען דאָס אידישע פאָלק האָט זיך ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען, כדי גוט אויסצושטעהן דעם קאַמפף פאַר נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ און ענטוויקלונג. און וואָס שווערער עס איז געוואָרען דער קאַמפף, וואָס שטאַרקער די ווירקונג פון דעם פרעמדען „ארום", אַלץ פעס־טער און שניידענדער האָט געמוזט ווערען דער נאַציאָנאַלער שוץ־פאַנצער. נאָר ווען מען בעטראַכט דעם „שלחן־ערוך" פון ד ע ם שטאַנדפּונקט, ווערט אונז קלאָר און פערשטענדליך, פאַר וואָס די נעץ פון דינים און מנהגים איז, ניט קוקענדיג אויף די ארבייט פון די גרויסע אידישע פילאָסאָפען פונ'ם מיטעלאַלטער, און נאָך מעהר: אַ ד אַ נ ק ד ע ר ד אָ ז י ג ע ר אַ ר ב י י ט, געוואָרען פון דור צו דור אַלץ געדיכטער און ענגער *).

דער „שוץ־פאַנצער" איז ביי דעם אידישען פאָלק אויסגע־וואקסען כמעט לויט די זעלביגע ביאָלאָגישע געזעצען, וואָס מאַכען, אַז געוויסע חיות זאָלען זיך ארומרינגלען מיט אַ „הויז" פון האָרן אָדער קאַלך, וועלכעס זיי זיינען געצוואונגען צו שלעפּען אומעדום מיט זיך.

אָט די טיעפערע היסטאָרישע בעדייטונג פון דעם אידישען שוץ־פאַנצער איז פון דעסטוועגען נאָך בשום אופן ניט קיין ב ע־ ר ע כ ט י ג ו נ ג פאַר זיין ווייטערדיגער עקזיסטענץ. מענשען זענען פאָרט ניט קיין חיות און בהמות. אַלץ, וואָס זיי טהוען, מוזען זיי קאָנען פערענטפערן פאַר'ן מענשליכען שכל און יושר. די אויפגאַבע צו פערענטפערען דעם „שלחן־ערוך" האָט אין מיטעל־

---

*) אונטער'ן „שלחן־ערוך" פאַרשטעה איך דאָ, ווי דער לעזער שטויסט זיך אַליין אָן, ניט אַ בעשטימטען ספר, וואָס טראָגט דעם דאָזיגען טיטעל, נאָר דעם גאַנצען סך־הכל פון די אידישע רעליגיעזע נאָרמען. פאַר וואָס זיי האָבען ג ע מ ו ז ט אָנוואַקסען פון דור צו דור, האָב איך מיך בעמיהט צו בעווייזען אין מיין רוסישער אַרבייט „מיסלי אָב איסטאָ־ריטשעסקיך סודבאַך יעווריעסטוואַ" פון דעם יאָהר 1887.

אַלטער גענומען אויף זיך די אידישע רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע, און ווען זי האָט באַנקראָטירט, איז די ירושה איבערגעגאַנגען צו דער קבלה און דער חסידות. אָבער אויך די קבלה און די חסידות האָבען שוין לאַנג אָנגעוואָרען זייער קרעדיט ביי דעם מאָדערנעם גע־דאַנק. די איינצעלנע אמת'ען און טיפע פילאָסאָפישע סברות, וואָס ליגען פערבאָרגען אין זיי, האָבען שוין פערלאָרען, — אויב מען מעג זיך אזוי אויסדריקען, — די פאַנצער־בילדענדע קראַפט: זיי זענען מעהר אינדיווידועל און אַלגעמיין־מענשליך, איידער אי־דיש־נאַציאָנאַל.

זאָל מען אפשר פּרובירען אויף דאָס נייע בויען אַ רעליגיאָנס־פילאָסאָפישען פונדאַמענט, לויט אַ מאָדערנעם פּלאַן, מיט מאָדער־נעם מאַטעריאַל און מאָדערנע געצייג, כדי אויף איהם זיכער איינ־צופונדעווען דעם אַלטען שלחן־ערוך? אַזאַ געדאַנק טראָגט זיך איצטער ארום אין ניט ווייניגע אידישע דענקענדע קעפּ, און מען בעדאַרף ניט זיין קיין גרויסער נביא, כדי פאָראויסצוזאָגען, אז די נאָהענטע צוקונפט וועט אונז על פּי סברה מזכה זיין מיט אַ פּאָר פון אזעלכע „רעסטאַווירטע" „יודענטימער". אָבער מען בעדאַרף אויך ניט זיין קיין גרויסער נביא, כדי איינצוזעהן, אז די אַלע פּרעכ־טיגע בנינים וועלען זיך פילאָסאָפיש האַלטען אויף היהנערשע פיס־לעך, יענע „היהנערשע פיסלעך", וועלכע די זאָגעס פון כמעט אַלע פעלקער שרייבען צו צו די שדים און די רוחות.

די רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע, די קבלה און די חסידות האָבען אין זייער צייט נאָר דערפאַר געקאָנט שפּיעלען די ראָלע פון אַ גייס־טיגער, פאַנצער־בילדענדער מאַכט, ווייל אין יענער צייט האָט מען מיט געוויסע פילאָסאָפישע דריידלעך און קונץ־שטיק נאָך געקאָנט אויספיהרען, אז דער גלויבען אין איבערנאַטירליכע וואונדער און משיח, זאָל זיך ווי עס איז לעגען אויף דעם מענשליכען שכל. אמת, אויך איצטער זיינען די דאָזיגע קונץ־שטיק און דריידלעך ניט אויס־געשטאָרבען, און דער מעטאַפיזיש־מיסטישער געדאַנק פון גאָר דער לעצטער צייט האָט — צו קיין גנאי זאָל דאָס איהם ניט זיין! — גאַנץ היבש פערגרעסערט זייער צאָהל. אָבער די אַ ל ג ע מ י י נ ע ג י י ס ט י ג ע אַ ט מ אָ ס פ ע ר ע פון אונזער צייט האָט זיך אַזוי ראַדיקאַל אומגעביטען, אז עס איז ניטאָ קיין האָפענונג, אַ

אידיש־מיסטישע מעטאַפיזיק זאָל קאָנען בעהערשען אַ גרויסע צאָהל מוחות פון אונזער פאָלק.

פריהער איז די מעטאַפיזישע מיסטיק געווען דער טעגליכער גלויבען פון די מאַסען און כמעט דער גאַנצער אינטעליגענץ. אַז די ערד איז דער צענטער פון דער וועלט, אַז די מענשהייט איז די קרוין פון אַלע בעשעפענישען און אַז דאָס אידישע פאָלק איז דער שפּיץ פון דער קרוין („דאָס הארץ פון דער וועלט", ווי יהודה הלוי האָט עס אָנגערופען), איז געווען אַ געדאַנק, וואָס האָט זיך גוט געקאָנט לעגען אויפ'ן שכל סיי ביי די דענקער, סיי ביי דעם המון. עס איז דעריבער געווען ניט גאָר שווער צו בעווייזען, אַז דער גאַנצער וועלט־פּראָצעס שטרעבט אויף אַ וואונדערליכען אופן צו דעם וואונדערליכען „ביאת המשיח"; אַז צוליעב דעם איז נויטיג אָבצוהיטען אַלע דינים, וועלכע שטאַמען פון דעם וועלט־בעשאַפער אַליין, ווי ער האָט זיי בכבודו ובעצמו אַנטפּלעקט צו זיין פאָלק ישראל. נאָר געצעהלטע יחידי־סגולה האָבען געקאָנט מיט אַ רעוואָלוציאָנערען קוראַזש אַרויסרייסען זיך פון דער דאָזיגער גייסטיגער אַטמאָ־ספערע; איינזעהן, אַז די וועלט ווערט בעהערשט פון אייביגע, אייזערנע געזעצען; אַז די געטליכע מאַכט, אויב זי איז אַפילו דאָ, קימערט זיך ניט ספּעציעל וועגען אַ בעשטימטער גרופּע פון מענ־שען, און אַז מען קאָן בשום אופן ניט צולאָזען, די דאָזיגע געטליכע מאַכט זאָל האָבען געשטאַנען אין אַ דירעקטער ווערטליכער קאָרעס־פּאָנדענץ מיט אַ וועלכען עס איז פון די מענשען־קינדער. די שטים פון די דאָזיגע אידישע אַפּיקורסים האָט מען געקאָנט אַריבערשרייען מיט דריידלעך און מעטאַפיזיש־מיסטישע פּשט'לעך, אין וועלכע עס האָט זיך אויסגעדריקט דער ווילען פון פאָלק צו עקזיסטירען ווי אַ פאָלק.

איצטער איז די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע. דאָס, וואָס עס איז געווען דער גייסטיגער אייגענטום פון איינצעלנע געצעהלטע אַפּיקורסים, ווערט אַ בעזיץ פון די גרויסע מאַסען. דער געדאַנק פון אַן אונענדליכען וועלט־אַל, וואָס ענטוויקעלט זיך לויט אייביגע געזעצען, דרינגט אריין אַלץ מעהר אין דעם המון, און נאָר איינ־צעלנע געצעהלטע רעוואָלוציאָנערע קעפּ זענען ביכלת אויף דעם פונדאַמענט פון דעם דאָזיגען געדאַנק אויפצובויען אַ שפּין־געוועב־טען מעטאַפיזיש־מיסטישען אויבער־שטיבעל, וואוהין ניט יעדער

האָט דעם מוטה און די פעהיגקייט ארויפצוקלעטערן. זאָל אזא איבערגאַטירליכער, מיסטישער אויבער־שטיבעל אויסגעוועבט ווע־רען אויך צוליעב דעם רעליגיעזען אידישען געדאַנק און זאָל מען אפילו פון זיינע שפּין־געוועבטע טהורעמס קלאָר זעהן, ווי יעדער אידישער דין איז פול פון „וועלט־געהיימניסען“, ווי אַ מילגרוים, וועט דאָס אויך אַ ברעקעל ניט קאָנען העלפען דעם „שולחן־ערוך“, ווייל אַ א י ד י ש ־ מיסטישער אויבער־שטיבעל, וואָס זאָל קאָנען פערענטפערן דעם שלחן־ערוך, מוז געבויט זיין אזוי ווייט אין דער הויך פון דעם מאָדערנעם געדאַנק, אז נאָר שטאַרקע און זעהר גוט איינגעלערנטע פילאָסאָפישע פליגלען וועלען קאָנען איינעם צוטראָ־גען אהין. וואָס נעהנטער דער בנין וועט זיין צו דער ערד און צו די מאַסען, אלץ פּלומפּער און נארישער וועט ער זיין, אלץ לייכטער וועט עס פאַר יעדען איינעם זיין אין גאַנצען צו צורייבען איהם מיט די פינגער. די גרויסע מאַסען וועט מען בשום אופן ניט קאָ־נען אריינגנאַרען אין איהם, בפרט ווען דער פרייער געדאַנק וועט שטעהן אויף דער וואך און וועט ניט פערזוימען צו טהאָן זיין חוב.

און אפילו פאַר די איינצעלנע „בעפליגעלטע“ גייסטער איז נאָך אויך ניט אזוי זיכער, אז זיי וועלען אלע (ווי ווענינ זיי זאָלען ניט זיין) דוקא אויסקלויבען יענע מיסטישע געביינען, פון וועלכע דער שלחן־ערוך זעהט אויס אין אַ ראָזאָווען ליכט. עפּעס זאָגט מיר דאָס הארץ, אז אויך דער פ ר י י ע ר אידישער געדאַנק וועט ניט בלייבען הינטערשטעליג און וועט קאָנען, אין דער אונ־ענדליכער גייסטיגער הויך, אויסבויען אַ פּראַכט־בנין פאַר אידישע הימעל־פליהער מיט אַ סך אידישע און ריין־מענשליכע האָריזאָנטען, וואָס זאָלען אויף אייביג אָבשלאָגען די בענקשאַפט נאָך דעם אלטען שוץ־פּאַנצער, פון וועלכען מיר זענען שוין ארויסגעוואַקסען.

אָבער — וואָס פאַר אַ צוקונפט עס זאָל ניט זיין אָנגעגרייט פאַר דעם אינדיווידועלען אידישען רעליגיאָנס־פילאָסאָפישען גע־דאַנק און זיין שטעלונג צו דעם „שלחן־ערוך“, — איין זאך טאָר מען קיין מאָל ניט פערגעסען, אז ער מוז און זאָל בלייבען א י נ ־ ד י װ י ד ו ע ל, אָהן אַ וועלכער עס איז פּרעטענזיע, דאָס גאַנצע פאָלק זאָל איהם דאַרפען אָננעהמען. די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע וויעדערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע זוכט דוקא אויסצוגע־פינען אַזעלכע לעבענס־פאָרמען אין איהר, וואָס קאָנען ווערען

א י ב ע ר ־ א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל, וואָס קאָנען צוציהען צו זיך אַלע מענשען, וואָס ווילען לעבען סאָלידאַריש מיט דעם אידישען פאָלק, — דערהויפּט די אויפגעקלערטע און די פריי־געזינטע. האָט מען די עלעמענטען אין אויג, זעהט מען אויפ'ן שטעל איין, אַז די הייליגע האַנדלונגען פון דער אידישער רעליגיע זענען איהר גע־פעהרליכסטער און שעדליכסטער טייל, ווייל דאָס רוב אידישע דינים און מנהגים זענען ניט מעהר ווי אַ נעסט פון אַבערגלויבענס און לאַנג אָבגעלעבטע אַנשויאונגען, וואָס אייניגע פון זיי טראָגען אויף זיך קלאָר דעם שטעמפּעל פון פּרימיטיווע באַרבאַריי.

עס איז צ. ב. פּאַר אַ פריי־געזינטען מענשען אונמעגליך צו קוקען אויף דער מצוה פון מילה אַנדערש, איידער ווי אויף אַ שטיק בלוטיגע באַרבאַרישע פערגאַנגענהייט, ווען די געטער האָבען הנאה געהאַט פון מענשליכע בלוט. אין דעם פּונקט קאָנען ניט זיין קיין צוויי מיינונגען און די ריכטיגע מיינונג מוז מען אַרויסזאָגען אָפען און קלאָר, ווי וועה דאָס זאָל איינעם ניט טהאָן: די מצוה פון מילה איז אַ באַרבאַרישער מנהג, אַ שענדליכער מנהג, רויה, אָבשטויסענד.

ניין! אין די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע וויעדערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע טאָר די מצוה פון מילה ניט אַריינגעהן. און אויב איינער פון די ראַדיקאַלען וועט דאָס יע טהאָן, וועט דאָס מסתמא זיין דערפאַר, וואָס ער וועט זיך מיט זעהר אַ גוטען רעכט זאָגען: בעסער זאָל ביי מיינעם אַ קינד געהן אויף אַ ווייל אַ ביסעלע בלוט פערלאָרען, איידער ביי מיין פרוי, אָדער ביי מיין פאָטער און מוטער, אָדער ביי די, וואָס זענען מיר ליעב און טייער, זאָל דאָס גאַנצע לעבען בלוטען דאָס האַרץ. און דאָס מעג אַ ראַדיקאַל זאָגען, ווייל „מיר מעגען אַלץ". אָבער יעמאָלט וועט דאָס זיין אַ פּריוואַט־זאַך, וואָס ליעגט שוין אין גאַנצען דרויסען פון דעם נאַציאָנאַל־פּאָעטישען יודענטום. *)

---

*) עס איז מיין חוב צו בעמערקען, אַז מיין שטעלונג צו מצות מילה האָט מיר אַריינגעבראַכט אַ סך פּראָטעסטען, מינדליכע און בריעפ־ליכע, פון מיינע פריינד און בעקאַנטע, דוקא זעהר ראַדיקאַל געזאָנענע מענשען: זיי זעהען אין דעם מנהג ניט מעהר ווי אַ סימבאָל פון נאַ־ציאָנאַלע צוגעהעריגקייט. ניט מל זיין אַ קינד וואָלט געהייסען — דוכט זיך זיי — לכתחילה אָבשניידען עס פון דעם אידישען פאָלק.

יע, דער „שלחן־ערוך“ איז דער געפעהרליכסטער און שעד־ליכסטער טייל פון דער אידישער רעליגיע. אונזער „אויפקלעה־רעכץ“ און „ראַדיקאַלעכץ“, ווי בייז מיר זאָלען אמאָל ניט זיין אויף איהר, פאַרוואָס זי פערשטעהט ניט די פאָדערונגען פון דער צייט און טאַנצט אַלץ נאָך אויף דעמזעלביגען אָרט, וואו זי איז גע־שטאַנען אין די זיבעציגער יאָהרען פון׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט, פערדיענט פאָרט אַן אייביגען דאַנק פון׳ם אידישען פאָלק פאַר דער גרויסער אַרבייט, וואָס זי האָט אויפגעטהאָן: פאַר דער גייסטיגער בעפרייאונג, וואָס זי האָט אונז געבראַכט. אָפען, עהרליך און קלאָר האָט זי אַריינגעשריען אין דער אָרטאָדאָקסישער וועלט דעם וויכטיגסטען „אני־מאמין“ פון דעם פרייען גדאַנק: „ס׳איז ניטאָ קיין רעליגיעז פערבאָטענע, אָדער רעליגיעז בעפוילענע האַנדלונגען פאַר אַ פרייען גייסט. מיר מעגען אַלץ!“

די „ראַדיקאַלעכץ“ האָט אָבער באמת ניט דורכגעפיהרט דעם פרינציפ ביז צו זיין לאָגישען סוף. ווי איך האָב שוין אויבען בעמערקט, האָט זי נאַר, אויף להכעיס, אויסגעקעהרט דעם אַלטען פרינציפ אויף׳ן לינקען זייט. עס וואָלט כמעט ריכטיג געווען צו פאָרמולירען דעם גרונד־גדאַנק פון אונזער רעליגיעזער „ראַדיקאַ־לעכץ“ מיט די פאָלגענדע ווערטער: „מיר מעגען אַלץ, וואָס אייך איז פערבאָטען, און טאָרען קיין זאַך ניט, וואָס אייך איז בעפוי־לען“. די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע רעליגיע געהט אין דעם פונקט ווייטער, איידער די ראַדיקאַלעכץ, און מאַכט ערנסטער מיט דעם פרינציפ פון דעם פרייען אינדיווידואום: „ס׳איז ניטאָ ביי אונז קיין רעליגיעזער „מען מעג“ און קיין רעליגיעזער „מען טאָר ניט“: מיר מעגען אַלץ, — אפילו טרויערען אום תשעה־באָב, פאַסטען אום יום־כפור, אָנצינדען ליכט לכבוד שבת, און נאָך „ערגערע“ זאַכען, אויב מיר געפינען אין זיי אַ נאַציאָנאַל־פּאָעטישען אינהאַלט, אַ מענשליכען גדאַנק, פאַר וועמעס שכל און יושר מיר האָבען זיך ניט וואָס צו שעהמען, אָדער ווען מיר טהוען עס אויס דרך־ארץ

לוידער האָבען מיך די אַרגומענטען ניט איבערצייגט. איך קאָן דעריבער מיין מיינונג ניט נעהמען צוריק. אַלץ, וואָס איך האָב געקאָנט טהאָן, איז, — אויס אמת׳ער פערעהרונג צו זייער נאַציאָנאַלען געפיהל — אַרויסוואַרפען אַ פּאָר בעליידיגענדע שטעלען.

און רחמנות צו יענע, וועמען מיר האָבען ליעב ווי אונזער לעבען״. די לעצטע אַרט האַנדלונגען, די, וואָס ווערט געטהאָן אויס רחמנות, ליעבע און דרך־ארץ צו אַנדערע, לאָזען מיר איבער צו יעדען איינ־צעלנעם אידען, ער זאָל זיי טהאָן אויף די אחריות פון זיין אייגענעם געוויסען; די ערשטע האַנדלונגען, די, וואָס זענען פול מיט אַ פּאָעטישען, הומאַנעם און ריין נאַציאָנאַלען אינהאַלט, נעהמען מיר אריין אין אונזער פריי־אידישע רעליגיע.

וועלכע פון די רעליגיעזע האַנדלונגען קאָנען אויפוויזען אַזא ריין מענשליכען אָדער נאַציאָנאַל־פּאָעטישען אינהאַלט, און וועלכע פון זיי מוזען, צוריק, פערוואָרפען ווערען ווי אַלטע באַרבאַריי און אַבערגלויבען, — דאָס צו בעטראַכטען מוז איבערגעלאָזען ווערען אויף אַן אַנדערס מאָל. איצטער איז פאַר אונז נאָר וויכטיג צו וויסען, אַז אַ סך, אַ סך אידישע מצוות און מנהגים ק אָ נ ע ן אויסגעלויטערט ווערען אין דעם פייער פון דער פרייער קריטיק און אריבערגענומען ווערען אין דעם סיסטעם פון אַ נאַציאָנאַל־פּאָעטי־שען יודענטום. עס פערשטעהט זיך דערביי פון זיך אַליין, אַז אפילו די אריבערגענומענע וועלען פאַר אונז מוזען פערליערען זייער איבערנאַטירליך־רעליגיעזען כאַראַקטער, דעם כאַראַקטער פון „בעֿ־פוילען״ און „פערבאָטען״, און אין גאַנצען פערוואַנדעלט ווערען אין פ ר י י ו ו י ל י ג ע פ אָ ל ק ס ־ ז י ט ע ן, וואָס אין זיי קאָן די נשמה פון אַ מאָדערנעם, פריידענקענדען און נאַציאָנאַל־פיהלענדען אידען געפינען אַ בעפרידיגונג פאַר איהרע בעדערפניסען און וואָס דורך זייער אָבהיטען קאָן ער אויסדריקען זיין סאָלידאַ־ריטעט מיט דעם גאַנצען אידישען פאָלק.

דער ערשטער און וויכטיגסטער „דין״, וואָס די פרייע אידישע רעליגיע מוז אריבערנעהמען פון דער אַלטער וועלט און אָבהיטען מיט דער גאַנצער ענערגיע, וועלכע זי קאָן אַרויסברענגען, איז דער דין פון א ר ב י י ט ס ־ ר ו ה אין אַלע שבתים און יום־טובים.

עס פערשטעהט זיך, אַז מיר מיינען דאָ די ארבייטס־רוה ניט אין דעם זין פון אונזערע „שומרי שבת״, וואָס ווילען דורכפיהרען, אַז אַ איד זאָל ווידער ניט טאָרען רויכערען, אָדער שרייבען, אָדער פאָהרען אום שבת, אָדער וואָס ווילען וועניגסטענס ווידער בעֿ־שאַפען אַזאַ אַטמאָספערע אין דער אידישער גאַס, אַז קיין איד זאָל ניט קאָנען „מחלל שבת זיין בפרהסיא״ אויף דעם אויבען בעשריע־

בענעם שטייגער. אַנטקעגען אַלע אַזעלכע רעאַקציאָנערע געלוסטען מוז מען קעמפּפען מיט דער גאַנצער ענערגי, און קיין איין פּאָזיציע פון דעם פרייען געדאַנק טאָר אין דעם פּונקט ניט איבערגעענטפערט ווערען צו דעם שונא. אונטער „ארבייטס־רוה“ מיינען מיר „פּשוטו כמשמעו“ — ד אָ ס נ י ט ט אָ ר ע ן א י ן ד י ד אָ ז י ג ע ט ע ג ע ק אָ נ אָ מ י ש ט ה ע ט י ג ז י י ן: ניט האַנדלען און ניט אַרבייטען און ניט בענוצען זיך מיט פרעמדער אַרבייט, — אידישער אָדער ניט אידישער, — צוליעב עקאָנאָמישע צוועקען.

וואָלט די אידישע אַרבייטערשאַפט געהאַט די מאַכט צו צווינ־גען די אידישע באַלעבאַטים, שטרענג אָבצוהיטען די אידישע רע־ליגיע אין דעם פּונקט פון אַרבייטס־רוה דוקא לויט דעם שלחן־ערוך, וואָלט זי גאַנץ געוויס דערביי געוואונען אַ סך פרייע גאַנצע און האַלבע טעג (די ראשי־חדשים, צ. ב.!), וואָס אין זיי וואָלט איהר אַרבייטס־קראַפט זיך געקאָנט אויסרוהען, און די פרייע צייט וואָלט זי געקאָנט אויסנוצען אויף ערהאָלונג און גייסטיגע ענטוויקעלונג. די אידישע אַרבייטערשאַפט פערשטעהט אָבער נאָך ליידער ניט, ווי צו שעצען דעם גרויסען סאָציאַלען ווערטה, וואָס ליעגט פער־באָרגען אין די אידישע ימים־טובים און אין די „יומא דפגרא׳ס“. פון דער אַנדער זייט זענען דאָס רוב אידישע באַלעבאַטים פרום נאָר ביז צו דער קעשענע. אָבער אויב די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע וויעדער־געבורט פון דער אידישער רעליגיע זאָל אַרויסברענגען אַ שטאַרקע בעוועגונג אין דעם לעבען פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט, וואָלט דער ערשטער לאָזונג פון דער בעוועגונג בעדאַרפט זיין: די אַרבייטס־רוה אין די אידישע שבתים, יום־טובים און יומא־דפגרא׳ס מיט דעם רעכט אויסצונוצען די פרייע צייט לויט דעם אייגענעם געשמאַק, אָהן אַ וועלכער עס איז „השגחה“ פון אַ וועלכער עס איז רעליגיע־זער אויטאָריטעט. עס קאָן זיין, אַז די אָרטאָדאָקסישע „באַלעבאַ־טישע“ וועלט וועט זיך דערביי אויפשטעלען אויף די הינטערשטע פיס. עס קאָן זיין, אַז די אידישע אַרבייטערשאַפט וועט אין דער ערשטער צייט אין דעם פּונקט פערליערען דעם קאַמפּף. אָבער אויך דער פערלאָרענער קאַמפּף וואָלט געהאַט אַן אונגעהויערען ווערטה פאַר דער ראַדיקאַלער אַרבייטערשאַפט. ער וואָלט קלאָר בעוויעזען פאַר דער גאַנצער וועלט דעם אמת׳ען כאַראַקטער פון דער „באַלעבאַטישער“ פרומקייט און וואָלט אפשר געבראַכט די

גאַנצע אָרטאָדאָקסיע צו אַ שענדליכען באַנקראָט אין די אויגען פון פאָלק.

ווי אַזוי צו בעגעהן זיך מיט די הייליגע טעג, ווען די אַרבייטס־רוה וועט אויסגעקעמפפט ווערען פון דער אידישער אַרבייטער־שאַפט; אָדער, לכל הפחות, ווי אַזוי אויסצוצייכענען זיי אין יענע פעלען, וואו ס'איז אונמעגליך דורכצופיהרען די אַרבייטס־רוה, — דאָס צו בעשרייבען האַלטען מיר פאַר איבעריג: עס וואָלט שוין צופיעל געשמעקט מיט אוטאָפּיסטישע קליין־מאַלעריי. איך וועל נאָר בעמערקען, אַז די אידישע רעליגיע גיט אונז אַ מאָל אין די הענד אַ פּאָעטישען וואונק, וואָס מען קאָן איהם אויסנוצען און קינסטלעריש ווייטער אויסאַרבייטען אַזוי, אַז דאָס אידישע לעבען זאָל אין זיינע שבתים און יום־טובים באמת פאַנאַנדערבליהען אין אַ נייער, רייכער, קינסטלערישער פּראַכט.

דער לולב און אתרוג פון סכות צ. ב. וואָלט געקאָנט אין דער נאַציאָנאַל־פּאָעטישער ווידערגעבורט פערוואַנדעלט ווערען אין גאַנצע ג י ר ל י אַ נ ד ע ן פון לולבים, אתרוגים, הדסים, ערבות, שעהנע לולב־געפלעכטנע, וואָס זאָלען בעציערען דאָס אידישע הויז די גאַנצע אכט טעג פונ'ם סכות יום־טוב. *)

---

*) דאָ פרעגט זיך די שאלה: און וואָס זאָל טהאָן דער אָרעמאַן, וואָס האָט ניט קיין געלד אויף די אַלע לולבים, אתרוגים און הדסים? איז דער תירוץ: ער זאָל טהאָן דאָס, וואָס דער פ ר ו מ ע ר אָרעמאַן טהוט, ווען ער האָט ניט קיין מצה און קיין וויין אויף פסח: ער קריגט שוין ווי עס איז. מיט די פסח־הוצאות פון דער אַלטער רעליגיע קאָן מען דעקען אַלע הוצאות פון דער נייער. און איבערהויפּט טאָר דער אָרע־מאַן ניט פערגעסען, אַז די גרעסטע עבירה פון דער נאַציאָנאַל־פּאָעטי־שער רעליגיע איז — צו בלייבען אַן אָרעמאַן. ער מוז, אין אחדות מיט אַלע זיינע אַרבייטער־ברידער, קעמפּפען פאַר אַ בעסערע עקאָנאָמישע עקזיסטענץ, און וואָס גרעסערע פאָדערונגען ער וועט שטעלען צו דעם לע־בען, וואָס רייכער און ש ע ה נ ע ר עס וועלען זיין די דאָזיגע פאָדע־רונגען, אַלץ לייכטער וועט דער אַרבייטערשאַפט זיין — אָבצושאַפפען די אָרעמקייט פון דער וועלט. עס איז אַן אַלטער אידישער כלל: ו ו י מ ע ן פ י ה ר ט ז י ך, אַ ז ו י ה ע ל פ ט ג אָ ט.

דאָס פּורים־שפּיעל אום פּורים קאָן אין דער נאַציאָנאַל־פּאָעטי־שער רעליגיע אויסוואַקסען אין עפענטליכע אום־צוגען מיט מאַס־קירטע גרופּען, ארומגעפיהרט איבער די אידישע גאַסען אין שעהן אויסגעציערטע וועגענער, — גרופּען פון לעבעדיגע בילדער, וואָס זאָלען פאָרשטעלען די וויכטיגסטע מאָמענטען פון דער אידישער געשיכטע און דעם געגענווערטיגען לעבען.

און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער. יעדער אידישער מנהג האָט אין זיך עפּעס אזוינס, וואָס קאָן פּאָעטיש פערטיעפט און פער־שעהנערט ווערען און בעקומען א ריין־מאָדערנע פאָרם, מיט אפשר א גאַנץ נייעם וויכטיגען גייסטיגען אינהאַלט. אפילו דער אידישער ברית־אברהם, מיט זיין בלוטיגען קרבן צו גאָט, קאָן פערוואַנדעלט ווערען אין א ניט־בלוטיגען ברית־ישעיהו־הנביא, מיט סנדקס און קוואַטערס און מיט פּאַסענדע פּאָעטישע צערעמאָניעס, אין וועלכען דאָס יונגע אידעלע זאָל עפענטליך, פאַר פריינד און קרובים, אריינ־געפיהרט ווערען אין דעם נייעם בונד פון די „בני־ישעיהו“, — יענע פריידענקענדע און נאַציאָנאַל־פיהלענדע אידען, וואָס מוזען דעם געוואַלטיגען אידישען נביא בעטראַכטען פאַר זייער גייסטיגען פאָ־טער און פיהרער; פאַר וועמעס גרויסע און הויכע סאָציאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע אידעאַלען, וואָס זענען נאָך לאַנג ניט מקוים געוואָרען אין לעבען, זיי פערפליכטען זיך צו קעמפּפען, לויט זייערע כחות...

און בכלל מוז מען זעהן, אז דער הייליגער גייסט פון די אי־דישע נביאים זאָל ווערען דער הערשענדער אין דעם אידישען לע־בען, און אז די מנהגים, וועלכע די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידער־געבורט וועט אריבערנעהמען פון דעם אַלטען געביי, אָדער וועלכע זי וועט אַליין ארויסברענגען אין לעבען, זאָלען זיין דורכגעדרונגען פון יענעם גייסט.

מיט די אידישע הייליגע ז א כ ע ן קאָנען מיר דאָ, צום שלום, מאַכען גאָר בקיצור.

דער, וואָס האָט נאָר פערשטאַנען דעם גרונד־געדאַנק פון דער נאַציאָנאַל־פּאָעטישער ווידערגעבורט, וואָס מיר וואָלטען געוואָלט דערלעבען פאַר דער אידישער רעליגיע, יענעם וועט זיין לייכט איינ־צוזעהן, אז אָט די אַלע איצטיגע הייליגע חפצים: די אַלע טלית־און־תפילין׳ס, ארבע־כנפות׳עו, הדס׳ען, מזוזות, חנוכה־לעמפּלעך

און מנורות, פּרוכת'ן, „בלעכען“ און מענטעלעך, — אַז זיי אַלע קאָנען געבראַכט ווערען, — אויב זיי קאָנען איבערהויפּט געבראַכט ווערען, — נאָר ווי ציערונגס־זאַכען פון אַ אידישען הויז. אויף וויפיעל זיי אַלע לאָזען זיך אָננעהמען אַ מעהר קינסטלערישע פאָרם, ווייס איך ניט: דאָס מוז מען איבערלאָזען צו די אידישע קינסטלער. אפשר וועט זיי זיך איינגעבען ארויס־צובראַנגען די אַלע חפצים אין אַזאַ געשטאַלט, אַז עס זאָל זיך וועלען האָבען זיי פאַר די אויגען און בעציערען מיט זיי דאָס אייגענע הויז. קיין גרויסען ווערטה האָבען די הייליגע „זאַכען“ סיי ווי סיי ניט.

אַן אויסנאַהם מוז געמאַכט ווערען נאָר צוליעב צוויי זאַכען, צוויי הייליגטימער פון דעם אידישען פאָלק, אויב מען קאָן זיי איבערהויפּט אָנרופען „זאַכען“. דאָס זענען די „הייליגע שריפט“ (כתבי קודש, דער תנ"ך) און די הייליגע שפראַך (לשון הקודש).

מיר מיינען די הייליגע שפראַך פון יענער צייט, ווען די אידישע נשמה האָט נאַטירליך און ניט געקינסטעלט אויס־געדריקט אין איהר איהר תוך, ווען זי איז נאָך ניט געוועזן קיין גימנאַסטיק, קיין אַקראָבאַטען־קונץ־שטיק פאַר די, וואָס קאָנען טאַנצען אויף דינע דראָט; ווען זי איז נאָך ניט געוועזן קיין שייד־וועג צווישען אינטעליגענץ און פאָלק. אָט יענע שפּראַך צו שטודירען, אין איהר זיך צו פערטיפען, זעהן, אַז יעדער איד זאָל קאָנען לייענען דעם תנ"ך אין'ם אָריגינאַל, — לייענען, בעוואָפענט מיט דער גאַנצער קריטישער און היסטאָריש־פילאָלאָגישער וויסענשאַפט פון אונזער צייט, — דאָס איז אַן אידעאַל, וועלכען די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע וויעדערגעבורט קאָן בשום אופן ניט ארויסלאָזען פון איהר לייסטער. אַלע מאָל, ווען מיר טיעפען זיך אריין אין געדאַנקען אין אונזערע הייליגע שריפטען, דערהויפּט אין די נביאים, פיהלען מיר, ווי דאָס הארץ הויבט אָן צו שלאָגען פריידיג און שטאָלץ, ווי נייע קוואַלען פון לעבען און מוטה גיסען זיך אריין אין די אָדערן, ווייל אייביגקייט און אונענדליכקייט הויכט כמעט פון זייער יעדער שורה; זיי זענען אונשטערבליך, און עס ווילט זיך גלויבען, אַז אונשטערבליך איז אויך דאָס פאָלק, וואָס האָט זיי ארויסגעבראַכט.

לײדער קאָנען מיר זיך דאָ ניט אָבשטעלען לענגער אויף דעם ענין. די „וויעדערבעלעבונג“ פונ'ם תנ"ך איז ענג פערבונדען מיט

דער פראַגע וועגען דער ווידערבעלעבונג פון אַלע אַנדערע רייכע אוצרות, וואָס ליגען אין דער אַלטער אידישער וועלט, — אין דעם תלמוד און די מדרשים, אין די חקירה־ספרים און די מוסר־ספרים, אין דער קבלה און דער חסידות. אויך די אוצרות מוזען דורכמאַכען אַ לייטערונגס־פּראָצעס, איידער זיי קאָנען ווערען אַ „קוואַל פון לעבען“ פאַר אַ מאָדערנעם, פריי־דענקענדען אידען. זייער דורכ־מוסטערונג און אָבשעצונג געהערט אָבער צו דעם קאַפּיטעל: „די ווידערבעלעבונג פון דער אידישער קולטור“, — אַ קאַפּיטעל, וואָס ליגט שוין דרויסען פון יענע גרעניצען, וועלכע מיר האָבען איצטער געצויגען פאַר אונזער היינטיגער אַרבייט, וואָס האָט נאָר צו טהאָן מיט דער ווידערבעלעבונג פון רעליגיעזע לעבענס־פאָר־מען און ווערטהען, — הייליגע פערזאָנען, הייליגע צייטען, הייליגע ערטער, הייליגע האַנדלונגען, און הייליגע זאַכען, — וואָס קאָנען בעפרייט ווערען פון זייער איצטיגער ריין רעליגיעזער גע־שטאַלט און געמאַכט ווערען, לויט זייער נאַציאָנאַל־פּאָעטישען אָדער אַלגעמיין־מענשליכען אינהאַלט, צו אַ בשותפות'שען בעזיץ פון יעדען פריי־דענקענדען אידען, אַלץ איינס, ווי ער זאָל ניט בעשטימען זיין שטעלונג צו די אַנדערע אוצרות, — דאָגמען, לעה־רען, מיינונגען און גלויבונגען, — פון דער אידישער קולטור.

דאָ, ביי דער גרעניץ פון אונזער היינטיגער אַרבייט, ווילען מיר נאָר ברענגען נאָך אַ פּאָר בעמערקונגען, כדי נאָך דייטליכער צו מאַכען דעם גאַנצען ענין און כדי לכתחילה צו פערלויפען דעם וועג אייניגע געגנערישע אַרגומענטען, וואָס קאָנען אַרויסגעשטעלט ווערען גלייך אויפ'ן אָרט.

ווי עס זעהט אויס, וויל די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידערגע־בורט פון דער אידישער רעליגיע זיין אַ מין נייע ר ע פ אָ ר ם־ב ע וו ע ג ו נ ג. אַקוראַט ווי די אַלטע רעפאָרם־בעוועגונג, געהט זי אַריין אין דעם פערוואַקסענעם אַלטען אידישען גאָרטען מיט דער קריטישער גאָרטען־שער אין דער האַנד, שניידט אויס אַלץ, וואָס איהר פּאַסט ניט און לאָזט איבער דאָס, וואָס איהר מענשליכען שכל געפעלט. הייננט פאַר וואָס טאַקי ניט רעדען קלאָר וועגען אַ נייער רעפאָרם־בעוועגונג? אפשר גאָר איבער־רעפאָרמירען די רעפאָרם?

ניין, ענטפערן מיר, די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידערגעבורט

פון דער אידישער רעליגיע זעהט נאָר אויס פון דרויסען עהנליך צו דער רעפאָרם. לויט איהר אינוועניגסטען תוך, ליעגט זי אויף אַ גאַנץ אנדער שטח און בעוועגט זיך אין גאַנץ אנדערע ליניען.

די רעפאָרם־בעוועגונג האָט געוואָלט בעשאַפען אַ נייע רעליגיע, ד. ה. אויסבויען יענע איבער־מענשליכע, געמט־ליכע וועלט, יענע גרויסע ממשלה פון הייליגקייט און אונענדליכ־קייט, וואו דעם מענשענ׳ס נשמה זאָל געפינען איהר לעצטע בעפריעדיגונג, ווען זי פיהלט זיך הונגעריג און דאָרשטיג נאָך דעם, ווי זי האָט שוין אַלץ ארייגגענומען אין זיך פון דער וויסענשאַפט און פילאָסאָפיע, דער עטיק און דער קונסט. אויב דער ריין־רעליגיעזער אינהאַלט פון דעם רעפאָרם־יודענטהום איז ארויסגעקו־מען אזוי מאָגער און שאָטענהאַפט און קאָן בשום אופן ניט שטילען יענעם הונגער און דאָרשט, איז דאָס געוועזען די שולד פון זיינע בויער, ביי וועמען די רעליגיע האָט ניט ארויסגעקוועלט פון די טיעפענישען פון דעם רעליגיעזען געמיטה. זיי זענען איבערהויפּט ניט געוועזען קיין רעליגיעזע מענשען, מיט דעם אויביג ברענענדען דאָרשט נאָך הייליגקייט און אונענדליכקייט אין זייער ברוסט, נאָר פּשוט׳ע, וואָכעדיגע דייטשע פּראָפעסאָרען, — אויב איהר ווילט: שניידער־יונגען אין רעליגיעזע ענינים, וואָס האָבען מיט דער שער און דעם נאָדעל־און־באַוועל אין דער האנד „צונויפ־געשטוקעוועט” פון אידישע און קריסטליכע אַלטע בגדים אַ רעלי־גיעזען מלבוש פאר דעם געבילדעטען אידען, ער זאָל אויסזעהן „מיט לייטען גלייך”.*)

מיר אָבער, — דאָס מוז נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל געזאָגט ווערן — פערמעסטען זיך ניט צו בויען אַן איבערנאַטירליכע, רעלי־גיעזע וועלט, ניט פאר דער מענשהייט, ניט פאר דאָס אידישע פאָלק.

אין די ענינים פון רעליגיאָן האָבען מיר אָפּט ארויסגעזאָגט אונזער מיינונג, אַז די רעליגיע קאָן איצטער, לויט איהר טבע נאָך, זיין נאָר ריין אינדיווידועל און פּערזענליך

---

*) פערגלייך די אויסגעצייכענטע כאַראַקטעריסטיק פון דעם רע־פאָרם־יודענטום אין דר. גינצבורג׳ס אַרטיקעל אין „דאָס נייע לעבען“, דריטער באַנד, זייטע 54—58.

און עס קאָן ניט זיין איין רעליגיאָן פאַר אַלע געבילדעטע. עס האָט אונז ווירקליך געפרעהט, ווען מיר האָבען דעם געדאַנק ניט לאַנג וויעדער־געפונען אין דער רעדע פון פּראָפעסאָר ו ו א ה ר מ ו נ ד אויף דעם גרויסען האַמבורגער צונויפפאָהר פון דעם „מאָניסטען־בונד“ אין סעפּטעמבער פון דעם יאָהר 1911. פּראָפעסאָר וואהר־מונד, אַן ערנסטער פאָרשער, וואָס האָט געהאַט די עהרע, אין דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט צו־צוציהען צו זיך די קריעגס־פּיילען פון דער קריסטליכער קירכע, טיילט איין די גאַנצע רעליגיעזע ענטוויקעלונג פון דער מענשהייט אין דריי גרויסע פּאַזען: אין דער ערשטער פּאַזע, וואָס האָט געהערשט אין דער אַלטער, פּאַר־קריסט־ליכער וועלט, איז די רעליגיע געוועזן אַ שטאַאַטס־רעליגיע אָדער אַ פאָלקס־רעליגיע. אין דער צווייטער פּאַזע, דער קריסטליכער, איז זי געוואָרען אַ ו ו ע ל ט ־רעליגיע, אָדער אַ מענשהייטס־רעלי־גיע. אין דער דריטער, דער איצטיגער פּאַזע, ווערט די וועלט־רעלי־גיע אַרויסגעשטופּט דורך דער א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע ר, אָדער דער פּ ע ר ז ע נ ל י כ ק י י ט ס ־רעליגיע.*)

אונז דוכט, אַז די אינדיווידועלע אָדער די פּערזענליכקייטס־רעליגיע איז די ה ע כ ס ט ע פאָרם פון רעליגיאָן בכלל, ווייל אין איהר דריקט זיך אַם בעסטען אויס איהר אמת׳ער מהות. שוין מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק האָבען מיר געשריבען וועגען איהר, אַז זי האָט שטענדיג געהאַט אין זינען פעסט־צו־שטעלען די שיכות צווישען דעם א י נ ד י ו ו י ד י א ו ם און דעם לעצטען וועלט־גרונד.**) און ווייל די רעליגיע איז, לויט איהר תוך נאָך, ריין

---

*) זעה: „דער מאָניזמוס“, צייטשריפט פיר איינהייטליכע וועלט־אנשויאונג און קולטור־פּאָליטיק, נום. 64 (אָקטאָבער 1911), זייטע 453. — דער מאָניסטען־בונד איז א פריי־דענקערישע אָרגאַניזאציע, וואס איז געגרינדעט געווארען אין דייטשלאנד מיט א יאהר פינף־זעקס צוריק פון ערנסט העקקעל. דער פּרעזידענט פון דער ארגאניזאציע איז איצטער דער בעריהמטער כעמיקער ווילהעלם אָסטוואַלד. צו איהר געהערען א סך גרוי־סע געלערנטע און דענקער פון דער גאַנצער וועלט, ווי צ. ב. סוואַנטע אַר־רהעניוס פון שוועדען, פרידריך יאָדל פון עסטרייך, זשאַק לעב און לעסטער וואָרד פון די פעראייניגטע שטאַאַטען א. אז. וו. —

**) פערגלייך אונזער דייטשע ארבייט „דער סאציאליזמוס אונד די

אינדיווידועל, מוז זי איבערגעלאָזען ווערן צו דעם פרייען שאַפען און דעם פרייען אויסקלייב פון יעדען יחיד.

דער פרייער, נאַציאָנאַל־פּאָליטישער יודענטהום וויל זיך ניט אוועקשטעלען אויף דעם פּלאַץ פון דער אָדער יענער רעליגיע. ער ליעגט אויסער יעדער רעליגיעזער אַטמאָספּערע, און קאָן זיך דערי־בער פּעראייניגען מיט איהר. ווי אַזוי דאָס אינדיווידואום זאָל בע־שטימען זיין שיכות צו דעם וועלטען־גרונד: דורך דעם רעלי־גיעז־אָרטאָדאָקסישען יודענטהום, דורך רעפאָרם־יודענטהום, דורך אַ וועלכע עס איז מחמדאנישע סעקטע, דורך איינער פון די קריסטליכע סעקטען, אָדער גאָר דורך דעם אייגענעם רעליגיעזען געפיהל, — וועגען דעם ווערט אין דעם נאַציאָנאַל־פּאָליטישען יודענטהום ניט געפרעגט און מיט דעם אינטערעסירט מען זיך ניט, — ווייל ער וויל פאַנאַנדערשמיעדען אַלע קעיטען, אין וועלכע די געשיכטע האָט איינגעשמיעדט דעם אידישען גייסט, און ער וואָלט געשלאָגען זיך אַליין אין פּנים, ווען ער וואָלט אַרויסגעטרע־טען מיט נייע קעיטען אנשטאָט די אַלטע.

אין דער אידישער סוכה לויט דעם „נוסח" פון דעם נאַציאָנאַל־פּאָעטישען יודענטהום, דער אויסגעציערטער מיט גירליאַנדען לולבים, אתרוגים, הדסים און ערבות, קאָן דער אָרטאָדאָקסישער איד זאָגען אין טלית זיין הלל בציבור, און מאַכען די „נענועים" מיט זיין לולב און אתרוג; קאָן דער קריסטליכער איד (אויב עס זאָל זיך געפינען אַזאַ מין) אויפהענגען זיין יעזוס־בילד אָדער זיין מאַ־דאָנאַ־בילד; קאָן דער מאַהאָמעדאַנער שבתי־צבי'ניק לייענען דעם אַל־קאָראַן פון זיין נביא; קאָן דער אַטעאיסט זיך קוויקען מיט זיין

---

נאַציאָנאַליטעטען־לעהרע". דייטשע וואָרטע, אויגוסט־סעפּטעמבער 1899.
די ארבייט איז אין פּרינציפּ שוין פארטיג געווען אין דעם יאהר 1894. און שוין יעמאָלט האָבען מיר, ביי דער פאָרמולירונג פון דעם רעליגיעזען תוך, קלאָר געהאַט פאר די אויגען דעם געדאנק, אַז די „אמת'ע" רע־ליגיע קאָן, לויט איהר אינוועניגסטען תוך נאָך, ניט זיין קיין מאַסען־ערשיינונג, נאר א ריין־אינדיווידועלע. מיר האָבען דעם געדאנק ערשט שפּעטער ארויסגעזאגט אין דעם ארטיקעל „נאציע און רעליגיע", וואו עס איז צום ערשטען מאָל געמאַכט געוואָרען דער אונטערשייד צווישען „אַל־געמיינע" און „אינדיווידועלע" קולטור־צווייגען.

ביוכנער אָדער שאָפּענהויער; קאָן דער פאַנטעאיסט מיט ספּינאָ־זא'ס „עטהיק" אין דער האַנד זיך אין גערדאַנקען צונויפגיעסען מיט דער אונענדליכער וועלט־סובסטאַנץ; די דאָזיגע נאַציאָנאַל־פּאָע־טישע סוכה איז געבויט פאַר אַלע די, וואָס ווילען פיהרען אַ נאַ־ציאָנאַל־פּאָעטישען אידישען לעבען און אין פּאַסענדע נאַציאָנאַל־פּאָעטישע פאָרמען — אויסדריקען זייער סאָלידאַריטעט מיט דעם געשיכטליכען גורל, דער פערגאַנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט פון דעם אידישען פאָלק.

אַ צווייטער פעהלער פון דעם רעפאָרם־יודענטהום איז בעשטאַ־נען אין דעם, וואָס ער האָט ניט בלויז מיט דער קריטישער שער בעזייטיגט אַ סך פערדאָרטע צווייגען פון דער אידישער רעליגיע, — אין דעם פּונקט איז ער געווען גערעכט, — נאָר ער האָט אויך מיט דעם גראָב־אייזען אויסגעוואָרצעלט אַזוינס, וואָס אָן איהם הענגט דער גאַנצער חיות פון דעם אידישען פאָלק, די נשמה פון זיין נשמה: דעם גלויבען אין דער קינפטיגער נאַציאָנאַלער וויע־דערבעלעבונג. אונטער דער ווירקונג פון דער קריסטליכער וועלט־רעליגיאָן, האָט זיך די רעפאָרם געיאָגט נאָך דעם אַבסטראַקט־מענשליכען אין דעם רעליגיעזען דענקען און האָט אָפּטמאָל ניט אַכטונג געגעבען אפילו אויף יענע סאָציאַלע עלעמענטען, וואָס זענען אַזוי רייך פערטראָטען אין דער אידישער רעליגיע. אין דעם יאָגען זיך נאָך דעם אבסטראַקט־מענשליכען און אין דעם נעגלי־זשירען פון דעם סאָציאַלען עלעמענט האָט זיך אָבגעשפּיגעלט דער אויפגעקלעהרטער אייראָפּעאישער בורזשואַ, דער ניכטערער קרע־מער, וואָס פאַר איהם זיינען אַלע מענשען גלייך פאַר'ן געזעץ און פאַר דעם צאָהלונגס־טערמין, און אין וועמעס אויגען עס איז דער גאַנצער ישעיה געווען אַ שטיק אונפּראַקטישע ראָמאַנטיק, וואָס האַרמאָניערט אַזוי שלעכט מיט דער פּראַקטישער קרעמער־וועלט.

אָבער — וועט מען ביי אונז פרעגען — אויב איהר לאָזט צו יעדע רעליגיע צו דעם נאַציאָנאַל־פּאָעטישען יודענטהום, הייסט עס דאָך, אַז איהר וואַרפט אַרויס יעדע רעליגיע פון איהם. וואָס־זשע וועט אין איהם בלייבען? אַלטע היסטאָרישע עראינערונ־גען? פערשענערטע צערעמאָניעס און מנהגים? אָבער דאָס איז דאָך נאָר דער גוף פון אַ געמיינשאַפטליכען לעבען. וואָס זאָל זיין די איינהייטליכע נשמה, וואָס זאָל בעלעבען דעם דאָזיגען גוף?

די נשמה דאַרף זיין — די געמיינזאַמע האָפענונג אויף דער נאַציאָנאַלער ווידערבעלעבונג פון דעם אידישען פאָלק און דער געמיינזאַמער גלויבען אין דער „משיח־צייט“, ווען עס וועט מקוים ווערען דער גראַנדיעזער אידעאַל פון אונזערע נביאים, — און אַלע מענשען וועלען לעבען ווי ברידער צווישען זיך אין איין פאָלק, און אַלע פעלקער וועלען לעבען ווי ברידער צווישען זיך אין איין מענשהייט.

אַט אין דעם גלויבען און אין דער אַרבייט, צו דערנעהענטערן פאַר דער גאַנצער מענשהייט די משיח־צייט, דאַרף ליעגען די נשמה פון דעם נאַציאָנאַל־פּאָעטישען יודענטהום.

